יעקב קירשענבוים

# אַמעריקע — דאָס לאַנד פון וווּנדער

רעפּאָרטאַזשן

פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1939




דזשאָרדוש וואַשינגטאָן

America has furnished to the world the character of Washington, and if our American institutions had done nothing else, that alone would have entitled them to the respect of mankind.

I

# דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, דער פאָטער פון דער אַמעריקאַנער רעפּובליק

יעדעס יאָר פייערט דאָס אַמעריקאַנער פאָלק דעם געבורטס־טאָג פון דזשאָרדזש וואשינגטאָן, דעם פאָטער פון דער אמעריקא־נער רעפּובליק. יעדעס יאָר ווערן געדרוקט ארטיקלען וועגן וואַ־שינגטאָן, דעם קעמפער, וואָס האָט געקאָנט ווערן דער קעניג פון אמעריקע און איז ליבערשט געוואָרן דער ערשטער פרעזידענט פון דער רומרייכער רעפּובליק, וואָס מיר רופן אָן די „פאַרייניקטע שטאַטן".

אויף וואָל־סטריט, קעגנאיבער דער בירזשע, שטייט די ער־שטע גרויסע סטאַטוע פונם גרינדער פון דער רעפּובליק. דאָרט, אויף די טרעפּ פון דער אַלטער, היסטאָרישער געביידע, האָט וואשינג־טאָן אָפּגעגעבן די שבועה, אַלס ערשטער פּרעזידענט, און נאָך איצט קומען מיליאָנען מענטשן אָנקוקן די שטיינער, וועלכע עס האָט געטראָטן דער ערשטער אמעריקאַנער פרייהייטס־קעמפער, אמעריקעס באַפרייער פון ענגלישן יאָך.

אין פילאַדעלפיע, די שטאָט פון ברידער־ליבע, געפינט זיך דער טיש און די בענקלעך, אויף וועלכע דער פאָטער פון אונזער רעפּובליק איז געזעסן. דער טיש, אויף וועלכן ער און זיינע מיט־קעמפער האָבן אונטערגעשריבן די פרייהייטס־דעקלאַראַציע.

יעדן טאָג אין יאָר קומען מענטשן אין די פאַרשידענע מו־

זייען, אָנקוקן די קליידער, דאָס מעבל און די פּאָנען, וועלכע וואַ־שינגטאָן האָט באַנוצט.

וועגן דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, דעם „פּאָטער פון זיין פּאָטער־לאַנד", ווי מען רופט אים אין די שול־ביכער, צירקולירן פיל לע־גענדעס. מען שרייבט אים צו אַזעלכע איבערמענטשלעכע מעלות, וואָס נאָר קינדער קענען גלויבן אין זיי, און דאָס איז אַ שאָד, ווייל עס שטערט פיל דערוואַקסענע אָפּצושאַצן ווי געהעריק די פּערזענלעכקייט פון דעם גרויסן מענטשן, וועמענס געבורטס־טאָג עס ווערט יעדעס יאָר געפייערט אַלס נאַציאָנאַלער יום־טוב פון אַלע אַמעריקאַנער.

וואַשינגטאָן איז נישט געווען קיין איבערמענטש, אָבער ער איז געווען גענוג גרויס אויף צו שפּילן ווירדיק די היסטאָרישע ראָלע פון דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פון די אַמעריקאַנער, וואָס האָבן רעבעלירט קעגן ענגלאַנדס אויבערהערשאַפט, און וואָס האָט מיט גרויס איבערגעגעבנקייט און אידעאַליזם געדינט צוויי טערמינען אַלס ערשטער פּרעזידענט פון דער ניי־געגרינדעטער רעפּובליק פון צפון־אַמעריקע.

נאָך די גרויסע דערפּאָלגן פון זיין אויפשטאַנד־אַרמיי אין 1781, ווען עס איז קלאָר געוואָרן, אַז וואַשינגטאָן וועט גאָר אינ־גיכן פאַרטרייבן די ענגלענדער פון אַמעריקע, האָט ער געקאָנט ווערן געקרוינט אַלס קעניג פון אַמעריקע. די סאָלדאַטן און אָפּי־צירן פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי זענען געווען אַזוי באַגייסטערט פון זייער הויפּט־קאָמאַנדיר, אַז זיי האָבן געמאַכט פיל פּרוּוון צו באַוועגן אים צו גרינדן דאָ אַ מאָנאַרכיע, און ער זאָל ווערן דער ערשטער קעניג. וואַשינגטאָן האָט נישט נאָר נישט מסכּים געווען אויף זייערע פּלענער, נאָר ער האָט אָנגעווענדט זיין גאַנצן אויטאָ־ריטעט אַ סוף צו מאַכן צו די מאָנאַרכיסטישע טענדענצן אין דער אַרמיי.

אָט די דאָזיקע האַנדלונג פון וואַשינגטאָנען ווייזט, אַז אויב ער איז נישט געווען אַזאַ מלוכה־מאַן ווי דזשעפּערסאָן, אַ דענקער ווי פּרענקלין, אַ דיפּלאָמאַט ווי אַדאַמס און אַן אידעאַליסט ווי טאָמאַס פּעין, איז ער אָבער געווען גענוג ערלעך, צו דינען מיט

ליבּ און לעבּן דער רעוואָלוציע, און איז געווען טריי די שענסטע שטרעבונגען פון די פּראָגרעשריטנסטע מענטשן פון זיין צייט. אין דער צייט, וואָס ער האָט גאָר גרינג געקאָנט ווערן אַ קעניג און אַ גרינדער פון אַ נייער דינאַסטיע, האָט ער ליבּערשט אויפגע־לייזט זיין אַרמיי, גלייך ווי די ענגלענדער האָבּן פאַרלאָזן ניו־יאָרק. ער האָט זיך גאָר אינגיכן צוריקגעצויגן אין פּריוואַט־לעבּן. אַמע־ריקע האָט אים אָבּער באַלד באַלוינט מיט פולשטענדיקן צוטרוי, אויסוויילנדיק אים איינשטימיק אַלס ערשטן פּרעזידענט פון דער רעפּובּליק.

וואַשינגטאָנס בּיאָגראַפּיע ווייזט, אַז אפילו אָן לעגענדאַרע באַפּוצונגען האָט ער אויך כשר פאַרדינט די שבחים, וואָס מען זאָגט אים נאָך, אַז ער איז געווען „דער ערשטער אין קריג, דער ערשטער אין פרידן און דער ערשטער אין די הערצער פון זיינע לאַנדסלייט". זיינע אַלע יאָרן האָט ער געלעבּט, ווי אַ מוסטערהאַפּ־טער בּירגער, וואָס איז שטענדיק גרייט צו דינען זיין פאָלק. אַ מענטש מיט אַזעלכע אייגנשאַפטן, אָן דער מינדסטער שטרעבונג צו אייגננוציקייט, פאַרדינט די ליבּע פון זיינע מיטמענטשן און פון אַלע, וואָס קומען מיט אים אין באַרירונג.

דזשאָרדזש וואַשינגטאָן איז געבּוירן געוואָרן דעם 22־טן פעבּרואַר 1732, אין וועסט מורלאַנד־קאָונטי, ווירדזשיניאַ, נישט ווייט פון טייך באָטאָמאַק. ער איז געווען דער ערשטער זון, וואָס זיין פאָטער, אויגוסטין וואַשינגטאָן, האָט געהאַט מיט זיין צווייטער פרוי, וועמענס מיידלשער נאָמען איז געווען: מערי באָל. זיין פאָטער און זיידע זענען שוין געווען אין אַמעריקע. זיין עלטער־זיידע, דזשאָן וואַשינגטאָן, האָט איינגעוואַנדערט קיין אַמעריקע אין יאָר 1657.

די וואַשינגטאָן־פאַמיליע איז געווען זייער רייך, זיי האָבּן גע־האַט פיל לאַנד און פּלאַנטאַציעס. דער יונגער וואַשינגטאָן האָט פון זיינע פריסטע יאָרן געלעבּט ווי אַ פּריץ. זיין דערציאונג איז אָבּער נישט געווען קיין געהויבּענע, ווייל אויפן לאַנד זענען נישט געווען קיין מעגלעכקייטן צו לערנען אין אַ שול. דאָך, צו דרייצן יאָר, דערציילט מען, האָט ער געקענט גוט שרייבּן, און ער האָט

פאַר זיך שוין דאַן פאַרפאַסט אַ ריי כּללים, ווי זיך אויפצופירן אין לעבן.

פיזיש האָט זיך וואַשינגטאָן זייער גוט אַנטוויקלט. אַלס יונג יינגל איז ער געווען פאַררעכנט צווישן די בעסטע רייטער און יעגער פון דער געגנט, מיט אַ נייגונג צו מיליטערישער אַמביציע. ער איז נישט געווען הויך־געבילדעט, אָבער ער איז געווען ערנסט און מיושבדיק פאַר זיין עלטער. אין די יאָרן פון פערצן ביז זעכצן האָט ער געלערנט אינזשיניעריע, פעלד־אויסמעסטונג און מאַטעמאַטיק. שפּעטער איז אים זיין לערע צונויץ געקומען. פון זיינע פאַרדינסטן האָט ער זיך דערוואָרבן גיטער, נאָך איידער ער איז אַלט געוואָרן איין און צוואַנציק יאָר. און דער פאַקט, וואָס ער איז אַזוי יונג געוואָרן אַ זעלבשטענדיקער, דערפאָלגרייכער מענטש, האָט פאַר אים געוווּנען דעם דרך־ארץ פון זיינע לאַנדסלייט, פון דער ווירדזשיניע־קאָלאָניע. מיט זיינע מיינונגען האָבן זיך שטאַרק גערעכנט די אָנגעזעענסטע מענטשן.

וואַשינגטאָנס מיליטערישע קאַריערע האָט זיך אָנגעהויבן, ווען ער איז אַלט געווען ניינצן יאָר. דאָס איז געווען אין 1751, ווען די גרענעץ־געגנטן פון די ענגלישע קאָלאָניעס זענען געווען אין שטענדיקער געפאַר באַפאַלן צו ווערן פון אינדיאַנער און פראַנצויזן. די רעגירונג פון ווירדזשיניע האָט דאַן אָרגאַניזירט אַ מיליטערישע שוץ אונטער דער קאָמאַנדע פון אייניקע פעיִקע מענטשן, און דזשאָרדזש וואַשינגטאָן איז געווען איינער פון זיי. אין 1753 האָט ער דורכגעפירט אַליין אַ וויכטיקע מיליטערישע מיסיע, פאַר וועלכער מ'האָט אים באַוווּנדערט. אַ יאָר שפּעטער איז ער געשטיגן אין ראַנג, אָבער ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון מיליטער־דינסט אין 1754, נאָך אַ זיג איבער די פראַנצויזן. שפּעטער האָט ער ווידער אין משך פון אייניקע יאָר פאַרנומען אַ וויכטיקן מיליטערישן אַמט, און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע פעיִקייטן אַלס סאָלדאַט און דיפּלאָמאַט ביי פאַרהאַנדלונגען מיט אַ שונא.

ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די שטרייטיקייטן צווישן די קאָלאָניעס און דער ענגלישער רעגירונג, איז וואַשינגטאָן געווען

צווישן די מעסיקסטע. ער האָט געהאָפט, אַז אַלע סיכסוכים וועלן זיך ענדיקן פרידלעך. ער איז אָבער שטענדיק געשטאַנען אויף דער זייט פון די קאָלאָניעס, און ווען עס האָט געהאַלטן ערב דעם ברוך מיט דער ענגלישער קרוין, האָט ער אָנגענומען די באַשטימונג אַלס הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער קאָלאָניאַלער אַרמיי, אָן אַ געהאַלט, מיט דעם באַדינג, מען זאָל אים דעקן זיינע הוצאות נאָך דער מלחמה.

אין קאַמף, וואָס וואַשינגטאָן האָט אָנגעהויבן מיט זיין קליי־נער, שלעכט־אָרגאַניזירטער אַרמיי פון 16.000 מאַן, האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אַלס איינער פון די גלענצנדסטע מיליטערישע פירער פון זיין צייט. פון ווינטער 6—1775, ווען ער האָט באַלאַגערט די ענגלענדער אין באָסטאָן, ביזן 25־טן נאָוועמבער 1783, ווען די לעצטע אָפּטיילונג פון דער ענגלישער קרוין־אַרמיי האָט פאַר־לאָזן ניו־יאָרק, איז אים אויסגעקומען אויסצושטיין אַ סך נסיונות. במעט אָן מיטלען האָט ער געפירט די שווערע מלחמה קעגן אַ רייכער אימפּעריע, אָבער עס איז אים געלונגען צו באַזייטיקן אַלע שוועריקייטן און בייצוקומען דעם מעכטיקן שונא.

די באַפרייטע קאָלאָניעס האָבן אים צוגעטיילט דעם כבוד צו זיין דער פאָרזיצער פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אין 1787, וואָס האָט פאַרפאַסט די קאָנסטיטוציע, און מיט צוויי יאָר שפּע־טער, דעם 30־טן אַפּריל 1789, איז ער איינשטימיק אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון דער אָקאָרשט־געגרינדעטער רעפּובליק פון דער נייער וועלט.

אין די אַכט יאָר פון זיינע ביידע טערמינען אַלס פּרעזידענט, איז ער געשטאַנען איבער די פּאַרטייען. ער האָט אָנגעווענדט אַלע זיינע גרויסע פעיִקייטן צו האַלטן צוזאַמען די ראַדיקאַלע נאָכ־פאָלגער פון טאָמאַס דזשעפערסאָן מיט די רעאַקציאָנערן פון אַלעק־סאַנדער האַמילטאָנס חדר, און דאָס איז אים געלונגען. זיין מיניס־טעריום איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון די פעיִקסטע מענטשן פון אַלע ריכטונגען, און אונטער זיין אָנפירונג האָבן די גרעסטע שונאים געאַרבעט האַרמאָניש פאַרן וווּיל פון אַמעריקע. זיין טאַקט אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט געראַטע־

וועט די רעפּובליק בעת איר ערשטן און שווערסטן קריזיס. ער האָט נישט דערלאָזט, אַז אַמעריקע זאָל זיך מישן אין אייראָפּעיִשע מלחמות, און זיינע נאָכפאָלגער ביזן וועלט־קריג זענען געגאַנגען אין זיינע פוס־טריט.

וואַשינגטאָנס קאַריערע איז נישט אומזיסט באַוווּנדערט גע־וואָרן פון זיינע מיטצייטלער און פאַרערט געוואָרן פון די שפּע־טערדיקע אַמעריקאַנער דורות. אָבער די ליבע אין די הערצער פון זיינע מיטמענטשן האָט ער איינגעפלאַנצט מיט זיין באַשיידנ־קייט און מיט זיין שטרעבונג צו באַפעסטיקן אין אַמעריקע אַ פרייע רעפּובליק. נישט נאָר ער האָט זיך אַנטזאָגט צו ווערן קעניג, נאָר ער האָט דער ערשטער איינגעפירט דעם מנהג, אַז קיין שום פּרע־זידענט זאָל נישט אַמטירן מער פון צוויי טערמינען, כּדי אויסצו־לעשן אויף שטענדיק יעדע מעגלעכקייט פאַר אַ מאָנאַרכיע אין צפון־אַמעריקע.

וואַשינגטאָן, דער פאָטער פון דער רעפּובליק, ווערט פון יאָר צו יאָר אַלץ אַ גרעסערע לעגענדע. וואָס מער אַלטע לענדער ווערן דיקטאַטאָריש, אַלץ מער דערנענטערט זיך דאָס אַמעריקאַנער פאָלק צו דער „לעגענדע" דזשאָרדזש וואַשינגטאָן.

לייענט מען די געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע, איז פּונקט ווי מען וואָלט געלייענט אַ שפּאַנענדן ראָמאַן. עס אַנט־וויקלען זיך פאַר אייך אומגלויבלעכע געשעענישן אַרום דער מערק־ווירדיקער פּערזענלעכקייט דזשאָרדזש וואַשינגטאָן און די מענטשן, וואָס האָבן אים געהאָלפן בויען די רעפּובליק.

אין וואַשינגטאָנס אַרמיי האָבן געקעמפט פּאָליאַקן, פראַנ־צויזן, דייטשן, אונגאַרן און יידן. אַ סך פון זיי האָבן אַפילו נישט געקענט רעדן קיין ענגליש, זיי האָט אָבער געצויגן צו די פריי־הייטס־אידעאַלן.

עס איז אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען, אַז פון פּוילן, גראָד פון פּוילן, זענען געקומען גראַף קאַזימיר פּולאַסקי און טאַדעוּש קאָשציושקאָ צו העלפן וואַשינגטאָנען צו גרינדן אַ פרייע רעפּובליק פאַר די אונטערדריקטע פון אַנדערע לענדער. פון פראַנקרייך איז געקומען לאַפאַיעט, פּונקט ווי פון אונגאַרן קאָשוט, אָבער עס האָבן

אויך נישט געפעלט אונזערע יידן, וועלכע האָבן זיך מקריב געווען צו בויען די פרייע רעפובליק יונייטעד סטייטס אָוו אַמעריקאַ.

ווען מיר יידן קוקן דורך די געשיכטע פון וואשינגטאָן, דער־מאָנען מיר זיך גלייך אין די בריוו, וועלכע וואשינגטאָן האָט גע־שיקט צו יידישע געמיינדעס. אין די דאָזיקע בריוו האָט דער גרינ־דער פון אונזער רעפובליק פעסטגעשטעלט דעם פרינציפּ פון טאָ־לעראַנץ און רעליגיעזע פרייהייט פאַר אַלעמען. דער גייסט פון די דאָזיקע בריוו איז כמעט ווי אַ באַשטאַנדטייל פון דער קאָנסטי־טוציע פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

## II

# עליס־איילענד — דאָס טרערן־אינזל

די מיליאָנען יידן, וואָס לעבן איצט אינם פרייען אַמעריקע, האָבן געמוזט דורכגיין דעם „טויער" פון אַמעריקע, וואָס איז באַקאַנט אַלס „עליס־איילענד", אָדער ווי מיר יידן רופן עס, „דאָס טרערן־אינזל". אַמאָל, אין יענע יאָרן, ווען אַמעריקע האָט נישט געהאַט קיין קוואָטאָ־געזעץ, איז „עליס־איילענד" געוועזן דער ציל, דער טרוים פון אַלע פאַרפאָלגטע און אונטערדריקטע פעלקער.

עליס־איילענד איז אַ קליין אינזל, וואָס ליגט ביי דער זייט פון ניו־יאָרקער האַפן, ביי די פיס פון דער פרייהייטס־געטין. די שיפן, וואָס קומען אַריין אין ניו־יאָרק, מוזן פאַרבייפאָרן דעם דאָזיקן אינזל, ווו עס געפינען זיך רויטע רעגירונגס־געביידעס, וועלכע דינען פאַר אַדמיניסטראַטיווע צוועקן. זינט 1923 איז דאָס אינזל בלויז אַ שאָטן פונם אַמאָליקן עליס־איילענד, ווו עס האָט געשוויבלט און געגריבלט מיט יידישע און נישט־יידישע אייננוואַנדערער. אין 1923 האָט אַמעריקע פאַרשלאָסן די טויערן פאַר איינוואַנדערונג.

אין דער פאַנטאַזיע פון אַ דורכשניטלעכן אייראָפּעער מוז אויסזען די היינטיקע אַמעריקע, ווי אַ מין ריזיקע פעסטונג, וואָס איז פון אַלע זייטן פאַרשלאָסן מיט אייזערנע שלעסער און פאַר יעדן שלאָס שטייט אַן אימיגראַציע־באַאַמטער מיט אַ געלאָדענער ביקס, גרייט צו שיסן יעדן איינעם, וואָס זעט נישט אויס ווי

אַ הונדערט־פּראָצענטיקער אַנגלאָזאַקס. עליס־איילענד מוז אים פאָר־קומען, ווי אַ מאַסן־גרוב, וווּ עס ליגן איינגעשפּאַרט טויזנטער לעבעדיק־באַגראָבענע מענטשן און הונדערטער מלאכי־חבלה שטייען איבער זיי און שלאָגן אַזוי, אַז זיי האָבן דעם אמתן חיבוט־הקבר. און די פרעמדע, וואָס געפינען זיך שוין אינעווייניק אין דער פעסטונג, מוזן די אייראָפּעער פּאָרקומען, ווי אַ סטאַדע הילפ־לאָזע שאָף, אויף וועלכע אַ גאַנצע מחנה וועלף האָבן זיך אָנגע־זעצט און ווילן זיי נישט אַנדערש ווי נאָר פאַרצוקן.

דאָס בילד איז שטאַרק איבערגעטריבן. די זאַך איז נישט אַזוי געפערלעך, ווי זי זעט אויס פונדערווייטנס. אָבער די ליידן פון די היינטיקע אימיגראַנטן שטייען אין אַזאַ שרעקלעכן קאָנ־טראַסט צו די פריידן און האָפענונגען פון די אַמאָליקע אימיגראַנטן, די באַהאַנדלונג אויף עליס־איילענד איז היינט אַזוי פיל אַנדערש געוואָרן ווי זי איז געווען אַמאָל, אַז אין דער פאָרשטעלונג פון דעם נאַיוון מזרח־אייראָפּעיִשן מענטש מוז זיך אויסמאָלן אַ בילד פון אַ גן־עדן, וואָס איז פּלוצלונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גיהנום, פון אַ לאַנד פון פרייהייט און גלייכהייט פאַר אַלע, האָט עס זיך אין אַ קורצער צייט איבערגעאַנדערשט אויף אַ לאַנד פון גזרות און רדיפות און ראַסן־קאַמפן און גייסטיקע פּאָגראָמען אויף איינ־געוואַנדערטע.

דאָס יאָר 1923 איז דעריבער געבליבן פאַרצייכנט אין זכרון פון אַלע פרייהייטס־ליבנדיקע מענטשן. מיר באַטראַכטן דאָס „טרערן־אינזל" און מיר דערמאָנען זיך אָן יענער צייט, ווען אַמע־ריקע איז געווען דער ציל, די האָפנונג פון אַלע, וואָס האָבן ליב פרייהייט, יושר און אַ מעגלעכקייט צו לעבן.

איצט פוסטעוועט דאָס אינזל! מיר גייען בלויז אָנקוקן דאָס „אינזל", ווי מיר גייען אין אַ „מוזיי", ווי מיר גייען באַטראַכטן אַ היסטאָרישע סטאַטוע. שטיל איז איצט דאָס „אינזל", איר הערט נישט קיין זיפצן און קיין קרעכצן פון געפּלאָגטע און פאַרפאָלגטע אימיגראַנטן. זיי וויינען און זיפצן איצט ביי זיך אין דער אַלטער וועלט, וווּ יעדער פונק פון האָפנונג און טרייסט ווערט אויסגע־לאָשן.

שטיל איז אויף עלים־איילענד. נישטאָ קיין טומל. איר זעט איינציקע רויט־האַלזיקע געזונטע פּויערים, דאָס זענען די געוווינטש־טע אימיגראַנטן, דער „העכערער טיפּ" אימיגראַנט. זיי, די דאָזיקע „געוווּנטשטע" אימיגראַנטן, פלעגן פריער אויך קומען, נאָר מען האָט מיט זיי נישט געמאַכט אַזאַ יום־טוב, מען האָט זיי באַטראַכט ווי אימיגראַנטן גלייך מיט אַלע אַנדערע. איצט זענען אַנדערע צייטן!

די באַאַמטע פון עלים־איילענד, די אימיגראַציע־דאָקטוירים און אַלע „נאַטשאַלניקעס", וואָס זענען דורכגעדרונגען מיטן אַנטי־אימיגראַציע־גײַסט, זענען צופרידן מיט דער שטילקייט, אָבער מיר בענקט זיך אַפילו נאָך די זיפצן און קרעכצן פון די אוקראַינער יידן, מיר בענקט זיך נאָך דעם כאַאָטישן טומל אויפן אינזל פון די יאָרן 1923 און 1922. אַך, בענק איך נאָך זיי! עס בענקט זיך נאָך די יידן, וואָס פלעגן ברענגען טעגלעכע גרוסן פון פּוילן, פון בעסאַראַביע, רומעניע און גאַליציע. איך בענק נאָך די גרוסן, איך בענק נאָך דעם טומל. איך בין אַן אויסגעשפּראָכענער שונא פון שטילקייט.

און איצט איז שטיל אויף עלים־איילענד. אַמאָל האָבן די אימיגראַציע־באַאַמטע געערדט פון פאַרגרעסערן און פון מאַכן באַ־קוועמער פאַר די אימיגראַנטן, איצט רעדט מען פון אָפּשאַפן דאָס אינזל, איצט זיצן די באַאַמטע ביי זייערע שרייב־טישן און רויכערן זייערע פּיפּקעס, לאָזן לייכטזיניק דעם רויך אין דער לופטן, זיי זעען אויס ווי געגעראַלן נאָך אַ מלחמה... זיי זענען צופרידן...

זיי זענען פול מיט שמחה פונקט ווי זיי וואָלטן דערגרייכט עפּעס אַ גרויסן זיג איבער די אויסלענדער, וואָס גאַרן צו קומען נאָך אַמעריקע.

דאָרט אין עלים־איילענד איז שטיל, ווייל עס קומען פּשוט נישט קיין אימיגראַנטן. נאָר איין קלאַס אָנגעשטעלטע באַדויערן דעם איצטיקן צושטאַנד, דאָס זענען די „האַיאַס"־אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן בלויז איינצלנע אימיגראַנטן. זיי זענען פונקט ווי מיר באַזאָרגט איבער דער שטילקייט אין עלים־איילענד.

בענקען מיר אַלע נאָך דעם אַמאָליקן טרערן־אינזל! — בּי־

טער און פינסטער איז אונזערע יידן אין דער אַלטער „היים", זייער שענסטער חלום, אַמעריקע, איז שוין אויך פאַרשוווּנדן! די טויערן פון דעם פרייען לאַנד זענען פאַרמאַכט, פאַרשפּאַרט מיט אייזערנע ריגלען. זיי, די יידן אין דער אַלטער וועלט, ווייסן, וואָס עס הייסט האָבן אַ זיכערע היים, צו שלאָפן רויִק ביינאַכט און נישט מורא האָבן בייטאָג. יידן פאַרשטייען ווי אָפּצושאַצן דאָס ביסעלע פריי־הייט און זיכערקייט, וואָס זיי האָבן באַקומען דאָ אין אַמעריקע.

נישט ווילנדיק דערמאָנט איר זיך, ווען איר אַליין זענט גע־ווען אַן עמיגראַנט, ווען איר האָט געמוזט אָפּוואַרטן ביז אייער גורל וועט באַשטימט ווערן, און אייער האַרץ און נשמה צעגיסט זיך אין ליבע און אין רחמנות צו די יידישע נע־ונדניקעס, די פּאָגראָם־ און מלחמה־קרבנות. איר ווילט זיי וואָס שנעלער אַרונ־טערנעמען פון עלים־איילענד און זיי ווייזן דאָס פרייע אַמעריקע מיט גרויסע מעגלעכקייטן פאַר יעדן מענטש מיט פעיִקייטן.

פּלוצלונג איז געקומען די אַנטי־אימיגראַציע־כוואַליע און אָפּגעשטעלט די איינוואַנדערונגען. אויס האָפנונגען פאַר די מיליאָ־נען יידן, וואָס האָבן געחלומט פון אַ גאָלדענער צוקונפט אינם פרייען לאַנד. יידן גלויבן בכלל אין „משנה מקום — משנה מזל". זיי האָבן געהאָפט, אָבער די שונאים פון פרייער איינוואַנדערונג האָבן זייערע טרוימען צעשטערט. די יידישע געשיכטע איז אַ קייט פון אייביקע וואַנדערונגען. יידן זענען געוווינט צום גלות און עלים־איילענד איז געווען די לעצטע סטאַציע, דאָס לעצטע האַרטע אייזערנע בעט, די לעצטע שטרענגע גענזעצן, וואָס זיי האָבן באַ־דאַרפט דורכמאַכן.

אין יענע צייטן, ווען אימיגראַנטן האָבן נאָך געקאָנט קומען, איז די „האיאַס"־ביוראָ אויף עלים־איילענד געווען דאָס ליכטיק־סטע ווינקל פון „טרערן־אינזל", איצט איז די ביוראָ אַ טייל פון דער „מאַשין", וואָס זשאַווערט, וואָס רירט זיך נישט פון אָרט. עס איז שטיל אויף עלים־איילענד, וואָס איז איצט נישט מער ווי אַ היסטאָ־רישער פּלאַץ, וואָס דערמאָנט אייך, אַז דורך דעם אינזל זענען מיל־יאָנען יידן אַריינגעקומען אין לאַנד, וווּ זיי לעבן און ווירקן צו־זאַמען מיט אַלע אַנדערע 120 מיליאָן איינוווינער.

איך האָב קיינמאָל פריער נישט באַגריפן אזוי קלאָר די פולע באַדייטונג פון „שערי דמעות לא ננעלו" (די טויערן פון טרערן זענען נישט פאַרשלאָסן), ביז איך האָב לעצטנס ווידער באַזוכט עלים־אײַלענד, דעם „קאָרידאָר" צו אַמעריקע, דאָס „טרערן־אינזל" פון די צייטן פון מאַסן־אימיגראַציע. ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן האָב איך אין יענע צייטן באַזוכט דאָס דאָזיקע אינזל, און די טראַ־געדיעס פון די פאַרהאַלטענע אימיגראַנטן, די ענגשאַפט און די אָפּגעלאָזנקייט פון דעם פּלאַץ האָבן אין מיר אַרויסגערופן אַ גע־דריקטע שטימונג. היינט איז עלים־אײַלענד באַקוועמער און אויפ־געראַמטער, שטומע עדות אויף דער גרעסטער טראַגעדיע... די קוואָטאַ־גזירות האָבן געמאַכט די פרייע אַמעריקע פאַר אויס מקום־מקלט פאַר קרבנות פון פאַרפאָלגונג און אויסגעלאָשן די האָפענונג פון טויזנטער און טויזנטער ליידנדיקע יידן אין די איי־ראָפּעיִשע לענדער. עס איז געווען שלעכט, ווען דער „טויער פון טרערן" איז געווען אָפן, אָבער עס איז נאָך ערגער איצט, ווען ער איז „טיילווייז" פאַרמאַכט.

אַמאָל פלעגן אַלע אימיגראַנטן געבראַכט ווערן אויף עלים־אײַלענד. היינט, ווען די אימיגראַציע איז באַגרענעצט, ווערן ס'רוב איינוואַנדערער עקזאַמינירט אויף די שיפן, וואָס ברענגען זיי, און בלויז די יעניקע, אויף וועלכע די אינספעקטאָרן געפינען אַ פּגימה, ווערן געבראַכט אויפן אינזל. דערפאַר ווערן דאָ פאַרגאָסן ווייני־קער טרערן, אָבער דערפאַר איז דאָ אויך פאַראַן ווייניקער פרייד, ווייניקער האָפענונג. אַ היפּשע צאָל, פיליכט דער גרעסטער טייל פון די פאַרהאַלטענע אויפן אינזל, זענען גאָרנישט קיין ניי־אָנגע־קומענע. זיי זענען פערזאָנען, וועלכע זענען צוליב פאַרשידענע סיבות פאַראורטיילט געוואָרן צו דעפּאָרטאַציע. זיי ווערן דאָ גע־האַלטן ביז די נויטיקע פּאַפּירן ווערן דאָ צוגעגרייט און זייערע שיפן פאָרן אָפּ.

פאַרשטייט זיך, אַז מיין ערשטער באַזוך קומענדיק אויף עלים־אײַלענד איז געווען אין דעם „האיאַס"־ביוראָ. וויליאַם ניובאַו, דער „האיאַס"־פאָרשטייער אויפן אינזל, האָט מיר באַגריסט מיט זיין געוויינלעכן ליבלעכן שמייכל — אַ שמייכל, וואָס געווינט די הער־



עליס־אײלענד — דאָס טרערן־אינזל

צער פון די אומגליקלעכע פאַרהאַלטענע יידישע וואַנדערער, וועמען ער ברענגט טרייסט און דערמוטיקונג, פּונקט ווי די הערצער פון די באַאַמטע, צו וועלכע הער ניובאַו מוז זיך אָפּט ווענדן אויסצו־פּוילן הנחות, איינזעעניִשן און באַרעכטיקטע פּריווילעגיעס. הער ניובאַו האָט אָפּט געמוזט איבעררייסן זיין געשפּרעך מיט מיר, ווייל דער טעלעפאָן האָט געקלונגען אָדער ווייל קרובים פון פאַרהאַל־טענע יידישע אימיגראַנטן זענען פּערזענלעך געקומען נאָך אינ־פאָרמאַציעס און עצות.

אויף מיין פראַגע, ווי קומט עס, וואָס ער איז אַזוי פאַרנומען כאָטש די צאָל פון די פאַרהאַלטענע יידן איז ווייט נישט אַזוי גרויס ווי אַמאָל, האָט הער ניובאַו געענטפערט:

„ווען טויזנטער אימיגראַנטן פלעגן מיטאַמאָל געבראַכט ווערן אַהער, האָבן די צייט און די אומשטענדן נישט דערלויבט, אַז מען זאָל צו שטאַרק מדקדק זיין. עס זענען דאַן נישט געווען קיין פּאַספּאָרטן און וויזעס און אַנדערע דאָקומענטן, וואָס מען האָט געקאָנט צווייפלען, מיט רעכט אָדער אומרעכט, צי זיי זענען כשר אָדער נישט. די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד איז געווען אַ בעסערע און מען איז דעריבער אויך נישט געווען אַזוי שטרענג ביים פעסט־שטעלן, צי אימיצער פון די ניי־אָנגעקומענע וועט פאַלן צו לאַסט אָדער נישט; היינט ווערן אימיגראַנטן „געזיפּט" און „איבערגע־זיפּט". דאָס „זיפּן" קומט פאָר אין אייראָפּע ביי די אַמעריקאַנער קאָנסולאַטן. איר ווייסט וויפל שבעה מדורי־גיהנם אַן עמיגראַנט דאַרף דורכמאַכן ביז ער קריגט זיין וויזע, נאָכדעם ווי „האַיאַס" אין אַמעריקע און די „האַיאַס־יק"אַ־ביוראָען" אין די אייראָפּעיִשע לענדער העלפן צוגרייטן אַלע נויטיקע פּאַפּירן. און קומענדיק אַהער ווערט אַלץ אויף דאָס ניי נאָכגעזען און איבערגעקוקט. דער קאָ־מישאָנער און די באַאַמטע האַנדלען אַזוי מענטשלעך און יושר־דיק ווי דאָס געזעץ דערלויבט זיי, אָבער דאָס געזעץ דערלויבט זיי זייער ווייניק..."

ווייניקער טראַגעדיעס אויפן „טרערן־אינזל" — דאָס איז היינט די גרויסע יידישע טראַגעדיע!... דער טויער פון טרערן איז טייל־ווייז פאַרמאַכט!

III

## ניו־יאָרק איז אָפּגעקויפט געוואָרן דורך אַן אימיגראַנט פאַר 24 דאָלאַר

מיט 300 יאָר צוריק האָט אַן אימיגראַנט מיטן נאָמען פּיטער מינואיט אָפּגעקויפט דעם אינזל מאַנהעטען, וואָס מיר רופן איצט ניו־יאָרק. ער האָט באַצאָלט 24 דאָלאַר. נישט חלילה אין מזומן, נאָר געגעבנדיק די אינדיאַנער פאַרשידענע צאַצקעס און גלעזערנע פּאַטשערקעס.

אָפּט ווערט געפייערט דער יום־טוב פון אָפּקויפן ניו־יאָרק. יענער טאָג ווערט פאַררעכנט אַלס דער געבורטס־טאָג פון ניו־יאָרק. קיינער האָט נישט קיין טענות צו פּיטער מינואיט, פאַרקערט, מען ערט זיין נאָמען אַלס פּאַטריאָט און קלוגן מענטשן.

אין אַמעריקע שעצט מען דערפאָלג און מ׳פרעגט נישט, ווי אַזוי דו האָסט דערגרייכט דעם דערפאָלג.

די געשיכטע פאַרצייכנט בלויז, אַז מען האָט אָפּגעקויפט ניו־יאָרק. אַמעריקאַנער זענען בטבע נישט קיין גריבלער און נישט קיין פילאָזאָפן.

ווער איז פּיטער מינואיט? מיר וועלן פּרובירן געבן אייניקע שילדערונגען, כּדי אייך צו באַקענען מיט דער אַנטוויקלונג פון דער ריזיקער שטאָט ניו־יאָרק, וואָס האָט אַמאָל געקאָסט 24 דאָלאַר. אָט דער פאַקט אַליין, וואָס איר וועט אָנרופן — נס, וועט אייך

שאַפן אַ קלאָר בילד, וואָס פאַר אַ לאַנד אַמעריקע איז: דאָס לאַנד פון ביזנעס, געשעפט און לעבן, פון פרייהייט און גליק.

איבער דער בירגערשאַפט פון פיטער מינואיט קריגן זיך 4 נאַציעס. האָלאַנד באַטראַכט אים פאַר אַ האָלענדער, צוליב דעם, וואָס זיין פאַמיליע האָט געשטאַמט פון האָלאַנד. די פראַנצויזן פרעטענדירן אויף פיטער מינואיטן גלאַט אַזוי אָן אַ שום גרונט. אַמעריקעס חזקה אויף דעם גרינדער פון ניו־יאָרק איז פאַרשטענדלעך: ער איז געקומען קיין אַמעריקע און דאָ מיט דער צייט געוואָרן אַ וויכטיקע, פּאָליטישע פערזענלעכקייט.

דער אמת איז, אַז פיטער מינואיט איז געבוירן אין יאָר 1850, אין דער שטאָט וועזעל, אין דער דייטשער ריין־פּראָווינץ. זיינע עלטערן זענען געווען האָלענדישע אימיגראַנטן, וואָס האָבן זיך שפּעטער געדמאַניזירט. וואָס שייך געבורט און בירגערשאַפט, מוז פיטער מינואיט באַטראַכט ווערן פאַר אַ דייטש, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די האָלענדער באַטראַכטן אים פאַר איינעם פון זייער נאַציע און אונטערשטרייכן דאָס ביי יעדער געלעגנהייט.

די ערשטע אייראָפּעיִשע קאָלאָניסטן אין דער געגנט פון ניו־יאָרק זענען געווען האָלענדישע אימיגראַנטן, וועלכע האָבן געגרינדעט קאָלאָניעס ביים „איסט" (מזרח) פון „האָדסאָן"־טייך און די געגנט אַ נאָמען געגעבן: „ניו־האָלאַנד".

יאָרן שפּעטער איז פיטער מינואיט אויסגעשטיגן אין ניו־יאָרקער האַפן אַלס פאַרטרעטער פון דער האָלענדיש־וועסט־אינדישער קאָמפּאַניע. ער איז מיט דער צייט געוואָרן אַ וויכטיקע פערזאָן צווישן די האָלענדישע קאָלאָניסטן. ווען עס איז אים געלונגען „אָפּצוקויפן" ביי די נאַיִווע אינדיאַנער דאָס גאַנצע אינזל „מאַנהעטען" פאַר אַביסל גלעזערנע „צירונג", האָט אים די האָלענדישע רעגירונג אין אַמסטערדאַם, אַלס דאַנק פאַר דער געלונגענער קניה, געמאַכט פאַרן ערשטן גובערנאַטאָר פון ניו־יאָרק, וועלכע האָט דאַן געהייסן „ניו־אַמסטערדאַם".

אין יענער ערשטער פּיאָנער־צייט איז ניו־יאָרק געווען אַ האָ־

לענדישע קאָלאָניע און איז געשטאַנען אונטער דער ממשלה פון דער האָלענדישער רעגירונג.

עס ווערט באַהויפּטעט, אַז מינואיט אַליין האָט ליבערשט גע־וואָלט זיין אַ האָלענדישער בירגער. שוין דאַמאָלט איז אים האָלאַנד געווען ליבער, ווי דייטשלאַנד. ער איז געווען גייסטיק פאַרבונדן מיט האָלאַנד.

פּיטער מינואיט איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרקער האַפן דעם 4־טן מאַי 1626. געקומען איז ער, ווי געזאָגט, אַלס רייזנדער סוחר, אַלס פאַרטרעטער פון אַ האָלענדישער אימפּאָרט־פירמע. ער האָט אין אַמעריקע צונויפגעקויפט ביי די אינדיאַנער פעל און פאַרשי־דענע געהילץ און האָט עס אויף זעגל־שיפן אָפּגעשיקט קיין האָ־לאַנד. ער האָט שפּעטער אָפּגעקויפט „מאַנהעטען", אויפגעבויט דעם פאָרט אַמסטערדאַם און געגרינדעט עטלעכע פאַבריקן און שפּייכלערס פאַר תּבואה און סחורות. די באַפעלקערונג פון ניו־יאָרק האָט דאַן געציילט 300 נפשות, איבער וועלכע פּיטער מינו־איט איז געוואָרן דער גובערנאַטאָר און דער געזעצלעכער פאַר־טרעטער פון דער האָלענדישער רעגירונג. ער איז געווען אַ שטרענ־גער אָבער גערעכטער הערשער. ער האָט אָנגעקניפּט האַנדלס־פאַר־בינדונגען צווישן ניו־יאָרק און אַנדערע אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס, און פיל געהאָלפן צו דער עקאָנאָמישער זיכערונג און אַנטוויקלונג פון די ערשטע צפון־אַמעריקאַנישע ישובים.

אָבער די מאַכט, וואָס פּיטער מינואיט האָט געהאַט, האָט אים פאַרפירט צו באַגיין געוויסע אומרעכטן, באַזונדערס אין דער פאָרם פון צעטיילן גרויסע שטיקער לאַנד צווישן זיינע פריינט, און דאָס האָט געפירט צו זיין ירידה. אין 1631 האָט אים די האָ־לענדישע רעגירונג צוריקגערופן פון זיין הויכן אַמט און ער איז אָפּגעפאָרן קיין האָלאַנד. אויפן וועג האָט ער זיך פאַר אַ קורצער צייט אָפּגעשטעלט אין פּלימאָוט, ענגלאַנד, און ער האָט אָנגעהויבן האַנדלען מיט סחורה, וואָס ער האָט אימפּאָרטירט פון ענגלישע קאָ־לאָניעס. ער איז דערפאַר אַרעסטירט געוואָרן אויף דער באַשול־דיקונג, אַז ער, דער פרעמדער, פירט אַן אומגעזעצלעכן האַנדל מיט ענגלישע קאָלאָניעס, אָבער די האָלענדישע רעגירונג האָט זיך פאַר

אים איינגעשטעלט און באַלד האָט מען אים באַפרייט פון דער ענגלישער תּפיסה און אים דערלויבט פאָרצוזעצן זיין רייזע קיין האָלאַנד.

אָנגעקומען קיין האָלאַנד, האָט פּיטער מינואיט פּרובירט צו־ריקצוקריגן זיין שטאַנד אין דער רעגירונג און אין דער געזעל־שאַפט. אָבער ביידע זאַכן זענען אים נישט געלונגען. ער איז דורכ־געפאַלן אין מסחר צוליב דעם, וואָס ער האָט נישט געקאָנט קריגן קיין קרעדיט, און ער איז דורכגעפאַלן מיט זיין פּעטיציע צו קריגן צוריק זיין אַמט אַלס גובערנאַטאָר פון ניו־אַמסטערדאַם (היינטיקע ניו־יאָרק).

אין 1637 איז פּיטער מינואיט אַוועק קיין שוועדן, ווו עס איז אים געלונגען צו באַקענען זיך מיטן רייכסקאַנצלער. באַלד האָט ער פון שוועדישן רייכסקאַנצלער געקריגן דעם אויפטראַג צו פאָרן צוריק קיין אַמעריקע, אַלס פאַרטרעטער פון דער שוועדיש־וועסט־אינדישער קאָמפּאַניע. מיט וועסט־אינדיע האָט מען דאַמאָלט געמיינט — אַמעריקע, דאָס איז דערפאַר, ווייל ווען קאָלאָמבוס האָט, אַריבערפאָרנדיק דעם אַטלאַנטיק, דערזען לאַנד, האָט ער נישט געוווּסט, אַז ער האָט אַנטדעקט אַ נייע וועלט, אַמעריקע, נאָר ער האָט געמיינט, אַז ער האָט דערגרייכט די מערבדיקע זייט פון אינדיע.

אין 1637 איז פּיטער מינואיט מיט צוויי זעגל־שיפן אַרויס־געפאָרן פון גאָטענבורג אין שוועדן, און מיט אַ פּאָר חדשים שפּע־טער איז ער אַריינגעפאָרן אין דער דעלעווער בוכטע, און האָט אָפּ־געקויפט פון די אינדיאַנער אַ שטיק לאַנד, און עס אַ נאָמען גע־געבן „ניי־שוועדן". דאָס איז געווען דער ערשטער אייראָפּעיִשער ישוב אין דעלעווער.

„ניי־שוועדן", אַ שוועדישע קאָלאָניע אין אַמעריקע, האָט געהאַט דורכצומאַכן זייער שווערע צייטן. זי האָט געמוזט קעמפן קעגן די אינדיאַנער און קעגן אירע ווייסע שכנים, די האָלענדער פון „ניו־אַמסטערדאַם". האָלאַנד האָט נישט פאַרגונען, וואָס שוועדן האָט אויך פאַרכאַפּט אַ שטיק לאַנד אין דער נייער וועלט,

און דערצו נאָך אַ שטיק, אויף וועלכן די האָלענדישע רעגירונג האָט שוין פון לאַנג געהאַלטן אַן אויג. פונדעסטוועגן האָט זיך די נייע שוועדישע קאָלאָניע ארויסגעוויזן אַלס אַ דערפאָלג, און פּי־טער מינואיט איז ווידער געוואָרן רייך און אָנגעזען און אַ הער־שער איבער אַ קאָלאָניע.

אין יאָר 1654, 14 יאָר שפּעטער, איז פּיטער מינואיט גע־שטאָרבן. ער איז געשטאָרבן אין אַ מלחמה, וואָס די האָלענדישע קאָלאָניע „ניו־אמסטערדאַם" האָט פאַרפירט קעגן די „ניי־שוועדן". אין דעם קאַמף האָבן די שוועדן פאַרלוירן זייער לאַנד און זייער פירער, און ניי־שוועדן איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די האָלענדישע קאָלאָניסטן.

פּיטער מינואיט איז געווען איינער פון די מערקווירדיקסטע פּערזאָנען אין דער געשיכטע פון דער נייער וועלט. דאָס, וואָס זיין נאָמען איז נישט אַזוי פּאָפּולער און מען פייערט אים נישט אַזוי שטאַרק און אָפט, ווי מען פייערט אַנדערע בויער פון אַמע־ריקע, איז אַ רעזולטאַט פון עטלעכע סיבות. ערשטנס, איז ער נישט קיין ענגלענדער, און נישט פון די גרויסע יחסנים, וואָס זע־נען אַהער געקומען מיט דער „מעי־פלאָוער". צווייטנס, איז זיין רעפּוטאַציע באַפלעקט מיט עטלעכע זאַכן, וואָס פאַרטונקלען אַביסל זיין נאָמען און זיין רום. און דריטנס, איז זיין מציאה מיט די אינדיאַנער, ווען ער האָט געקויפט „מאַנהעטען", אַ זאַך, מיט וועלכער מ'שעמט זיך אַביסל אין אַמעריקע, און מען רעדט דער־פון נישט אין „אָנשטענדיקע קרייזן". אַמעריקע פילט זיך נישט שטאַרק גליקלעך, ווען מען דערמאָנט איר, אַז איר רייכסטע און גרעסטע שטאָט, די מעטראָפּאָליע פון דער וועלט, איז אויסגענאַרט געוואָרן ביי די אינדיאַנער פאַר דעם פּרייז פון 24 דאָלאַר.

די אַמעריקאַנער זענען צופיל פאַרנומען מיט געשעפט, מיט דערפאָלג, כּדי זיך דאָ צו אינטערעסירן מיט דעם ערשטן „ניו־יאָרקער", מיטן פּיאָנער, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט די איצטיקע ריזיקע שטאָט ניו־יאָרק. זיי רעדן וועגן דעם ערשטן פּרעזידענט מיט גרויס כּבוד און דרך־ארץ, אָבער זיי פאַרבויגן דאָס קאַפּיטל

פון פיטער מינואיט. עפּעס איז זיי נישט צום הארצן דער פּראַק־טישער געשעפטסמאַן, דער פלינקער סוחר. זיי, די אַמעריקאַנער, וואָס גלויבן אין יושר און אין ערלעכע געשעפטס־מעטאָדן, קאָנען נישט ארונטערשלינגען דעם אופן, ווי אַזוי פּיטער מינואיט האָט אויסגענאַרט ,,מאַנהעטען'' פאַר אַ טאָפּ לינזן.

פאַר די, וואָס ווילן זיך אָבער באַקענען מיט אַמעריקע, איז כּדאַי צו דערמאָנען דעם אינטערעסאַנטן היסטאָרישן פאַקט.

IV

## די פרייהייטס־סטאַטוע

„בעדלאָוס־איילענד", דער קליינער אינזל, אויף וועלכן עס שטייט שוין איבער 50 יאָר די „פרייהייטס־סטאַטוע", די געטין פון פרייהייט, איז אין אמתן געווען אַן אינזל פאַר פאַרברעכער. אַ סאָרט טייוול־אינזל, ווּ מען האָט געהאַלטן שווערע געפערלעכע פאַרברעכער פונם לאַנד. איצט שטייט דאָרט די „פרייהייטס־געטין" מיט איר פאַקל פון ליכט, וואָס באַלויכט דעם וועג פון אַלעמען, וואָס קומען אָן צו די ברעגן פון אַמעריקאַנער לאַנד.

ערשט נישט לאַנג צוריק, אין 1936, האָט די אַמעריקאַנער באַפעלקערונג מיטן פּרעזידענט רוזוועלט בראש געפייערט דעם 50־יאָריקן יובל פון דער געטין, וואָס ווערט אָנגערופן ביי אונז אין אַמעריקע „מיס ליבערטי". עס איז געווען אַ גראַנדיעזער יום־טוב, וואָס האָט אַן איבעריקן מאָל באַוויזן, אַז אַמעריקע איז אַ לאַנד פאַר מענטשן, וואָס האָבן ליב אַרבעט און פרייהייט. די געטין פון פרייהייט איז דער סימבאָל פונם אַמעריקאַנער גייסט.

דעם 28־טן אָקטאָבער, 1886, האָט מען די „פרייהייטס־סטאַטוע" אָפיציעל אויפגעדעקט. דער דעמאָלסדיקער פּרעזידענט, גראָווער קליוולענד, האָט אָנגענומען די מתנה פון פראַנקרייך.

מיר דאַרפן נישט פאַר יידישע לייענער פאָרשטעלן די „פרייהייטס־סטאַטוע", פאַר די מיליאָנען אימיגראַנטן, וואָס זענען

געקומען קיין אמעריקע דורך דעם ניו־יאָרקער האפן, איז די געטין פון פרייהייט גוט באקאנט.

די בראָנזענע פרויען־פיגור, וואָס שטייט ביים טויער פון אמעריקע, מיט דער רעכטער האנט אויסגעשטרעקט אין דער לופטן, און ווארפט פאסן ליכט פאר די אריינקומענדיקע שיפן, איז באַ־רימט איבער דער גאנצער וועלט. די אימיגראנטן, וואָס זענען דורכ־געגאנגען דעם טרויעריק־באַרימטן טרערן־אינזל (עלים־איילענד), איידער זיי האָבן באטראָטן די ערד פון דעם געגארטן לאנד, האָבן אָפּ־עָטעמט פרייער, ווען די שיף האָט זיי פארביינגעפירט פארביי דער „סטאטוע פון פרייהייט", אויפן וועג קיין ניו־יאָרק. צענט־ליקער יאָרן האָט די „סטאטוע פון פרייהייט" באטייט פרייהייט פאר צענטליקער טויזנטער פארפאָלגטע פון דער אלטער היים. אין 1925, ווען פרעזידענט קולידזש האָט אָפּגעשאפט פרייע אימי־גראציע און עס איז אָפּגעשניטן געוואָרן די מעגלעכקייטן פון צענטליקער טויזנט'ער פּאָליטיש־פארפאָלגטע אין דער אלטער היים צו געפינען פלאץ אין אמעריקע, האָט זיך אָפּגעטון דער צויבער פון דער סטאטוע. טויזנטער ארטיקלען זענען געדרוקט געוואָרן, קריטיקירנדיק די שלעכטע אימיגראציע־געזעצן, וואָס זענען גע־צילט אין די לעבנס־אינטערעסן פון פארפאָלגטע אין דער אלטער היים. טויזנטער קאריקאטורן זענען געמאַכט געוואָרן אויפן חשבון פון דער „פרייהייטס־סטאטוע".

פון וואנען נעמט זיך די סטאטוע ביים טויער פון אמעריקע?

די סטאטוע פון פרייהייט איז א מתנה פון די פראנצויזישע פאָלקס־מאסן צו די אמעריקאנער פאָלקס־מאסן.

אין יאָר 1880 האָבן די פראנצויזישע פאָלקס־מאסן באַ־שטימט צו שיקן א מתנה די אמעריקאנער. זיי האָבן געשיקט די סטאטוע אלס אויסדרוק פון פרייד, וואָס די אמעריקאנער מאסן זענען געוואָרן באפרייט פון ענגלישן יאָך.

דער גרויסער סקולפּטאָר פרעדריק א. בערטאָלדי האָט זיך אונטערגענומען צו שאפן די סטאטוע און די פראנצויזישע מאסן האָבן געזאמלט אריבער 350 טויזנט דאָלאר. אין דער זעלביקער צייט האָט זיך געפאָדערט געלט אויף צוצוגרייטן דעם פּיעדעסטאל

פאר דער „סטאטוע פון פרייהייט״, און דער דעמאָלסטיקער ארויס־
געבער פון דער „וואָירלד״, דזשאָזעף פוליטצער, האָט געעפנט
אַ זאמלונג אין זיין צייטונג צו שאפן דאָס געלט.

די פאָלקס־מאסן פון אמעריקע האָבן אָפגעשאצט די מתּנה
פון די פראנצויזן, און עס איז געזאמלט געוואָרן 120 טויזנט דאָ־
לאר צו דעם צוועק.

דעם 28־טן אָקטאָבער, 1886, איז אויפן אינזל „בעדלאָום־
איילענד״ אויפגעדעקט געוואָרן די „פרייהייט־סטאטוע״. אין דער
צערעמאָניע האָבן זיך באטייליקט פאָרשטייער פון דער פראנצוי־
זישער און אמעריקאנער רעגירונגען און דער פרעזידענט גראָווער
קליוולאנד. ביים אויפדעקן די סטאטוע האָט דער פרעזידענט גע־
האלטן אַ רעדע און צווישן אנדערעס געזאָגט:

„מיר זענען היינט נישט געקומען זיך בוקן פאר אַ פאָר־
שטייערין פון מאכט און געוואלט; מיר זענען דאָ נישט פארזאמלט
צו בויגן זיך פאר אַ פייערדיקער מלחמה־פאָרשטייערין אין פאָרם
פון אַ גאָט; זי האלט נישט אין האנט טויט אָדער טעראָר; מיט
פרייד זאָגן מיר, אז זי האלט הויך אין איר האנט דעם פראָזשעק־
טאָר, וואָס באלויכט דעם וועג פאר די מאסן, וואָס זוכן דאָ אַ שוץ.
מיר וועלן נישט פארגעסן, אז „ליבערטי״ (פרייהייט) האָט גע־
מאכט איר היים דאָ, ביי אונז, און מיר וועלן נישט פארנאכלעסיקן
איר אויסגעקליבענעם פלאץ״.

ווען מ׳האָט אויפגעדעקט די סטאטוע, האָט מען פאר זיך גע־
זען אַ ריזיק ווערק. די סטאטוע וועגט 450,000 פונט. זי איז הויך
301 פוס און דריי צאָל. 40 מענטשן קאָנען שטיין אין איר קאָפּ,
12 מענטשן קאָנען שטיין אין דעם פאקל. די רעכטע, אויסגע־
שטרעקטע האנט איז 42 פוס גרויס. איין אויג איז אָפּגערוקט פון
דעם צווייטן אויף 2 פוס מיט 6 צאָל. די לענג און גרויס פון דער
נאָז איז 4 פוס און זעקס צאָל. דאָס מויל איז 3 פוס די ברייט. אין
דער לינקער האנט האלט זי אַ טאבעלע, וווּ עס איז פארצייכנט די
דאטע פון דער „דעקלעריישן אָוו אינדעפּענדענס״. די לענג פון
דער טאבעלע איז 23 פוס און 7 צאָל. די פיס זענען 7 צאָל די
ברייט.

די פיגור וועגט 100 טאָן. אַ ווינדע פירט אייך אַרויף אויפן 10־טן שטאָק, פון דאָרט מוזט איר קלעטערן אויף 154 געדרייטע שטיגן, ביז איר קומט צו צום אָבסערוואַציע־טורעם. פאַר אייערע אויגן שפּרייט זיך אויס דער „מאַנהעטען־אינזל", מיט זיינע טו־רעמדיקע הימל־קראַצערס.

רעכטס זעט איר סטעטען־איילענד. אַנטקעגן געפינט זיך גאָ־ווערנאָרס־איילענד מיט זיינע באַראַקן, ווו די רעגירונג האַלט שטענדיק מיליטער. קוקנדיק צו ניו־דזשוירזי, זעט איר פאַר זיך אַ וווּנדערבאַר בילד. טויזנטער רויך־קוימענס, שיפן, באַנען און טורעמדיקע, ווי פון שטיין־אויסגעהאַקטע בערג, אין וועלכע מ'זעט קליינע שטיבעלעך — דאָס איז די שטאָט האָבאָקען, אַ גרויסע האַפן־שטאָט.

די „געטין פון פרייהייט" האָט אַ סך באַזוכער. לעצטן יאָר האָבן 500 טויזנט מענטשן באַזוכט די סטאַטוע. ביי די פיס פון דער סטאַטוע ליגן צעריסענע קייטן, אַ סימבאָל, אַז אַלע וואָס קו־מען קיין אַמעריקע, רייסן איבער די קייטן און באַפרייען זיך פון פאַרפאָלגונגען. אָבער עס איז שווער צו זען די קייטן, סיידן מען פליט מיט אַן עראָפּלאַן. אַ ספּעציעלער אָנגעשטעלטער גיט אַכ־טונג אויף דער באַלייכטונג, ער צינדט אָן יעדן אָוונט 288 פּראָ־זשעקטאָרן, וואָס רינגלען אַרום דעם אינזל, אויף וועלכן עס געפינט זיך די „סטאַטוע פון פרייהייט", און די פּראָזשעקטאָרן וואַרפן ליכט אויף דער סטאַטוע. יעדן פאַרנאַכט צינדט זיך אָן דער פאַ־קעל, וואָס באַלויכט דעם ים אַרום, אויף מיילן ווייט.

דער אינזל האָט הינטער זיך אַ שטיק געשיכטע, וועלכע איז ווערט פאַרצייכנט צו ווערן: אַמאָל האָט דאָס אינזל, וואָס זעט אויס ווי אַ שטערן, געהייסן „אויסטער־איילענד". אין 1670 האָט מען דעם אינזל אַ נאָמען געגעבן „לאָיוו־איילענד". שפּעטער האָט דער דעמאָלסטיקער גאָווערנער אַ נאָמען געגעבן דעם אינזל „איזאַק בעדלאָו".

דאָס זענען אַלץ טרוקענע פאַקטן, אָבער אין אמתן איז מיט דער „פרייהייטס־סטאַטוע" פאַרבונדן אַ גרויסער קאָלאָסאַלער סענ־

טימענט פאַר ליבע און פרייהייט. זי שטייט מיט איר רוקן צום „טרערן־אינזל״.

אַלע איינגעוואַנדערטע אימיגראַנטן האָבן מיט פרייד באַגריסט די „פרייהייט־געטין״, וועלכע האָט באַלויכטן דעם וועג און אַריינ־פאָר אין ניו־יאָרקער האַפן. נישטאָ, דאַכט זיך, קיין איין ייד אָדער קריסט, וואָס זאָל נישט פאָרן אָפּשטאַטן אַ באַזוך דער „מיס ליבערטי״. צו פאַרברענגען אויפן אינזל איז פשוט אַ מחיה. איר קריגט דאָרט פון אַלדאָס גוטס, עסן און טרינקען. עס זענען דאָרט פאַראַן קראָמען, שפּייז־זאַלן און אפילו אַ פאָטאָגראַף, וואָס פאָ־טאָגראַפירט אייך צוזאַמען מיט דער „סטעטו־אָוו־ליבערטי״. אויף דעם דאָזיקן אינזל געפינען זיך מערסטנס סאָלדאַטן, אָבער עס וווינען דאָרטן אויך אַ קליינע צאָל פאַמיליעס פון רעגירונגס־באַ־אַמטע. דאָס אינזל איז ציכטיק און ריין, אַזוי אַז די רעגירונגס־געביידעס זענען ווי אַ צירונג פאַרן אינזל. אַלע, וואָס קומען אַהין, ווערן פריינטלעך אויפגענומען, ווי זיי וואָלטן געווען ביי זיך אין דער היים. דאָס פאָרן אַהין קאָסט 35 סענט, אַהין און צוריק. איר קענט דאָרט בלייבן ווי לאַנג אייך גלוסט זיך.

קומען אַהער מענטשן פון דער גאַנצער וועלט צו באַטראַכטן די „פרייהייט־געטין״. עס קומען אַמעריקאַנער און טוריסטן פון אַנדערע לענדער. זיי קומען אויף דעם פרייהייטס־אינזל, וואָס סימ־באָליזירט אַמעריקעס פרייהייט.

V

# ליכט און שאָטן אין דער װוּנדער־שטאָט
# ניו־יאָרק

ניו־יאָרק איז אָנגעפּיקעװעט מיט װוּנדער איבער װוּנדער, אָבער ניו־יאָרקער איינװוֹינער האָבּן נישט קיין צייט אָנצוקוקן די װוּנדער פון זייער צוויבערהאַפּטער שטאָט. זיי זענען פאַרנומען מיט „מאַכן אַ לעבּן" און האָבּן נישט קיין צייט צו לעבּן.

ניו־אָרקער באַקענען זיך מיט די װוּנדער פון זייער אייגע־נער שטאָט ערשט דאַן, װען עס קומען צו זיי געסט פון אַנדערע שטעט — און זיי פירן די דאָזיקע געסט װייזן, װאָס ניו־יאָרק פאַרמאָגט.

געסט קומען קיין ניו־יאָרק מיט באַשטימטע פּלענער, זיי װילן זען די „פרייהייט־סטאַטוע", די פאַרשידענע מוזעאומס, די הימל־קראַצערס און דעם צויבער־װאַלד פון עלעקטרישער באַלייכטונג אויף „טיימס־סקװער".

עס איז נישטאָ קיין זאַך אין דער װעלט, װאָס איר קענט נישט געפינען אין ניו־יאָרק; נאָך אַזאַ צויבער־שטאָט איז אויף דער װעלט נישטאָ. עס איז אַ ריזיקער קנויל פון עלעקטרישע שילדן, „הימלקראַצערס", טומל און גערויש פון מאַשינען, — אָבער װען מען נעמט פאַנאַנדערװיקלען דעם ריזיקן קנויל, נעמט מען ציען פון אים צויבער־פעדעם פון רעגן־בויגן־קאָלירן, װאָס איבערשטייגן אייערע פאַנטאַזיעס.

יעדע נאציאנאליטעט האט איר איינגארטיק[illegible]וארטאל אין ניו־יארק, וואס פארמאגט סחורות און אנטיקן פון אלע לענדער. איר קאנט דא אין איין טאג זיין סיי אין איטאליע, סיי אין כינע, סיי אין גאליציע און סיי אין רומעניע.

דא ווערן געגעבן קאנצערטן פון די גרעסטע וועלט־קינסטלער, דא זעט איר קונסט־אויסשטעלונגען, וואס איר קענט זיי אנדערש־ווו נישט זען. דא זעט איר טעאטער־פארשטעלונגען אין ריזיקסטן פארנעם, דא קענט איר אויך געפינען די עקלהאפטסטע בורלעסקן. אלץ איז פאראן אין דער צויבער־שטאט ניו־יארק.

ניו־יארק פאראייניקט אין זיך משונה־ווילדע קאנטראסטן: טרערן און געלעכטער, פרייד און צרות, נויט און לוקסוס.

אלץ, אלץ איז פאראן אין דער ריזיקער שטאל־ און אייזן־שטאט ניו־יארק.

עס איז דא וואס צו זען, ס'איז דא אויף וואס צו קוקן. פארק עווענין, פינפטע עוועניו, בראדוויי, אשען־דרייוו, ריווערסייד דרייוו און — העסטער־סטריט. עס איז ווי א קאסע פון מיסט און — מיליאנען...

א וועלט מיט וועלטן איז די וואונדער־שטאט ניו־יארק אין דעם לאנד פון וואונדער — אמעריקע. קיינער ווייסט נישט, וואס ניו־יארק איז און ווער זי איז; זי איז גייסטלאז און שעפעריש, באַשיידן און שרייענדיק, פרעכטיק און פראסט, שיין און מיאוס, פאעטיש און פראזאיש, זילבער און בליי, זייד און שמאטע, קונסט און באלאגאן, אילוזיע און ווירקלעכקייט, פריי און פרעך, אויסגעפוצט און צעשויבערט, פאנטאסטיש, פארפירעריש־דעמאָקראטיש און דעמאגאגיש, עסטעטיש און געשמאקלאז, פול מיט ווידערשפרוכן און פול מיט וואונדער!

יעדער זעט ניו־יארק אנדערש. איינער שרייט, אז ניו־יארק איז די שטאט פון גרעסטע רויבער און באנדיטן. ניו־יארק פאר־מאגט אלץ — דאס גרעסטע. אויב נויט, איז עס די גרעסטע נויט; אויב פרייד — איז עס די גרעסטע פרייד; אויב לוקסוס — דער גרעסטער לוקסוס! די גרעסטע געביידעס, די גרעסטע פאבריקן, די

גרעסטע באַזאַרן, און די ריזיקסטע געשעפטן. אַלץ — דאָס גרעס־
סטע — דאָס איז ניו־יאָרק.

מען יאָגט, מען לויפט, מען פליט. מענטשן, מאַשינען, אויו־
טאָס, אַ געמיש פון פיס און רעדער, פון רעדער און פיס.

עס יאָגט זיך די אָרעמקייט און די נויט דורך די דעכער און
אונטער די פיס פון די רייכסטע און גרעסטע אינדוסטריאַליסטן פון
דער וועלט. אַלץ איז מעגלעך אין ניו־יאָרק!

גאַסן, געסלעך, שיינע גאַסן, האַנדל־גאַסן, רוישיקע גאַסן פון
געדראַנג און געראַנגל, און גאַסן פוסטע, גאָרנישט זאָגנדיקע און
גאַסן, וואָס דערוועקן אין איך אומעט און בענקעניש. אַלץ, אַלץ
איז מעגלעך אין ניו־יאָרק, די שטאָט איבער אַלע שטעט.

יוניאָן־סקווער און פערצנטע גאַס, — אַ גאַנצער יאריד פון
מענטשן. מען זעט דאָרט אַ וועלט מיט הענט. אַלע סאָרטן הענט.
הילפלאָזע און אייזן־שטאַרקע הענט; הענט פון קינדער און הענט
פון זקנים; הענט, וואָס בעטלען, און הענט, וואָס דראָען די וועלט
מיט רעוואָלוציע!

הענט, וואָס בויען, און הענט, וואָס צעשטערן! איר קוקט אויף
דער ריזיקער שטאָט און איר פרעגט זיך — ווו איז דער אָנהויב
און ווו איז דער אויסלאָז? ווו איז פאַראַן מער צו זען, אין די
אונטערערדישע באַנען צי ביי די ריזיקע האַפנס? העסטער־גאַס
צי די פינפטע עוועניו? אָרטשאַרד־סטריט צי וואָל־סטריט? ניו־
יאָרק איז אַ געמיש פון ראַסן און קאָלירן. דאָ הערט איר דעם
צאָרנדיקסטן געשריי פון די קעמפנדיקע מאַסן — און די ביטערע
קללה פון דער פינסטערער רעאַקציע. דאָ מישט זיך אַלץ צונויף
אין אַ משונה־ווילדן קנויל פון די ווילדסטע באַגריפן.

ניו־יאָרק!

קומט איר, למשל, מיט אייערע געסט אויף דער פינפטער
עוועניו, דאַרפט איר וויסן, אַז זי איז אַמאָל געווען די יחוס־גאַס
פון ניו־יאָרק. כמעט יעדע געביידע אויף דער פינפטער עוועניו
האָט אַ געשיכטע הינטער זיך.

די מיליאָנערן האָבן לאַנגזאַם אָנגעהויבן צו פאַרקויפן זייע־
רע פאַלאַצן, זייערע גרויסע היימען, און גרויסע אַפּאַרטמענט־

הייזער זענען אויפגעוואקסן אויף זייער אָרט, ווי שוואָמען נאָך א רעגן.

אָט דאָ האָבן געוווינט די ראָקפעלערס, דאָ די מאָרגאנס, אָט דאָ געפינט זיך דער אריסטאָקראַטישער קלוב, אָט דאָרט האָבן געוווינט די וואַנדערבילטס און די אַסטאָרס, און איצט שטייען דאָ ריזיקע הימלקראצער, געשעפט־געביידעס. עס איז אָבער גע־בליבן אויף דער מיוחסדיקער עוועניו דער מעטראָפּאָליטאַן מוזע־אום און דער טעמפּל עמנואל, וואָס די דייטשע יידן פון ניו־יאָרק האָבן אויפגעבויט פאַרן פּרייז פון איבער אכט מיליאָן דאָלאַר.

איר פאָרט פאַרביי „ראַדיאָ־סיטי", דאָס איז א וועלט פאַר זיך אליין, דאָרט קענט איר זען ווונדער איבער ווונדער, פון ראַ־דיאָ ביז „טעלעוויזיע"; דער דאָזיקער צענטער שטעלט מיט זיך פאָר אַן אריסטאָקראַטישע שטאָט, עס זענען דאָרט פאַראַן נישט נאָר טעאַטערן, נאָר אויך בלערליי קראָמען, רעסטאָראַנען און קונסט־גאַלעריעס.

ווען איר קומט אַריין אין דער צויבער־וועלט, וואָס הייסט „ראַדיאָ־סיטי", ווערט איר פשוט פאַרכאַפּט פון די טויזנט און איין ווונדער, וואָס איר באַגעגנט דאָרט.

אַממערסטן ווערט איר איבערראַשט, ווען איר דערזעט דאָרט די „עמפּייר־סטייט"־געביידע. דאָס איז א געביידע פון הונדערט און צוויי שטאָק הויך. די געביידע געפינט זיך אויף דער פיר און דרייסיקסטער גאַס און פינפטער עוועניו, אויף דעם פּלאַץ, וווּ עס איז אַמאָל געשטאַנען דער אַלטער וואַלדאָרף־אַסטאָריאַ־האָטעל. דער דאָזיקער האָטעל געפינט זיך איצט אויף פּאַרק־עוועניו, די נייע גאַס פון אַמעריקאַנער מיליאָנערן.

דער נייער וואַלדאָרף־האָטעל איז איינע פון די גראַנדיעזסטע געביידעס אין ניו־יאָרק. ער שטעלט מיט זיך פאָר דאָס לעצטע וואָרט אין ארכיטעקטור. די געביידע פאַרקערפּערט אין זיך לוק־סוס, באַקוועמלעכקייט און קונסט, פון וועלכע פריערדיקע דורות וואָלטן נישט געוואַגט צו טרוימען אַפילו.

דער נייער האָטעל פאַרנעמט א גאַנצן בלאָק צווישן דער

ניין און פערציקסטער און פופציקסטער גאַס אויף פּאַרק־עוועניו און ציט זיך ביז לעקסינגטאָן־עוועניו.

אָט אין די אויסגערעכנטע ריזיקע געביידעס קענט איר פאַר־ברענגען גאַנצע טעג מיט אייערע געסט, און איר זאָלט נאָך אַלץ נישט האָבן געזען אַ קליינעם ווינקל פון דער ריזיקער צויבער־שטאָט ניו־יאָרק.

מאַכן אַ שפּאַציר איבער די העכסטע געביידעס אין ניו־יאָרק, איינשליסנדיק די „קרייזלער־געביידע", הייסט בלויז כאַפּן אַ בליק אויף ניו־יאָרק; די עמפּייר־סטייט־געביידע איז 1250 פוס הויך און ווען איר קוקט אַרונטער פון טורעם, דערזעט איר ניו־יאָרק אין דער לענג און אין דער ברייט. איר קוקט אויף דער סטאַטוע פון פרייהייט, און זי זעט אויס קליין. אָט זעט איר די אַמאָל באַ־רימטע „פלעט אייראָן־געביידע", וואָס זעט איצט אויס איינגע־שרומפּן לגבי די נייע ריזן, וואָס זענען פאַר דער צייט אויסגע־וואַקסן.

טויזנטער מענטשן פון גאָר דער וועלט קומען קיין ניו־יאָרק באַוווּנדערן די ריזיקע בריקן. איינע פון די נייע וווּנדער פון מאָ־דערנער אינזשיניערן־אַרבעט אין ניו־יאָרק איז די נייע בריק אי־בערן „האָדסאָן"־טייך, וועלכע רופט זיך די „דזשאָרדזש וואַ־שינגטאָן־בריק". אָט די ריזיקע בריק האָט געקאָסט איבער 60 מיליאָן דאָלאַר און פאַרבינדט ניו־יאָרק מיטן שטאָט ניו־דזשורזי.

אָט פאָרט איר אריין אין האַרלעם. דער פיפט־עוועניו־אָמני־בוס נעמט אייך אַהין. מוזט איר אָבער וויסן, אַז האַרלעם, וואָס איז איצט דער גרעסטער נעגער־קוואַרטאַל אין אַמעריקע, איז ביז צוריק מיט עטלעכע יאָר געווען אַן עכט־יידישער קוואַרטאַל, כמעט ווי בראָנזוויל. איצט וווינען דאָרט נעגער, שפּאַניער און מעקסי־קאַנער. דאָ, אין דעם נעגער־קוואַרטאַל, געפינען זיך די גרעסטע קאַבאַרעט־הייזער, ווו עס זינגען און טאַנצן נעגער פאַר ווייסע מע־נער און פרויען, וועלכע קומען אַהין זיך אַמוזירן.

אַ שאַרפער קאָנטראַסט צום נעגער־קוואַרטאַל איז „טשיינאַ־טאַון" (כינעזער־שטאָט), אָבער אויך דאָ מוזט איר וויסן, אַז דער כינעזישער קוואַרטאַל אין ניו־יאָרק איז שוין לאַנג נישט דאָס,

וואָס ער איז אַמאָל געווען, כאָטש דער קוואַרטאַל איז זייער אינ־טערעסאַנט און אייגנאַרטיק אויך איצט. אַמאָל איז דער כינעזי־שער קוואַרטאַל געווען אַ נעסט פון זינד...

איצט איז „טשיינאַ־טאַון" אַ געשעפט־פּלאַץ, ווו מען פאַר־קויפט כינעזישע אַנטיקן, און מען עסט „טשאַפּ־סואי"; נישטאָ מער יענע אָפּיום־קעלערס און אַנדערע היילן. ווייזט אייערע געסט די כינעזישע טעמפּלען, זייער פּאָסט, זייער מוזיי, און די אַנדערע טיפּיש־כינעזישע אינסטיטוציעס.

נישט ווייניקער אינטערעסאַנט איז דער איטאַליענישער קוואַר־טאַל, און דער רומענישער קוואַרטאַל, וואָס צייכנט זיך אויס מיט זיינע ווײַן־קעלערס און רעסטאָראַנען אויף עלען־סטריט.

אַ שפּאַציר איבער דעם גאַליציאַנער קוואַרטאַל וועט אייך פירן איבער ריווינגטאָן־גאַס, וואָס איז איינע פון די הויפּט־גאַסן פון אונזערע גאַליציאַנער לאַנדסלייט. אויף אַטורני־גאַס, אָדער אויף ־שעריף־גאַס, זעט איר נאָך אַלץ יידן פון גאַליציע, און האַ־מילטאָן־פּאַרק איז נאָך אַלץ די ציטאַדעל פון גאַליציאַנישקייט. זעלטן ווען איר טרעפט דאָרט אַ ייד פון בעסאַראַביע אָדער רוס־לאַנד. דער דאָזיקער פּאַרק איז געבליבן די „פעסטונג" פון גאַלי־ציאַנער יידן.

אַזוי שפּאַצירנדיק, קענט איר לייכט צוקומען צו דער באַ־רימטער יידישער גאַס, צווייטע עוועניו, ווו עס געפינען זיך אונ־זערע יידישע טעאַטערן, ווו איר קענט זען און הערן יידישע פּיעסן און יידישע מוזיק.

דאָס אַלץ איז אָבער אַ בלאַסער שיין פון דער ליכטיקער שטאָט ניו־יאָרק. עס איז בלויז אַן אַריינפיר, אַ סאָרט פּראָלאָג צו דעם ריזיקן ספּעקטאַקל, וואָס רופט זיך ניו־יאָרק. ווייל וויפל איר זאָלט נישט האָבן געלעבט אין ניו־יאָרק און געזען די שטאָט, וועט איר יעדן טאָג דערזען אין געוויסע געגנטן נייעסן, וואָס וועלן אַרויסרופן אייער באַוווּנדערונג.

עס איז מיר אָפּט אויסגעקומען צו ווייזן ניו־יאָרק וועלט־באַרימטע פּערזענלעכקייטן, און יעדער פון זיי האָט אויסגעדריקט די גרעסטע באַוווּנדערונג דווקא פאַר אונזער יידישן קוואַרטאַל, ווו

עס שווינבלט און גריבלט מיט קליינע געשעפטן. פאַר די אייראָ־פּעיִשע געסט זענען די אָרטשאַרד־ און העסטער־גאַסן געווען דער אינטערעסאַנטער „מאַסען־שאָו" אין ניו־יאָרק.

אָרטשאַרד־סטריט! — אַ קנויל פון מענטשן און פּושקאַרטס (שטופּ־וועגעלעך)־סחורות פון אַלע לענדער, אַנטיקן, אַ האַנדל מיט אַלערליי אַרטיקלען, פון פאַרזשאַווערטע טשוועקעס ביז די־מענטן, מען דינגט זיך, מען שרייט און מען מאַכט קולות אויף אַלע שפּראַכן. איר זעט דאָרט מענטשן פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן און איר הערט אַלע דיאַלעקטן, וואָס מענטשן פאַרמאָגן. דאָס איז אַ טאָג־טעגלעכער יריד, וואָס בלויז ניו־יאָרק קאָן שאַפן.

די דאָזיקע פּושקאַרטס אויף אָרטשאַרד־ און העסטער־גאַסן, זענען די דעפּאַרטמענט־קראָמען פון די אָרעמע מאַסן. דאָרט שפּילן זיך אָפּ סצענעס אונטערן פרייען הימל, וואָס קאָנען געהאַלטן ווערן פאַר דער גרעסטער פאָרשטעלונג אין דער וועלט.

נישט ווייניק אינטערעסאַנט איז צו כאַפּן אַ שפּאַציר אַרום די ניו־יאָרקער האַפנס, דאָרטן זעט מען ווידער ווונדער. איר זעט, ווי מען פירט אַריין שפּייז קיין ניו־יאָרק; איר זעט, ווי מען פירט אַריין די ריזיקע פּאַסאַזשיר־שיפן, גאַנצע ים־פּאַלאַצן, און איר ווערט דערפרישט און דערמוטיקט. דאָס זענען סצענעס, וועלכע דאַרפן געזען ווערן פון יעדן איינעם.

זונטאָג, ווען וואָל־סטריט איז געשלאָסן, ווען ביי די האַפנס איז שטיל און די מאַרקן זענען פאַרלאָזן, זענען פאַראַן אַנדערע אינטערעסאַנטע זאַכן צו זען: טעאַטערס און מוזייס. אַ שפּאַציר אין סענטראַל־פּאַרק, אַ שפּאַציר איבער די ריזיקע בריקן. אַ שעה צייט אין אַ שטאָטישער ביבליאָטעק איז אַזאַ געניוס, וואָס מען קען נישט קויפן פאַר קיין געלט.

דאָס אַלץ איז בלויז אַן אָנדייטונג, אַ בלאַסע פאָטאָגראַפיע פון דער ריזיקער פאַרבנרייכער צויבער־שטאָט ניו־יאָרק, וואָס איז אָנגעפּיקעוועט מיט ווונדער.

אויף „טיימס־סקווער", למשל, איז קיינמאָל נישטאָ קיין זונטאָג אָדער יום־טוב, ווייל דאָרט שווינבלט און גריבלט ווי אין אַ בינשטאָק. דאָרט קאָכט דאָס רוישיקע לעבן ווי דער ברוינזנדי־

קער ים. דאָרט שלאָפט מען קיינמאָל נישט! די קראָמען שטענ־
דיק אָפן און איר באַמערקט אַפילו נישט, צי עס איז טאָג, צי
נאַכט. איר געפינט זיך שטענדיק אין אַ ראָד פון כּישוף און צוי־
בער. איר זענט פּשוט היפּנאָטיזירט פון דעם רעגנבויגן־קאָליר,
וואָס שימערירט פאַר אייערע אויגן.

,,טיימס־סקווער'' האָט יעדע שעה אַן אַנדער אויסזען. די
גאַס בייט זיך לויט דער ענדערונג פון די מענטשן, וועלכע
שטראָמען דאָרט, און לויט אייער אייגענער שטימונג.

ניו־יאָרק איז בכלל די שטאָט פון וווּנדער איבער וווּנדער,
פון ליכט און שאָטן...

VI

# די אויגאָמאַטן אין ניו־יאָרק

ניו־יאָרק ווערט אַלץ מער און מער מאַשיניזירט.

ניו־יאָרק איז אַ קאָמבינאַציע פון אַלץ. ניו־יאָרק איז ווי אַ גרויסע, ריזיקע אויטאָמאַט־מאַשין, אַ מין „ראָבאָט", וואָס טוט אַלץ דורך אַ דרוק פון אַן עלעקטריש קנעפּל. ניו־יאָרק, אַז איר ווילט, ווערט אַ שטיק מעכאַניזם, אַן אויטאָמאַט. דער מענטש זיצט ערגעץ־ווו באַהאַלטן, פאַרבאָרגן און דרייט די שרייפלעך פון די רעדער.

דער אויטאָמאַט שעמערירט אין די אויגן, שפּרינגט אַרויס פון יעדן ווינקעלע און שפּעלטעלע, — הימל, ערד און אויטאָמאַטן! פון שאָקאָלאַד ביז אַ טרונק, פון שפּייז ביז שיך־פּוצן ווערט אַלץ געטון דורך דעם אויטאָמאַט, וואָס הייסט אין אַמעריקע — „סלאָט־מאַשין".

איר דאַרפט זיך נישט אײַלן, ווייל די מאַשין מאַכט עס שנעלער, ווי איר קענט זיך פאָרשטעלן. אין די אונטערערדישע באַנען געפינט איר מאַשינדלעך, וועלכע גיבן אַרויס פאַרשידענע פּרוכטן, צוקערוואַרג, און אַפילו — פּאָסט־מאַרקעס.

די מאַשין ראַטעוועט פּשוט די איינוווינער פון די פאַרשידענע שטעט אין אַמעריקע, ווייל אין געוויסע געגנטן, ווו עס זענען נישטאָ קיין „אייז־קעסטלעך", קריגט מען אייז פון מאַשינען, וועלכע וואַרפן אַרויס שטיקער אייז געפּאַקט אין דיקן פּאַפּיר.

אמעריקע לעבט און אָטעמט מיט דעם כּוח פון דער מאַשין. אַלץ מוז גיין שנעל. דאָ, אין אמעריקע, הייסט עס „האָרי אָפּ". דאָ האָט מען נישט קיין צייט און אפשר קיין געדולד צו רעדן מיט מענטשן, מען קריגט אַלץ פון דער מאַשין.

ווען נישט דאָס מאַשינדל, וואָלט איינעם אויסגעקומען צו שטיין עטלעכע שעה אין דער ריי, כּדי צו קויפן אַ בּילעט פאַר דער אונטערערדישער באַן אָדער הויך־באַן.

טויזנטער מענטשן וואָלטן באַדאַרפט שטיין שעהנווייז און זיך אַמפּערן מיט קעלנער, שטודירן שפּייז־קאַרטן און מאַכן טעותן אויף וואָס די וועלט שטייט. אַזוי גייט מען אַראָפּ אין „סעלער", מען וואַרפט אַריין אַ פינף סענט־שטיק אין אַ געוויסן שפּעלטל — און דער וועג אין גן־עדן־התחתּון איז פריי.

אַזוי גייט מען אַריין אין אַן אויטאָמאַטישן רעסטאָראַן, מען וואַרפט אַריין וויפל עס שטייט אויפגעשריבן — און עס גיט זיך מאָמענטאַל אַן עפן אַ טירל, און עס שטייט שוין דער געגאַרטער מאכל. נישטאָ קיין קאַסירער און נישטאָ קיין קעלנער.

אָנשטאָט לעבעדיקע מענטשן וואַקסן אויס פאַר די אויגן שטומע מאַשינען מיט שטומע, קאַלטע בּליקן.

נישטאָ צו וועמען צו רעדן און נישטאָ מיט וועמען זיך אויס־צוטענהן: אָפּגעגעסן, אָפּגעטרונקען און — מאַרש אהיים!

און אָפטמאָל, ווען מען שטייט אין „סעלער", בּעת מענטשן שליכן זיך ווי קיילעכדיקע ים־כוואַליעס אַרויף און אַראָפּ, וואַרפנ־דיק פינף סענט־שטיקער, און דורכרייסנדיק זיך דורך אַריינגאַנ־גען און אַרויסגאַנגען, — זעט מען באַשיינפּערלעך, ווי אַזוי דער כּוח פון דער מאַשין רוקט אַרויס דעם מענטשן פון דער סביבה אַרויס, ווי אַזוי דער מענטש ווערט אָן זיין אָנזען און זיין פּרעס־טיזש, ווי אַזוי ער ווערט קלענער און נישטיקער פון טאָג צו טאָג און פון שעה צו שעה, ווערנדיק פאַרוואַנדלט אין אַ קליין ווער־ראָמל...

און די סלאָט־מאַשינען רוישן און גראַגערן מיט אַן אימה־דיקן רויש, אַז מען קאָן טויב ווערן.

און די מענטשלעכע כוואַליעס פלייצן און פלייצן אהין און

אהער, שטופּן און שטויסן איינע די אַנדערע, ווי שדים וואָלטן אין זייערע געדערעם געזעסן.

און אין די קעלערן שמעקט מיטן געדיכטן ריח פון שוויים און מענטשלעכע אַרבעטער־לייבער.

און באַנען לויפן אויף און אָפּ, דרייען זיך ווי צעהאַקטע שלאַנגען, צאַפּלען זיך און רודערן זיך אין די טיפע בייכער פון דער געדיכטער טונקלקייט, לויפנדיק ווייטער און ווייטער, טיפער און טיפער.

און די סלאַט־מאַשינען כאַפּן אַריין די מענטשן אין זייער אייזערנעם קלעם, יאָגן פון אים אַרויס דאָס חיות און טרייבן אים און שטויסן אים ווי אַ שפּענדל אויף שטורעמדיקע וואַסערן.

און דער מענטש ווערט איינגעבויגן, הילפלאָז ווי אַ קינד, וואָס שטעלט זיינע ערשטע טריט אויף גאָטס ערד.

און ניו־יאָרק וואַקסט אין דער לענג און אין דער ברייט, אין דער טיף און אין דער הויך.

ניע לופט־באַנען און נייע אונטערערדישע באַנען.

און ווי שדימדיק זיי לויפן!

און מיט וואָס פאַר אַן אימפּעט זיי יאָגן זיך אין די געדערעם פון דער ערד!

אין אַ הרף־עין טראָגט מען זיך עטלעכע מייל.

אין אַ וועלכער האַלבער שעה דערגרייכט מען פון איין וויטן פונקט ביז אַן אַנדער ווייטן פונקט פון דער גרויסער, ריזיקער שטאָט ניו־יאָרק.

די אונטערערדישע באַנען האָבן איינגעשרומפּן דעם מרחק פון דער מיליאָניקער שטאָט.

זיי האָבן דערנענטערט קאָני־איילענד צו די בראָנקס.

זיי האָבן צוגערוקט די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך צו דעם ווייסן וועג פון בראָדוויי, צו דער ליכטיקער און לוסטיקער טעאַטער־געגנט, צו די פּריילעכע קאַבאַרעטן פון „גריניטש־ווילעדזש" און צו אַלע ערטלעך, וווּ מענטשן טרינקען פון לעבנס־בעכער און ווערן נישט מיד לעבנדיק...

נישטאָ קיין ווייטקייט אין ניו־יאָרק!

מענטשן, וועלכע געפינען זיך אין די ווייטע ערטער ארום ניו־יאָרק, קאָנען זיך ארויפזעצן אויף ספּעציעלע טעאטער־באַנען און קאָנען, אין א קארגער האלבער שעה, אָנקומען אין בראָדוויי און בייווווינען א טעאטער־פאָרשטעלונג, אָנקומענדיק אהיים גלייך מיט די ניו־יאָרקער טעאטער־באזוכער.

מענטשן ארבּעטן אין ניו־יאָרק און וווינען ערגעץ אין ניו־דזשוירזי.

און דערפון נעמט זיך, וואָס דער ניו־יאָרקער פארברענגט זיינע יאָרן און טעג אויף די באַנען, אויף די אונטערערדישע מאָנסטערס און אנדערע פאָר־מאשינען, ביז ער איז זוכה צו זען זיין היים־נעסט.

יאָ, אין ניו־יאָרק פאָרט מען!

און פאָרנדיק, קוקט מען אריין אין א צייטונג און מען שפּייזט זיך מיט גט־פראָצעסן, ליבעס און מאָרדן.

און פאָרנדיק, ווערט מען געוואָרפן און געשטויסן ווי א באָל, ווערט מען צונויפגעדריקט און צונויפגעשטיקט ביז חלשות; קריגט מען צעהאקטע זייטן און מען קומט אהיים א מי־דער און אן אויסגעשעפּטער, א צעבראָכענער און א סאָפּענדיקער ווי א גאנז.

דערויף איז דאָך דאָס ניו־יאָרק!

און איבער אלץ — די סלאט־מאשין.

אלע דינען צו איר און קניען פאר איר.

אלע שלעפּן די מעטאלענע מטבעות פון די קעשענעס און ווארפן זיי אין די סלאט־מאשינען.

און די סלאט־מאשינען שלינגען די פרוכט פון דער מענטש־לעכער ארבעט. און דער רויש קריכט אריין אין די אברים און לאָזט איבער סימנים אין דער נשמה.

און דער מענטש ווערט פארוואנדלט אין א מאשין — אין א „סלאט־מאשין", אין אן אויטאָמאט, ווייל אין ניו־יאָרק לעבט מען שנעל און פריי. מען פילט זיך היימיש און זעלבשטענדיק. איר דארפט קיינעם נישט בעטן קיין טובות. די מאשין באזאָרגט אייך מיט אלץ. א מחיה צו לעבן אין ניו־יאָרק, דער אָרעמסטער

אַרבעטער וווינט אין סאַניטאַרע באַדינגונגען. זעלטן ווען איר טרעפט איצט אַ הויז, וואָס האָט נישט קיין וואַסער־לייטונג, צענ־טראַלע באַהייצונג, אַ באָד־צימער און אַן אייזקאַסטן. דאָס רעדט זיך שוין וועגן דער אָרעמער געגנט אין ניו־יאָרק, אָדער אַרומיקע שטעט.

קומט מיט מיר אויף אַ ווײַלע אַרײַן אין אַ מאָדערן הויז — אַ הויז, וואָס האָט פאַרלויפיק צו זיך קיין גלײַכן נישט אויף דער גאַנצער וועלט.

דאָס דאָזיקע הויז איז נישט קיין פּאַלאַץ, נישט קיין שלאָס, נישט קיין טעמפּל און אפילו נישט קיין הימל־קראַצער. עס איז אַ פּשוט הויז, ווי אַלע הײַזער, ווען איר זעט עס פון דרויסן. גאַנץ אַנדערש איז אָבער, ווען איר גייט אַרײַן אינעווייניק אין הויז און איר דערזעט, וואָס דאָרטן טוט זיך. דאַן ווערט איר נשתומם און אַנטציקט. די ערשטע עטלעכע מינוט קען אויף אײַך אפילו אָנפאַלן אַ שרעק, איר זעט, ווי געוויסע זאַכן ווערן געטון פון זיך אַליין, אָן דער הילף פון מענטשן, און איר חידושט זיך, איר פאַרשטייט נישט, ווי אַזוי דאָס ווערט געטון. טירן און פענ־סטער עפענען זיך אַליין און פאַרמאַכן זיך אַליין. אַ זויג־קינד ליגט אין אַ וויגעלע, און דאָס וויגעלע הוידעט זיך, וויגט זיך אַליין, — נישטאָ קיין מאַמע, קיין דינסט. אויבן אין הויז איז הייס, הויבט מיט אַמאָל זיך אָן צו דרייען אַ פעכער און פאָכט אויף אײַך מיט אַ לינד, אָנגענעם, קיל ווינטעלע.

איר גייט ווייטער: איין מאַשין וואַשט עפּעס, אַ צווייטע טוט אַן אַנדער אַרבעט.

איר קוקט זיך אַרום און זוכט: וווּ זענען די מענטשן? ווער טוט עס אַלץ?

נישטאָ קיינער. ווי פאַרבאָרגענע, געהיימנישפולע קרעפטן וואָלטן דאָס אַלץ געטון. ווען אַזאַ הויז וואָלט געווען אין די אַמאָ־ליקע פינסטערע צײַטן, אָדער פאַרקערט: ווען איר פירט אין דעם הויז אַרײַן עמעצן פון די אָפּגעשטאַנענע, נישט ציוויליזירטע לענ־דער פון אונזער ערד־קוגל, פון די, וואָס גלייבן אין נישט־גוטע,

אין רוחות און שדים, וואָלט יענער אַ פּאַרציטערטער געוואָרן, די האָר וואָלטן זיך אים קאַפּויר געשטעלט...

אין אָט דעם הויז איז אַלץ איינגעאָרדנט אַזוי, אַז מ'דאַרף קיין סך נישט אַרבעטן און מ'האָט נאָך דערביי אַזויפיל באַקוועמלעכקייטן, אַז דאָס לעבן קריגט נאָך מער טעם. ס'איז, בנאמנות, קיין גרויסע קונץ נישט צו זיין אַ גוטע באַלעבאָסטע אין אַזאַ הויז, און מ'דאַרף נישט זיין דוקא אַ פרוי, — אַפילו אַ מאַנסביל וואָלט שוין, דוכט זיך, געקאָנט זיין אַ גוטע באַלעבאָסטע אין אַזאַ הויז.

די מאַשין טוט אַלץ: זי באַקט, קאָכט און וואַשט.

מענטשן האָבן זיך געפּוילט צו קריכן אין דער הויך אויף אַ צווייטן, דריטן און פערטן שטאָק און ווייטערדיקע שטאָקן, האָבן זיי געמאַכט אַ ווינדע, וואָס זאָל זיי אויפהויבן אין דער הויך. פאַראַן אַ מאַסע זאַכן, וואָס מענטשן האָבן זיך געפּוילט צו טון, און זיי האָבן אויסגעטראַכט אַלערליי קונצן, דערפונדן פאַרשידענע מאַשינען צו טון דאָס פאַר זיי.

קורץ, אַ דאַנק דער מענטשלעכער פוילקייט האָבן מיר זיך אויפגעהויבן צו אונזער איצטיקער, ציוויליזירטער מדרגה. ס'הייסט, אַז מענטשלעכע פוילקייט איז די פאַרבאָרגענע טרייב־קראַפט פון אונזער פּראָגרעס.

דאָס איז, פאַרשטייט זיך, נישט מער ווי אַ שפּאַס. אָבער ווי איר זעט, איז וואָס ווייטער, — מיט דער אַנטוויקלונג פון דער מאַשינעריע, — דאַרפן מיר אַלץ ווייניקער אַרבעטן און מער רוען, ס'הייסט — זיך פוילן.

דאָס איז ניו־יאָרק, די גרויסע „סלאָט־מאַשין", וווּ איר קריגט אַלץ, וואָס אייער האַרץ גלוסט, דורך אַ דריק פון אַן עלעקטרישן קנעפּל, וואָס ווערט באַוואויגן דורך געלט.

VII

# „סענדוויטשעס“ — אַן אַמעריקאַנער מאכל

יעדעס פאָלק האָט זיך זיין נאַציאָנאַלן מאכל. די כינעזער האָבן זייער „טשאַפּ־סואי“, די יידן זייער „טשאָלנט“, די מעקסי־קאַנער זייער „טשילי־קאָן־קארנע“, די דייטשן זענען באַרימטע ביר־טרינקער, ענגלענדער מוזן האָבן זייער נאָכמיטאָג־טיי און אַמעריקאַנער זייערע — „סענדוויטשעס“.

וואָס איז דאָס אַזוינס אַ סענדוויטש? דער „סענדוויטש“ אין אַמעריקע איז צונויפגעשטעלט פון צוויי שטיקלעך ברויט און צווישן — מיט וועלכן שפּייז איר ווילט.

דער „סענדוויטש“ אין אַמעריקע איז אַ מאכל־מלכים, אַ גע־שמאַקע שפּייז, וואָס מען עסט עס אויף איין פוס. די מענטשן איילן זיך און האָבן נישט קיין צייט צו עסן ווי געהעריק. אין איירָאָפּע נעמט מען זיך צייט צו עסן. דאָ, אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע אינדוסטריעלע צענטערס, האָבן מענטשן נישט קיין צייט צו עסן, ווי מענטשן. מען איילט זיך, מען יאָגט זיך, און דער „סענדוויטש“ זעטיקט די רייכע און די אָרעמע, די באַלעבאַטים, ווי די אַרבעטער — אַלע עסן „סענדוויטשעס“.

דער עולם אין ניו־יאָרק עסט נאָר „סענדוויטשעס“. אַלץ ווערט געגעסן אין דער פאָרם פון סענדוויטשעס, די אַפּעטיטנע שפּייז באַהאַלט מען צווישן צוויי ווענטלעך פון ברויט. מיליאָנען און מיליאָנען סענדוויטשעס ווערן אויפגעגעסן אין ניו־יאָרק יעדן

טאָג. נישט נאָר עס זענען דאָ סענדוויטשעס־רעסטאָראַנען, נאָר עס זענען אויך לעצטנס דערשינען „סענדוויטשעס־פאַבריקן", ווו מען פאַבריצירט סענדוויטשעס.

עס איז נישטאָ קיין שום געריכט, קיין שום שפּייז, וואָס ווערט נישט סערווירט אין סענדוויטשעס. ניו־יאָרק האַלט אין איין שטאָפּן איר אַכט מיליאָנעדיקן מאָגן מיט סענדוויטשעס.

ווי ריזיק עס איז די מאַכט פון די סענדוויטשעס, איז זיך אוממעגלעך פאָרצושטעלן. נאָך אַלעמען, דער מאָגן איז דאָך דער באַלעבאָס פון גאַנצן קערפּער, ער האַלט אין איין פאָדערן און מען מוז אים צופרידנשטעלן, און דער ריזיקער מאָגן פון דער מיליאָנען־מאַסע פון ניו־יאָרק האַלט אין איין שטאָפּן זיך מיט סענדוויטשעס.

דער רעזולטאַט איז, אַז דער סענדוויטש איז געוואָרן איינע פון די ריזיקסטע אינדוסטריעס אין ניו־יאָרק. אויפן סענדוויטש האַלטן זיך גרויסע געשעפטן. נישט נאָר רעסטאָראַנען, קאַפע־טעריעס, מילכיקע רעסטאָראַנען עקזיסטירן מיטן חסד פון דעם סענדוויטש, נאָר אַפילו אַפּטייקן, אַפילו פינף און צען סענט־קראָמען, זאָגאַר וואַרנהייזער ציען היונה פון דעם סענדוויטש.

עס זענען דאָ אין ניו־יאָרק איבער פינף טויזנט אַפּטייקן, און עס איז שווער צו געפינען אַן אַפּטייק אין ניו־יאָרק, ווו עס ווערן נישט פאַרקויפט קיין סענדוויטשעס.

טוריסטן, וועלכע קומען אויף באַזוך קיין ניו־יאָרק, קומט אוים קאָמיש, ווען זיי זעען, ווי אין די אַפּטייקן פאַרקויפט מען מער שפּייז ווי מעדיצין. די אַפּטייקן פאַרקויפן ביכער, אַנטיקן, זייגערלעך, סיגאַרעטן, האַנטיכער און ענלעכע אַרטיקלען. לעצטנס האָבן זיי גענומען שפּייזן הונגעריקע... זיי פאַרקויפן סענדוויטשעס און קאַווע, שוין אָפּגערעדט פון לייכטע, קאַלטע געטראַנקען, ווי סאָדע־וואַסער און מילך.

אין יעדער אַפּטייק פאַרנעמט די שפּייז־אָפּטיילונג אַ וויכטי־קערן פּלאַץ, ווי די אָפּטיילונג פאַר רפואות. אין אַמעריקע הייסט אַן אַפּטייק אַ „דראָג־קראָם". אין יעדן „דראָג־סטאָר" שטייט אַ גרויסער, ריזיקער „קאַנטער" מיט הויכע, דרייענדיקע בענק־

לעך. יונגע בחורים און מיידלעך סערווירן אייך די שפייזן, ווי אין א רעסטאָראַן אָדער קאפע־הויז. די הויפּט־שפּייז איז נאַטירלעך — א סענדוויטש! עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי א העלפט פון ניו־יאָרקס באַפעלקערונג עסט אין דראַג־סטאָרס.

א לייבלעכער ברודער פון דעם סענדוויטש אין אַמעריקע איז די „פּאַי". א „פּאַי", דאָס איז א סאָרט שטרודל, וואָס באַשטייט פון צוויי שטיקלעך אויסגעבאַקענעם, דינעם טייג, אָנגעפּילט מיט עפּעס א פרוכט, אָדער אַן איינגעמאַכטס. א סענדוויטש, א פּאַי און א קאַווע, איז דער פיינסטער מאכל פון אַן אַמעריקאַנער.

אינערגעץ אויף דער וועלט עסט מען נישט אַזויפיל סענדוויטשעס און פּאַיס, ווי אין אַמעריקע, און אינערגעץ אין דער וועלט עסט מען נישט אויף אַזויפיל בערג מיט סענדוויטשעס א טאָג, ווי אין ניו־יאָרק.

אינערגעץ אין דער וועלט זענען נישטאָ אַזויפיל סענדווי־טשעס־פּלעצער, ווי אין ניו־יאָרק.

לעצטנס, ווי שוין געזאָגט, האָבן אפילו די גרויסע, ריזיקע פינף און צען סענט־קראָמען איינגעפירט סענדוויטשעס־אָפּטיי־לונגען.

עס זענען לעצטנס אויסגעוואַקסן אין ניו־יאָרק א נייער סאָרט רעסטאָראַנען, וועלכע פאַרקויפן סענדוויטשעס. די מערסטע אַזעל־כע פּלעצער זענען „טשיין"־רעסטאָראַנען, א „טשיין" מיינט א קייט; דאָס הייסט א קייט פון פּלעצער, וועלכע קוקן אויס ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט, און געהערן דער זעלבער פירמע. זייער ערשט געריכט איז א סענדוויטש און זייער לעצט געריכט איז א סענדוויטש, און דער פאַרבייס איז טיי, קאַווע אָדער מילך.

אין „טשיין" פון אַזעלכע סענדוויטש־פּלעצער אַנאָנסירט, אַז זיי סערווירן א „מאָלצייט — א מינוט" — א סענדוויטש, א שטיקל פּאַי און קאַווע, וויפל דאַרף עס דען דויערן? קאַווע טרינקט מען וויפל מען וויל פאַרן זעלבן געלט. אַנדערע פּלעצער „וואַרפן" צו פריי צו די סענדוויטשעס — אוגערקעס און אַנדע־רע געזאַלצענע מאכלים.

VIII

# וואָלקן־קראַצערס און טעלעפאָנען אין ניו־יאָרק

אין די פינף און דרייסיק יאָר, וואָס איך לעב אין ניו־יאָרק, זענען פאַר מיינע אויגן אויסגעוואַקסן „וואָלקן־קראַצערס", וועלכע האָבן איבערגעיאָגט איינע די אַנדערע.

ניו־יאָרק וואַקסט אין דער הויך — האָט מען זיך אָפּט געווּנצלט. נייע וואָלקן־קראַצערס שפּרינגען אַרויס פון אונטער דער ערד און שפּאַרן אַלץ העכער אין די וואָלקנס אַריין. — הויכע געביידעס, וואָס זענען ערשט נעכטן געווען די העכסטע אין לאַנד, זענען שוין איצט ווי איינגעשרומפּן געוואָרן. זיי זעען אויס, ווי קאַרליקעס אין פאַרגלייך מיט די נייע וואָלקן־קראַצערס.

אָט האָב איך אַליין, מיט איינציקע יאָר צוריק, באַוווּנדערט די „ווּלוואָירט־געביידע" אויף בראָדוויי, אַלס די העכסטע אין לאַנד. מען איז געקומען פון אַלע עקן וועלט באַטראַכטן די דאָזיקע געביידע. נישט לאַנג האָט די „ווּלוואָירט־געביידע" געוועלטיקט, ווייל אַביסל שפּעטער איז ווי דורך אַ צויבער אויסגעוואַקסן די „באַנק אָוו מאַנהעטען־געביידע" אויף וואָל סטריט. גלייך נאָך דעם, ווי מען האָט קוים אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם פון קוקן אין דער הויך, איז געקומען די „קרייזלער־געביידע", אויף דער 42־טער גאַס, און אַלעמען איבערראַשט. אויך די דאָזיקע געביידע האָט נישט לאַנג „געקיניגט", ווייל איצט האָט ניו־יאָרק די „עמפּייר־

געביידע" אויף דער 5־טער עוועניו און 34־טע סטריט. די גע־ביידע איז 102 שטאָק הויך.

כאָטש ניו־יאָרק קריגט צו אַלץ נייע און העכערע געביידעס, איז אָבער פּאָרט אינטערעסאַנט צו באַטראַכטן די קלענערע גע־ביידעס, ווי, למשל, די „וואָלוואָירט־געביידע", וואָס איז נאָך אויך איצט אימפּאָזאַנט און מאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק. עס וועט אייך, למשל, אינטערעסירן צו וויסן, אַז די דאָזיקע געביידע האָט מער טעלעפאָנען, ווי, לאָמיר זאָגן, גאַנץ גריכנלאַנד אָדער אַל־באַניע.

ווען מען רעדט געוויינלעך וועגן אַ טעלעפאָן, האָט מען אין זינען דעם מעכאַניזם, וואָס שטייט אויף אונזער טיש, דעם אַפּאַ־ראַט, און די, צו וועמען איר ווילט קלינגען, כּדי צו כאַפּן אַ שמועס.

דאָס איז דערפאַר, ווייל מיר אורטיילן נאָר וועגן דעם, וואָס געפינט זיך פאַר אונזערע אויגן. מיר פאַרגעסן, וואָס עס קומט פאַר אַרום אונז און אונטער אונז. ווען מען זאָל זיך אַריינ־טראַכטן אין דעם, וואָס דער טעלעפאָן באַדייט היינטיקע צייטן, וועט אייך אָנכאַפּן אַ ציטער. איבער דער גאַנצער שטאָט, אויף יעדן טריט, וואָס איר מאַכט, געפינען זיך פעדעם, וואָס זענען דורכגעקניפּט, דורכגעדרייט איינע מיט די אַנדערע און וואָס האַלטן אין אַרבעטן און טראָגן די שטימען פון מיליאָנען מענטשן.

אין די פינף טיילן, וואָס שטעלן צוזאַמען אונזער גרויסע שטאָט, געפינען זיך היינט צו טאָג איבער 2.810.591 טעלעפאָנען. די דאָזיקע צאָל איז צעטיילט צווישן די היימען און די געשעפטן. אויסער דער דאָזיקער צאָל געפינען זיך נאָך אַ הונדערט טויזנט טעלעפאָנען אין די ביידלעך, וואָס זענען באַקאַנט אַלס „עפּנט־לעכע טעלעפאָנען".

ניו־יאָרק האָט דריי מאָל אַזויפיל טעלעפאָנען, ווי לאָנדאָן, און די צאָל פון די טעלעפאָנען אין אונזער שטאָט שטייגט אַרי־בער די צאָל פון די טעלעפאָנען אין גאַנצע וועלט־טיילן.. אין טייל געביידעס האָבן מיר מער טעלעפאָנען, ווי גאַנצע לענדער. די גרייבאַר־געביידע, וואָס געפינט זיך אין דער „גרענד סענטראַל סעקשאָן", האָט מער טעלעפאָנען, ווי עקוואַדאָר; און אַזוי אויך

די „עקוויטייבעל־געביידע", די „ווהייטהאָל־געביידע" און אנדע־רע, וואָס האָבן אין זיך מער טעלעפאָנען, ווי טייל לענדער.

איבער צוועלף טויזנט מייל פון דראָט איז באַגראָבן אונטער אונזערע פיס. די דאָזיקע דראָטן ציען זיך אין טונעלן אונטער די וואַסערן, אונטער די באַנען און אין יעדן ווינקל, וווּ נאָר עס געפינען זיך הייזער און ביוראָס. מען מוז זיין פּרזיכטיק יעדע מינוט פון טאָג, ווייל טאָמער וועט עפּעס קאַליע ווערן, דאַן וועט די גאַנצע סיסטעם, וואָס פאַרבינדט טויזנטער הייזער, אויפהערן פונקציאָנירן.

ווען מען זאָל צונויפנעמען אַלע גלעקלעך פון די טעלעפאָנען און זיי צוזאַמענלייגן, דאַן וואָלטן מיר געהאַט זעקס טויזנט גלאָקן, וואָס וואָלטן געקלונגען יעדע מינוט פון טאָג אין משך פון אַ יאָר צייט, און ווי ווייט מען באַנוצט זיך מיט די טעלעפאָנען, קאָן מען זען פון דעם, וואָס אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָר האָבן פינף מיליאָן מענטשן געמאַכט יעדן טאָג פאַרבינדונגען, און ווען מ'זאָל צוזאַמענרעכענען, וואָלט אויסגעקומען, אַז יעדער בירגער פון לאַנד האָט דורכן יאָר געקלונגען צוויי הונדערט מאָל, און ווען מען זאָל אויסרעכענען וויפל עס קומט אויס אויפן חשבון פון די ניו־יאָרקער בירגער, וואָלט אויסגעקומען, אַז מען האָט גע־פירט פינף הונדערט טעלעפאָן־געשפּרעכן אַ יאָר. און נישט נאָר באַנוצט מען זיך ברייט מיט די לאָקאַלע טעלעפאָנען, — אויך מיט פאַרבינדונגען אויסער ניו־יאָרק. אויף יעדע הונדערט און זעכציק פערזאָן, האָט איינער זיך פאַרבונדן מיט אַ ווייטערער שטאָט.

די סעזאָן־צייט פאַר די טעלעפאָנען איז פון צען אין דער פרי ביז אַרום האַלבן טאָג. דאַן ווערט אַביסל שטילער און דער יאַריד הויבט זיך ווידער אָן צווישן פיר און פינף. די פריע טעלע־פאָן־געשפּרעכן זענען מערסטנס וועגן געשעפטן, די אַנדערע, שפּעטערע, זענען וועגן ביינאַכטיקע צונויפטרעפן. אַרום זיבן אין אָוונט ווערט שוואַכער ביז אויף מאָרגן פרי.

עס זענען אָבער פאַראַן צייטן, ווען דער טעלעפאָן הערט נישט אויף צו קלינגען. דאָס איז אַרום די יום־טובים. דאַן זענען



א בילד פון ניו יאָרק

די טעלעפאָן־אָנגעשטעלטע שטארק פארנומען און האָבן נישט קיין צייט אָפּצוציען דעם אָטעם.

איר קענט זיך שאַפן אַ באַגריף וועגן דעם פאַרקער אין געזעלשאַפט און אין געשעפטס־לעבן, ווען איר פאַרטראַכט זיך, אויף וויפל דער טעלעפאָן דינט די איינוווינער פון ניו־יאָרק. דאָ האָבן כמעט די סאַמע אָרעמסטע טעלעפאָנען אין זייערע וווינונגען, שוין אָפּגערעדט פון די קלענערע קראָמען.

איר קענט זיך שוין פאָרשטעלן, וויפל טעלעפאָנען עס געפינען זיך אין אַזעלכע ריזיקע געביידעס, ווי די „קרייזלער" און „עמפּייר־סטייט". נישט נאָר געביידעס פון 40 שטאָק ווערן דאָ באַטראַכט אַלס געוויינלעכע דערשיינונג, נאָר אויך געביידעס פון 75 שטאָק און העכער זענען שוין אַ וואָכעדיקע דערשיינונג.

אין גאַנץ אַמעריקע זענען פאַראַן 5.778 געביידעס פון 10 שטאָק און העכער. מער ווי אַ העלפט פון זיי געפינען זיך אין ניו־יאָרק. געביידעס, וואָס פאַרנעמען מער ווי 20 שטאָק זענען אין אַמעריקע פאַראַן נישט מער ווי 577.

די העכסטע געביידע אין ניו־יאָרק איז די „עמפּייר־סטייט"; די אינטערעסאַנטסטע געביידע איז „ראַדיאָ־סיטי", וווּ עס געפינען זיך אַ נעץ פון צענדליקער געביידעס. זיי זענען באַקאַנט אַלס „ראָקפעלער־צענטר". די דאָזיקע געביידעס זענען דאָס לעצטע וואָרט פון אַרכיטעקטור און קונסט. — דאָס איז אַ גאַנצע וועלט פאַר זיך.

הונדערט און צוויי שטאָק הויך איז די עמפּייר־סטייט־געביידע. דאָס הייסט, אַז די געביידע איז אפשר 5 מאָל אַזוי הויך, ווי דער טורעם פון בבל איז געווען. איר קענט זיך קוים משער זיין, ווי גראַנדיעז עס איז דער טורעם פון שטאָל און שטיין. עס איז פּשוט אַ פאַרגעניגן צו בלייבן אייניקע שעה אויף דעם טורעם, וווּ עס געפינט זיך אַ פיינער רעסטאָראַן און אַ קאַפע־הויז, אַ קראָם פון אַנטיקן, אַ לעזע־צימער, פאַרשידענע קונסט־בילדער, אַזוי אַז איר קענט דאָרט פאַרברענגען מיט אַ געזעלשאַפט אונטערן קלאַנג פון פיינער מוזיק.

די צופרידנקייט, די סאַטיספאַקציע, וואָס איר געפינט זיך

אין טורעם פון דער העכסטער געבײדע אין דער וועלט, קען נישט אָפּגעשאַצט ווערן. איר ווערט פּשוט געפאַנגען אין פאַרכישופטן קרייז פון סאַמע וווּנדער. איר קוקט אַרויס דורך דער גלעזערנער אָבסערוואַציע אַרום און אַרום דעם טורעם אויף דעם זעקס און אַכציקסטן גאָרן — און איר בלייבט אַ פאַרגליווערטער, איר בלייבט ווי אַ צוגעשמידטער צום אָרט. — איז דאָס ניו־יאָרק? — יאָ! — דאָס איז ניו־יאָרק. — איר זעט, ווי אַלץ זעט אויס דראָבנע־קליין, מענטשן, ווי פליגן, הייזער, ווי קינדער־שפּילעכלעך...

איר קוקט אין אַלע ריכטונגען. אין דער טיף און אין דער ברייט. — דאָ און דאָרט שפּיצן, ווי פון געזונקענע טורעמס אויף דעם גרונט פון אַ דורכזיכטיקן ים. לאַנגזאַם ווערט פאַר אייך אַלץ קלאָרער, דאָס אויג ווערט פאַרכאַפּט פון די פאַרשידענע געגנטן. אָט זעט איר דעם איסט־ריווער, אָט זעט איר דעם פּרעכטיקן האָדסאָן־ריווער. איר דערזעט די „פרייהייטס־געטין", וועלכע זעט אויס ווי אַ קליינע פיגור, וואָס ווערט געהאַלטן פון אַ קינד. אָט קומט איר אַרויס אויף דעם אָפענעם באַלקאָן, וואָס רינגלט אַרום דעם טורעם פון דרויסן. איר מאַכט אויף מויל און אויערן. איר קוקט אין דער ווייטער ווייטקייט, איר דערקענט אייער ליבע, ריזיקע שטאָט ניו־יאָרק פון אַלע זייטן. אָט איז סענטראַל־פּאַרק, ווי אַ גרינער דיוואַן זעט ער אויס פון דערווייטנס. ביי דער זייט דערזעט איר פינפטע עוועניו, איר זעט ווי די מענטשן שפּאַצירן איבער די פאַרשידענע גאַסן. די אויטאָמאָבילן זעען אויס ווי קינ־דער־וועגעלעך, וועלכע ווערן אָנגעפירט פון ליאַלקעס. די גרויסע, דערוואַקסענע מענטשן מאַכן דעם איינדרוק פון קינדערלעך.

דער קרייזלער־טורעם. — אָט ערשט נעכטן איז ער געווען דער העכסטער אין דער וועלט, אָבער איצט, ווען איר קוקט אַרונ־טער פון דעם טורעם, זעט אויס די „קרייזלער־געבײדע", ווי אַ ריז אין קייטן... עס רינגלען אַרום די געבײדע קליינע, נישטיקע היי־זעלעך. די „,וווּלוואָירט־געבײדע" איז פון עמפּייר־סטייט־טורעם קוים מערקבאַר, ווי אַלע אַנדערע ריזיקע געבײדעס פונדאַנען זעט בכלל ניו־יאָרק אויס ווי אַ שאַך־ברעט, מיט געדיכט־אויסגעשטעל־טע פיגורן. ווען איר קומט אַרויף אויף דעם הונדערט און ערשטן

שטאָק, איז שוין אַזוי הויך, אַז איר פילט זיך ווי אין אַן אַעראָ־פּלאַן אָדער צעפּעלין אין דער לופטן. איר פילט אַ קאָפּשווינדל, ווען איר קוקט אַרונטער. בײנאַכט זעט ניו־יאָרק אויס אַזוי הער־לעך פון דעם דאָזיקן טורעם, אַז אַ קאָנגרעס פון דיכטער וואָלט עס נישט געקאָנט באַזינגען, אַ קאָנגרעס פון מאָלער וואָלט עס נישט געקאָנט מאָלן, ווייל עס איז נישטאָ אַזויפיל קאָליר אין דער וועלט, צו שילדערן ניו־יאָרק, געזען פון דעם טורעם פון עמ־פּייר־סטייט־געביידע. נישטאָ אַזאַ רייכע שפּראַך, וואָס זאָל קאָ־נען שילדערן דאָס אויסזען פון דער ריזיקער שטאָט, וואָס ווערט מיט רעכט באַטראַכט אַלס דער וווּנדער פון דער וועלט.

עס איז געגנוג, ווען מיר זאָלן אייך אַריינפירן אין „וואַלדאָרף אַסטאָריאַ־האָטעל", אויף פּאַרק־עוועניו, כּדי אייך צו באַווייזן, אַז מיר פאַרמאָגן די רייכסטע און שענסטע געביידעס, וואָס אַ מוח קאָן אויסקלערן. פּאַרק־עוועניו אין ניו־יאָרק איז די גאַס פון אַמעריקאַנער מיליאָנערן, אָבער די ברייטע מאַסן קענען אַריינקו־מען אין „וואַלדאָרף־האָטעל", ווי זיי קומען אין דעם אָרעמסטן האָטעל אין יידישן קוואַרטאַל.

וואַלדאָרף אַסטאָריאַ איז 47 שטאָק די הויך און מאַכט אַן אימפּאָזאַנטן איינדרוק. דער אַריינגאַנג צום האָטעל איז נישט דורך דער גאַס, נאָר דורך אַ טויער, וואָס ציט זיך אַלס דורכפּאָר אין צענטער פון דער געביידע פון 49־טער גאַס ביז דער 50־טער גאַס.

וועגן ניו־יאָרקער האָטעלן מוז מען אָבער בכלל שרייבן, ווייל דאָס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל פאַר זיך. די האָטעלן אין ניו־יאָרק זענען אין דער אמתן פאָלקס־אינסטיטוציעס, פּונקט ווי די ניו־יאָרקער וואָקזאַלן, וועלכע זענען פריי פאַרן פאָלקס־געברויך. מיר רעדן אָבער דאָ דער עיקר וועגן וואָלקן־קראַצערס.

גרויס־שטאָטישע אַמעריקאַנער זענען איצט שוין אַזוי צוגע־וווינט צו הימל־קראַצערס, אַז זיי גייען פאַרביי די ריזיקע געביי־דעס פון שטאָל און צעמענט, זיצן אין די ביוראָען אויפן 30־טן און 40־טן שטאָק פון אַ הימל־קראַצער, און נעמען דאָס אָן פאַר אַ גאַנץ געוויינלעכער זאַך. זיי טראַכטן גאָרנישט ווי אַזוי אַ הימל־קראַצער ווערט געבויט, ווי אַזוי די ריזיקע הויכע געביידע האַלט

זיך אין ווינט, און ווי אַזוי אַ הימל־קראַצער ווערט פּאַרוואַלטעט. איבערהויפּט ניו־יאָרקער, די איינוווינער פון דער ריזיקער שטאָט, וואָס ווערט איצט אַזוי שנעל פּאַרוואַנדלט אין אַ ריזיקן וואַלד פון הימל־קראַצערס. בײַ אַ ניו־יאָרקער איז אַרויפּפאָרן און אַראָפּפאָרן דרייסיק שטאָק מיט אַ ווינדע אַזאַ געוויינלעכע זאַך, ווי זאָגן „העללאָו" דורכן טעלעפאָן.

אָבער אויסער די וווּנדער פון דער אינזשיניערן־אַרבעט פון אַ הימל־קראַצער, און אויסער די וווּנדער פון די מענטשן־פליגן, וואָס לויפן אַרום אין די ריזיקע געביידעס און וווּנדערן זיך גאָר־נישט — אויסער דעם איז אַ הימל־קראַצער אין ניו־יאָרק אַ סימ־באָל פון איצטיקן מאָמענטאַלן לעבן אין ניו־יאָרק. כּדי ווירקלעך צו זען ניו־יאָרק און באַקענען זיך מיט דעם לעבן פון ניו־יאָרק, גייט אַריין אין איינעם פון די הימל־קראַצערס און וואַנדערט אַרום אין די קאָרידאָרן, קוקט אַריין אין די אָפּענע און פאַרמאַכטע ביוראָ־טירן, פאָרט אַרויף און אַראָפּ מיט די ווינדעס און מישט זיך אויס מיט דעם שטראָם מענטשן. איר וועט אַ לאַנגע צייט אַרומגיין אַ פאַרדולטער. דערנאָך וועט איר זיך אַרומזען, אַז איר זענט אין אַ מענטשלעכן מוראַשניק, ווו אַלערליי מענטשלעכע פליגעלעך און היהלעך דראַפּען זיך אויף ווענט, איילן אַרויף און אַראָפּ, אַהין און אַהער, זיצן אין קעסטעלעך, וואָס זענען ווי די צעלן פון אַ שטיק האָניק־וואַקס, און זיי שלעפּן צו זיך אין די קעסטעלעך שטענדיק האָניק, וואָס מיר רופן — ביזנעס.

אויב איר ווילט זען דעם רווישיקן, ראַשיקן, שטופּנדיקן, כאַפּנדיקן, יאָגנדיקן ביזנעס־לעבן פון ניו־יאָרק, דאַרפט איר נאָר זען איין וואָלקן־קראַצער אין ניו־יאָרק. נישט נאָר דעם גייסט פון דער ריזיקער, האַסטיקער שטאָט, נאָר אַלץ, וואָס איר קענט געפינען אין ניו־יאָרק, געפינט איר אין איין וואָלקן־קראַצער. יעדער גרויסער וואָלקן־קראַצער איז ווירקלעך אַ שטאָט פאַר זיך.

שטעלט זיך פאָר אַ שטאָט פון צען אָדער פערצן טויזנט פאַרנומענע, פאַרהאָרעוועטע מענטשן. אַ שטאָט פון צען אָדער

פופצן טויזנט נפשות איז אין אַלגעמיין אַ היפּשער פּלאַץ, און בּפרט נאָך אַ שטאָט, ווי עס זענען דאָ צען אָדער פופצן טויזנט מענטשן, וואָס פירן בּיזנעס. דאָס דאַרף שוין זיין אַ גרויסע בּיזנעס־שטאָט. און אַזאַ שטאָט געפינט איר אין אַ גרויסן ניו־יאָרקער וואָלקן־קראַצער. וואָרום אין די געשעפט־שעהן בּייטאָג געפינט איר אין אַ וואָלקן־קראַצער פון צען בּיז פופצן טויזנט מענטשן. אַ ריזיקער בּינשטאָק, געבּויט פון אַרכיטעקטן און אינזשינירן, געבּויט פון שטאָל און אייזן, פאַר די זשומענדיקע בּיזנעס־בּינען פון דעם אַמעריקאַנער האנדל.

אַ וואָלקן־קראַצער איז פאַר זיך אַליין אַ גרויס געשעפט. עס ווערט געבּויט און „געמענעדזשט" פאַר פּראָפיטן. אין עטלעכע פון די וואָלקן־קראַצערס אין ניו־יאָרק בּאַטרעפן די „רענט" (דירה־געלט) יערלעך פון אַ מיליאָן מיט אַ האַלבּן בּיז צוויי מיליאָן דאָלאַר. דער עקוויטייבּל בּילדינג אין ניו־יאָרק ווערט אָפיציעל געשאַצט פון דער שטאָט אויף 31 מיליאָן דאָלאַר, און דער נייער הימל־קראַצער פון דער אַמעריקען־טעלעגראַף און טעלעפאָן־קאָמפּאַניע ווערט געשאַצט אויף 18 מיליאָן דאָלאַר. כּדי אַרויסצונעמען צוויי מיליאָן דאָלאַר פון דירה־געלט אונטער איין דאַך, מוז יעדע בּיוראָ, יעדעס ווינקל, יעדעס שטיקל פּלאַץ פאַרדונגען ווערן פאַר עפּעס אַ בּיזנעס־אונטערנעמונג. און צווישן דעם פונדאַמענט און דעם דאַך פון אַ וואָלקן־קראַצער געפינט איר יעדע סאָרט בּיזנעס־אונטערנעמונג. אין דעם וואָלקן־קראַצער געפינט זיך אַ רוישיקע שטאָט פון טויזנטער מענטשן, און איר געפינט דאָרטן אַלץ, וואָס איר דערוואַרט צו געפינען אין אַ שטאָט, פון אַ פריזירער בּיז אַ בּיזשוטעריע־געשעפט. אַז אַ בּיזנעס־מאַן אין אַ וואָלקן־קראַצער־בּיוראָ וויל נישט אַרויסגיין אויפן גאַס, דאַרף ער נישט אַרויסגיין פון דער געבּיידע. ער קען אַלץ קויפן אויפן אָרט: קליידער, עסנוואַרג, בּיוראָ־מאַטעריאַלן, און אַפילו בּיכער צום לייענען.

די „מעטראָפּאָליטען־לייף אינשורענס־געבּיידע", וואָס געפינט זיך אויף „מעדיסאָן־סקווער" און איסט 23־טער גאַס, האָט, למשל, אַ זייגער, וואָס איז 3 שטאָק הויך און 3 שטאָק בּרייט. דער דאָזיקער זייגער ווערט געזען פון מיליאָנען מענטשן. ער ווייזט אייך

פּרעציז די צייט אויף אַלע 4 זייטן פון ריזיקן טורעם. די דאָזיקע געבײַדע איז ממש אַ וועלט פאַר זיך.

די וואָלוואָירט־געבײַדע, ווי באַקאַנט, איז 792 פוס די הויך, און האָט 60 שטאָק. די מעטראָפּאָליטען־לייף אינשורענס־בילדינג, וואָס איז אַמאָל געווען די צווייטע העכסטע געבײַדע (אויפן פּלאַץ, ווו עס איז געשטאַנען דער היסטאָרישער מעדיסאָן סקווער גאַר־דען), איז 700 פוס די הויך און האָט 50 שטאָק.

די זינגער־געבײַדע, וואָס איז ביז איצט געווען כּמעט אַזאַ יחסן, ווי דער וואָלוואָירט־טורעם, איז שוין באַלד גאָר פון די פאַרשעמטע. עס זענען שוין דאָ פיל העכערע געבײַדעס, וועלכע זענען אויסגעוואַקסן די לעצטע צייט. די נייע פּיוראָ־געבײַדע, דער וואָלקן־קראַצער, וואָס די יידישע בוי־אונטערנעמער, די ברידער טשענין, האָבן געעפנט מיט יאָרן צוריק אויף לעקסינגטאָן־עוועניו און 42־טע סטריט, איז העכער ווי די זינגער־געבײַדע. די זינגער־געבײַדע, וואָס האָט געהאַט די זכיה צו זיין אַזוי היסטאָ־ריש אין ניו־יאָרק, אַז מען זאָל זי דרוקן אויף מיליאָנען פּאָסט־קאַרטלעך, פּונקט אַזוי ווי די וואָלוואָירט־געבײַדע, באַשטייט פון 41 שטאָק און איז 612 פוס די הויך. זענען געקומען די טשענין־ברידער און זיי האָבן אויסגעבויט אַ וואָלקן־קראַצער, וואָס האָט 52 שטאָק און איז 625 פוס די הויך. און אַנטקעגן דער נייער טשענין־געבײַדע זענען די זינגער־געבײַדע און אַנדערע פריערדי־קע וואָלקן־קראַצערס ווי אַלטע פינסטערע פעסטונגען קעגן אַ נייעם ראַדיאָ־טורעם. עס שטייט ווי אַ ריזיק הויכע ליכט, מיט אַן אָנגע־צונדענעם שפּיץ, און אַרום און אַרום פינקלט אַ ים פון פינטע־לעך, די פענסטער פון די ביוראָען אין דער געבײַדע.

און דער מאַרש פון די וואָלקן־קראַצערס האַלט אָן. אָנגע־הויבן זיך אַרום וואָל סטריט, אין דער פינאַנץ־געגנט, און אַוועק צו דער 23־טער סטריט און צו 42־טער סטריט. און נישט נאָר לעכערן זיי דורך דעם הימל איבער ניו־יאָרק, נאָר זיי פאַרשטעלן אויך די וואַסערן, וואָס רינגלען אַרום ניו־יאָרק. פריער האָבן די טורעם־שפּיצן פון וואָל־סטריט אַרומגעצאַמט דעם האַפן פון ניו־

יאָרק, און איצט וואַקסט אויס אַ צוים פון וואָלקן־קראַצערס בײ דער מזרח־זײט פון ניו־יאָרק.

ניו־יאָרק רוט נישט, ניו־יאָרק ווערט אינגאַנצן איבערגע־בויט, און דער אימפּעט ווערט אַלץ האַסטיקער און האַסטיקער. עס וויגן זיך, עס הוידען זיך אויף דראָטענע שטריק ריזיקע סטאָל־בעס פון שטאָל אין דער לופטן, עס קלאַפּן אָן אויפהער ניומאַטיק (לופט־דרוק)־האַמערס. עס גראָבן ריזיקע, מוראדיקע לאַפּעס פון אײזן מיט דאַמף־קראַפט טיף־טיף אין די שטיינער און ערד פון מאַנהעטען־אינזל, אַרײַנצופלאַנצן דאָרטן די ווונדערלעכע, מיט ווײסנשאַפט געבויטע פונדאַמענטן פאַר וואָלקן־קראַצערס. מען האַלט אין איין גראָבן און אויפרייסן די גאַסן פון ניו־יאָרק, אַרײַנ־צולייגן אַהין נאָך ריזיקע קנוילן און קניפּן פון מעטאַלענע רערן און עלעקטרישע פעדעם פאַר באַלײַכטונג, באַהייצונג און וואַסער־לייטונג פאַר דער באַפעלקערונג פון די וואָלקן־קראַצערס. וויפל מ'גראָבט און וויפל נאָך דראָטן און רערן מען לייגט אַרײַן אין דער ערד און וויפל נאָך טונעלן מען בויערט, איז אַלץ נישט גענוג.

## IX

# דער „קאָפּ“ און דער „מאָגן“

ניו־יאָרק מיט איר אַכט־מיליאָניקער באַפעלקערונג איז טאַקע א ווונדער־שטאָט, נישט אזוי צוליב איר גרויסקייט, ווי צוליב איר קאָמפּליצירטקייט. קיינער קען נישט ניו־יאָרק, ביז ער באַקענט זיך נישט מיטן „מאָגן“ און „קאָפּ“ פון דעם ריז, וואָס בייט דאָס פּנים פון טאָג צו טאָג.

איר קאָנט ניו־יאָרק שילדערן, ווי אייך געפעלט, ווי אייער פאַנטאַזיע פירט אייך, אָבער איר מוזט באַוווּנדערן דעם „מאָגן“, וואָס שפייזט די ריזיקע באַפעלקערונג. זעלטן, ווען מענטשן קימערן זיך, ווי אזוי ניו־יאָרק ווערט געשפּייזט, סיי פיזיש, סיי גייסטיק. איר ווייסט, אַז אַמעריקע האָט טויזנטער טעגלעכע צייטונגען, צווישן זיי איבער עלף הונדערט אויסלענדישע צייטונגען. איר ווייסט, אַז אַמעריקע גיט אַרויס זשורנאַלן, וועכנטלעכע און מאָנאַטלעכע, איר לייענט די דאָזיקע צייטונגען און זשורנאַלן, אָבער עס פאַלט אייך נישט איין אַמאָל זיך צו פאַרטראַכטן, ווער עס שפּייזט ניו־יאָרק און ווי אַזוי ניו־יאָרק שפּייזט זיך. ווי אַזוי קאָרמעט מען אַזאַ ריזיקע באַפעלקערונג, נישט נאָר איבערן לאַנד, נאָר ווי אַזוי שפּייזן זיך די אַכט מיליאָן מענטשן אין ניו־יאָרק?

ניו־יאָרק, וואָס האָט אַלץ אין דער וועלט, האָט אָבער אַליין נישט קיין עסן. ניו־יאָרק מוז זיך פאַרלאָזן אויף אַנדערע שטאַטן און אַנדערע לענדער. די ווײַנטרויבן, וואָס אַ בראָנזווילער ייד עסט,

זענען אפשר גאָר געקומען פון ארגענטינע. דאָס שטיקל פיינעפל, וואָס דער איטאַליענער שווארץ־ארבעטער טראָגט מיט זיך אין קעשענע, איז אפשר גאָר געקומען פון פּאָרטאָ־ריקאָ. ערגעץ אין דער וועלט האָדעווען זיך בהמות, וואָס זייער סמעטענע און די קעז, וואָס מען מאכט פון זייער מילך, ווערן אויפגעגעסן אין יאַנ־קערס. ערגעץ אין דער וועלט האָדעווען זיך שעפסן, וואָס זייער וואָל ווערט פארנוצט אין דער בראָנקס. אין ניו־יאָרק זענען נישטאָ קיין צופיל שפּייכלער פאר עסן. ניו־יאָרק איז א שטאָט, ווו מען האָט ליב פרישע זאכן.

ווען עס איז אויסגעבראָכן דער גרויסער אייזנבאַן־שטרייק אין 1921, און מ׳האָט זיך געשראָקן, אַז דער שטרייק וועט זיך פארציען זייער לאַנג, האָט מען געמאַכט א חשבון, וויפל שפּייז ניו־יאָרק האָט אָנגעגרייט אין די שפּייכלער־הייזער. עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אַז מער ווי אויף א חודש צייט וואָלט די שפּייז נישט געקלעקט. פלייש וואָלט געקלעקט אויף א זעקס וואָכן; אייער אויף א חודש. גרינס וואָלט געווען זייער ווייניק. די שטאָט וואָלט בלויז געהאַט קאָנסערווירטע עסנס און קאַווע. מיט מילך וואָלט אויך געווען גרויסע צרות.

יעדעס יאָר ווערן אין ניו־יאָרק אויסגעטרונקען גאַנצע טייכן מילך. אין א יאָר פארנוצט ניו־יאָרק ארום טויזנט מיליאָן קוואָרט מילך. 150 מיליאָן פונט פוטער ווערט אריינגעשיקט אין ניו־יאָרק יערלעך. גאַנצע בערג מיט אייער גייען דורך דורך ניו־יאָרקער מארק אין איין יאָר. ארום אכט הונדערט מיליאָן פונט פלייש ווערט געבראַכט יעדעס יאָר קיין ניו־יאָרק. גרינס קומט אריין נאָך מער.

אַז די אַלע עסנס קומען שוין אריין קיין ניו־יאָרק, הויבט זיך דאַן אָן דער אמתער קלאָפּאָט, ווי אַזוי צו פאַנאַנדערטיילן די אַלע עסנס אין אַלע ווינקעלעך פון דער שטאָט. די ניו־יאָרקער גאַסן האָבן מערסטנטייל אָן ענגן פארקער, טאַקע צוליב די וועגענער, וואָס פאָרן ארום היין און צוריק מיט די עסנס. אַז מען קוקט זיך צו צו די אומגליקס־פאַלן, וואָס פּאַסירן אין ניו־יאָרק, זעט מען, אַז די מערסטע קרבנות, וואָס קומען אום פון די אויטאָס, זענען

איינגטלעך קרבנות פון וועגענער, וואָס פירן עסן. וועגענער איילן זיך איבער די גאַסן מער ווי פּאַסאַזשיר־אויטאָמאָבילן. אַ פירער פון אַ וואָגן האָט אַ באַשטעלונג צוצושטעלן דאָ און דאָרט אַזוי־פיל פלייש, אַזויפיל ברויט, אַזויפיל אייז־קרעכ, אַזויפיל גרינס — און ער איילט זיך צו דערגרייכן יענעם פּלאַץ. דערווייל פּאַסירט אַן אומגליק. די ניו־יאָרקער גאַראַזשן זענען געפּאַקט מיט קליינע און גרויסע וועגענער. פּאָליציאַנטן האָבן ווייניק אַרבעט מיט די געוויינלעכע אויטאָמאָבילן, נאָר זיי האָבן יעדן טאָג אַ סך צו טון מיט די וועגענער, וואָס פאָרן דורך די גאַסן. אַ וואָגן פאַרנעמט אַ סך פּלאַץ, און ער קאָן אַמאָל אָפּהאַלטן דעם פאַרקער פון אַ גאַנצער גאַס. אויף די בריקן ווערט געוויינלעך איינגעטיילט, — די וועגענער פאָרן אויף איין זייט און די אויטאָמאָבילן אויף אַ צווייטער זייט. אויסער די שפּייז־וועגענער זענען נאַטירלעך פאַראַן הונדערטער וועגענער, וואָס פירן אַנדערע סחורות, און אַזוי זענען די ניו־יאָרקער גאַסן טאָג־טעגלעך געפּאַקט מיט וועגענער.

אין ניו־יאָרק זענען פאַראַן פינף גרויסע מאַרק־פּלעצער. עס זענען אויך פאַראַן אַ סך קליינע מאַרק־פּלעצער, און איבער צען טויזנט קאָלאָניאַל־קראָמען, אַרום פינף טויזנט פּעדלער, וואָס פאָרן אַרום מיט וועגעלעך שפּייז איבער אַלע גאַסן. עס זענען אויך פאַראַן טויזנטער פּעדלער, וואָס האַנדלען בלויז מיט פרוכטן.

אָט דאָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם גרויסן האַנדל פון שפּייז אין ניו־יאָרק. די ניו־יאָרקער שטאָט־רעגירונג האָט צוויי אָפּטיילונגען, וואָס זאָרגן, אַז די שפּייז זאָל געהעריק אַריינקומען און צע־טיילט ווערן צווישן דער באַפעלקערונג. די געזונטהייטס־אָפּטיילונג זאָרגט פאַר דער פרישקייט און עכטקייט פון דער שפּייז. די אָפּטיי־לונג איבער די פאַרשידענע מאַרקן הייסט „דעפּאַרטמענט אָוו מאַר־קעטס", וואָס זאָרגט וועגן דער טראַנספּאָרטאַציע און צעטיילונג פון די שפּייזן.

און אָט ווי אַזוי די שפּייז קומט איצט אָן קיין ניו־יאָרק: איינע פון די וויכטיקסטע שפּייז פאַר דער באַפעלקערונג איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, מילך. נאָענט צו דריי טויזנט וואַגאָנעס ברענגען טאָג־טעגלעך די מילך קיין ניו־יאָרק. זיי קומען פון ניו־

יאָרק־שטאַט, און אויך פון פענסילווייניאַ און מאַסאַשוטעס, ווער־מאָנט, קאָנעטיקוט און אַפילו פון קאַנאַדע. צוליב די אויסגעצייכנ־טע טראַנספּאָרטאַציע־מעטאָדן, ווערט מילך קיין ניו־יאָרק גע־בּראַכט פון שטרעקעס, וואָס זענען איבער דריי הונדערט מייל ווייט. די באַפעלקערונג אין ניו־יאָרק האָט ליב מילך, און דער פאַרבּרויך פון מילך ווערט מיט יעדן יאָר גרעסער. איבערהויפּט ווערט מילך אַ סך געטרונקען פון קינדער. אָבער די לעצטע יאָרן האָבן די דערוואַקסענע אויך אָנגעהויבּן צו באַנוצן מילך מער ווי אמאָל. אין 1922 האָט די שטאָט פאַרבּרויכט איבער 100 מיליאָן קוואָרט, היינט צוטאָג פאַרבּרויכט שוין די שטאָט איבער אַ מיליאַרד קוואָרט מילך י ע ד ן ט אָ ג. דאָס הייסט, אין אַנדערע ווערטער, אַז די באַפעלקערונג טרינקט אויס טאָג־טעגלעך אַ מיליאַרד קוואָרט מילך. כּדי די שטאָט זאָל האָבּן גענוג מילך, זענען פאַראַן איבער צוויי הונדערט און פינף און פערציק טויזנט קי, וועלכע ווערן געהאָדעוועט פאַר דעם צוועק, אויף אַן ערך 40.000 קי־פאַרמעס.

האָט דען עמעצער אַ באַגריף, וויפל פּוטער עס ווערט פאַר־נוצט אין ניו־יאָרק? אָט זענען זייער אינטערעסאַנטע ציפערן: אין 1936 האָט די באַפעלקערונג פון ניו־יאָרק פאַרנוצט איבער הונדערט און ניינציק מיליאָן פונט פּוטער. דאָס הייסט, דורכ־שניטלעך, אַרום 50.000 פונט יעדן טאָג. דאָס מערסטע פּוטער קומט קיין ניו־יאָרק פון איין שטאַט, דאָס איז, מינעסאָטאָ. איבער אַ פערטל פון דער פּוטער, וואָס מיר עסן, קריגן מיר פון דעם דאָ־זיקן שטאַט אין דער „ווערסט" (מערב). די איבעריקע שטאַטן, וואָס זענען אַזוי פּוטערלעך גוט צו אונז, זענען: אילינאָאיז, אייאָוואַ, נעבּראַסקאַ, אָהייאָ, וויסקאָנסין, אינדיענאָ, מישיגאַן, קאַנאַדע און אונזער אייגענער שטאַט, וועלכער איז דער לעצטער, וואָס שייך אונזער פּוטער־אַפּעטיט. עס איז אויך אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז מיר אימפּאָרטירן פּוטער אייניקע מאָנאַטן אין יאָר פון דע־נעמאַרק. דאָס איז אַלץ געזעדט וועגן מילך, אָבער וואָס איז מיט קעז? איז דער תּירוץ, אַז וואָס שייך קעז, איז דווקא אונזער אייגענער שטאַט, ניו־יאָרק, זייער גוטהאַרציק צו אונז, און מיר

דארפן קיין סך נישט אָנקומען צו פרעמדע גוטע פריינט. אין 1936 האָבן מיר געהאט אפעטיט אויפצועסן איבער פערציק מיליאָן פונט קעז. געווים, אימפּאָרטירן מיר אַ סך קעז פון אַנ־דערע לענדער, דער עיקר פון אייראָפּע, אָבער דאָס מערסטע קעז ווערט פאַבריצירט אין אַמעריקע. און ווי מען גיט מיר איבער, איז טאקע אונזער קעז אַ היפּש ביסל בעסער, ווי דער אימפּאָר־טירטער. אונזער אַמעריקאַנער קעז קריגן מיר אויך פון איליי־נאָיז, וויסקאָנסין, פּענסילוואַניע, אָהייאָ און קאַליפאָרניע.

עס פאַרשטייט זיך, אַז פלייש איז איינע פון די גרעסטע מאכלים אין ניו־יאָרק, דאָס הייסט, פריש־געקוילעט פלייש, נישט דאָס געדרויכערטע פלייש. ניו־יאָרק עסט אויף יעדן יאָר איבער אַ מיליארד מיט הונדערט מיליאָן פונט פלייש. כּדי אַכט מיליאָן איינוווינער זאָלן קריגן גענוג פלייש צום עסן, אימפּאָרטירן מיר מער פון פינף מיליאָן און הונדערט טויזנט קי, שעפּסן, קעלבער און חזירים יעדעס יאָר. עס פאַרשטייט זיך, אַז די מערסטע קומען פון דער ווייטער וועסט. די הויפּט־סטאַנציעס, פון וואַנען זיי ווערן אָבער דירעקט אימפּאָרטירט קיין ניו־יאָרק, זענען: קענזעס־סיטי, סענט. לואיס און, זעלבסטפאַרשטענדלעך, פון שיקאַגאָ מיט אירע באַרימטע „סטאָק־יארדס" (שעכט־הייזער).

אינטערעסאַנט זענען די ציפערן וועגן די גרינסן, וואָס מיר עסן אין ניו־יאָרק. עס זענען דאָ אייניקע וואָכן אין סאַמע סעזאָן פון זומער־גרינצייג, ווען מיר קריגן אַ היפּשן טייל פון אונזער גרינצייג פון די ווייטסטע געגנטן אין אַמעריקע און אויך פון פאַרשידענע לענדער אין אייראָפּע. אָט וואָס מיר עסן אויף אַ יאָר: אַרום 800 מיליאָן פונט קאַרטאָפל, אַרום 110 מיליאָן פונט ציבעלעס, אַרום 70 מיליאָן פונט זיסע קאַרטאָפל, אַרום 65 מיליאָן פונט ספּינאַט, אַרום 58 מיליאָן פונט לעטום (סאַלאַטן), פיל מיליאָנען פונט פעפער, אַרום 40 מיליאָן פונט בעבלעך, אַרום 30 מיליאָן פונט מערן, אַרום 20 מיליאָן פונט סעלער, אַרום 20 מיליאָן פונט אַרבעס, און אַרום 220 מיליאָן פונט אַנדערע גרינ־ציינג. עס זענען דאָ מאַנכע גרינצייג, וואָס מיר קריגן פון גאָר ווייטע לענדער. צ. ב. ציבעלעס קריגן מיר נישט נאָר פון אונזער

אייגן לאנד, נאר אויך פון שפאניע, פון דענעמארק, און אפילו פון די ברעגן פון טייך „נילוס", אין מצרים. פאמידארן קריגן מיר אויך פון אנדערע לענדער, צווישן זיי: קובע, פארטא־ריקא, בערמודא, די באהאמא־אינזלען, די קאנארא־אינזלען און אנדערע דרום־אמעריקאנישע לענדער.

אט אזוי ווערט געשפייזט די אכט מיליאניקע באפעלקערונג. דער „מאגן" ווערט גוט באזארגט, און אויך אויף דעם גייסטיקן שפייז, אויף די צייטונגען, האבן מיר זיך אויך נישט וואס צו באקלאגן. די ענגלישע, ווי די אויסלענדישע צייטונגען, זענען פארשידנארטיק, — פונקט ווי די שפייז פארן מאגן. יעדע צייטונג, יעדער זשורנאל, באפרידיקט א געוויסן קלאס לייענער. יעדע צייטונג האט אן אנדערע ריכטונג, באנוצט אן אנדער שפראך, דורך וועלכער זיי אילוסטרירן און שפיגלען אפ דאס אמעריקאניש־קאכעדיקע לעבן.

די אמעריקאנער פרייהייט און דעמאקראטיע ווערט אמ־שטארקסטן דעמאנסטרירט דורך די דאזיקע צייטונגען. דא שרייבן די צייטונגען אלץ, וואס זייער געוויסן דיקטירט זיי. דאס הייסט נישט, אז מען מיסברויכט נישט די פרייהייט פון ווארט, אבער דאס אליין איז אינטערעסאנט. נישטא קיין צענזור, נישטא קיין דיקטאטור. יעדע צייטונג שרייבט, וואס זי וויל, און ווי אזוי עס לוינט פאר אירע אינטערעסן. די רעגירונג מישט זיך נישט אין די רעדאקציאנעלע אנגעלעגנהייטן אדער פאליטישע אנשויאונ־גען. מיר האבן אין ניו־יארק מארגן־צייטונגען און נאכמיטאג־צייטונגען. מאנכע פון זיי בעסער, אנדערע — ערגער, אבער קיינע פון זיי וואגט נישט אפן צו העצן איין קלאס קעגן אנ־דערן.

די יידישע צייטונגען שפילן דא א וויכטיקע ראלע אין עפנט־לעכן לעבן. יעדע צייטונג האט אירע לייענער. יעדע צייטונג האט אן אנדער ריכטונג. מיר יידן קאנען נישט לעבן מיטן גייסטיקן לעבן פון דעם אמעריקאנער. מיר זענען אנדערש, אינגאנצן אנ־דערש פונם אמעריקאנער. דער יידישער לייענער שטעלט זיך נישט צופרידן מיט טרוקענע נייעס, ער וויל מער ווי דאס. די יידישע

צייטונגען זענען דעריבער אַ קאָמבינאַציע פון צייטונג, זשורנאַל און בוך.

די פאַרשידענע פעלקער־גרופּן, וואָס האַלטן נאָך אין קומען אַהער, אַסימילירן זיך דאָ, ווערן נישט נאָר בירגער פון לאַנד, נאָר אַמעריקאַנער אין שפּראַך און אין גאַנצן לעבן. אַ לענגערע צייט אָבער מוזן די אַלע ניי־אַריבערגעקומענע אימיגראַנטן־גרופּן אָנהאַלטן די פאַרבינדונג מיט דער אַלטער היים, מיט דער אייגענער שפּראַך, מיט די אייגענע נאַציאָנאַלע מנהגים און דער אייגענער גייסטיקער ירושה. און דאָ האָבן מיר דעם רייכן קוואַל פון דער היגער אימיגראַנטישער ליטעראַטור, סיי פון דער, וואָס ווערט געשאַפן אין דער הערשנדער שפּראַך פון לאַנד, און סיי פון דער פרעמד־שפּראַכיקער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך אין אַמעריקע זייער שטאַרק צעוואַקסן און צעבליט.

מער ווי ביי אַלע פרעמד־שפּראַכיקע גרופּן האָט זיך די פּרעסע און די ליטעראַטור צעבליט ביי אונז, יידן. צוליב אונזערע באַזונדערע באַדינגונגען איז ניו־יאָרק געוואָרן דער וויכטיקסטער צענטער פון דער יידישער פּרעסע און ליטעראַטור.

דער גרעסטער קולטורעלער אויפטו פון די אימיגראַנטישע גרופּעס אין אַמעריקע איז זייער מעכטיקע פּרעסע.

פרעמדשפּראַכיקע צייטונגען האָבן אין אַמעריקע עקזיסטירט אין די ערשטע צייטן פון דער רעפּובליק און נאָך פריער. עס איז פאַראַן אַ דייטשע צייטונג, וואָס גייט אַרויס אָן הפסקות זייט די לעצטע 120 יאָר. זי איז איינע פון די עלטסטע צייטונגען אין לאַנד. די דענער, וועלכע באַרימען זיך, אַז זייער לאַנדסמאַן יאָנאַס בראָנק האָט געגרינדעט די איצטיקע יידישע בראָנקס מיט אַרום 300 יאָר צוריק, האָבן דאָ אַרויסגעגעבן זייער ערשטע צייטונג מיט איבער הונדערט יאָר צוריק, אין 1820. די ערשטע איטאַליענישע צייטונגען זענען געגרינדעט געוואָרן אין 1880. אַרום יענער צייט האָבן גענומען דערשיינען אויך יידישע צייטונגען אין אַמעריקע.

זעקס מיליאָן אַמעריקאַנער בירגער און איינוווינער לייענען היינט צייטשריפטן אויף פאַרשידענע פרעמדע שפּראַכן. עס זענען

איצט פאַראַן אַרום עלף הונדערט טעגלעכע און אַנדערע פרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען אין אַמעריקע.

די בעסטע צייט פאַר דער היגער פרעמד־שפּראַכיקער פּרעסע איז געווען אין די ניינציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. זינט דעמאָלט, און באַזונדערס זינט עס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די אימיגראַציע, איז די פרעמד־שפּראַכיקע פרעסע געפאַלן, אָבער ניט אַזוי פיל, ווי מען קאָן מיינען.

די דייטשע פרעסע איז דאָ די גרעסטע. אַמאָל איז זי געווען זייער מעכטיק, האָט פאַרמאָגט 800 צייטשריפטן, און די „שטאַטס־צייטונג" איז געווען איינע פון די איינפלוסרייכסטע צייטונגען אין לאַנד. איצט זענען פאַראַן 219 דייטשע צייטשריפטן, צווישן זיי 22 טעגלעכע. די ברידער רידער, די אַרויסגעבער פון דער „שטאַטס־צייטונג", האָבן אַ קייט פון אַנדערע צייטונגען. צו זיי געהערן אַן ענגלישע צייטונג אין סט. לואיס און אַ ריי ענגלישע צייטונגען אין לאָנג איילענד.

נאָך די דייטשן קומען די פּאָליאַקן מיט 21 טעגלעכע און 55 וועכנטלעכע צייטונגען. די פּאָליאַקן שאַצן, אַז זיי האָבן דאָ אַנדערהאַלבן מיליאָן לעזער פון זייערע צייטשריפטן. די נאָרוועגער, וועלכע ציילן דאָ גאַנצע צוויי מיליאָן, האָבן נאָר 2 טעגלעכע און 30 וועכנטלעכע צייטונגען, אפשר דערפאַר, ווייל זיי זענען מערסטנס פאַרמערס און האָבן נאָר צייט צו לייענען זונטאָג. די ליטווינער האָבן 3 טעגלעכע און 30 וועכנטלעכע צייטונגען ; די רוסן — 5 טעגלעכע און 26 אַנדערע צייטשריפטן ; די יוגאָ־סלאַוון — 6 טעגלעכע און 36 וועכנטלעכע . די שוועדן — 50 וועכנטלעכע, און קיין איין טאָג־צייטונג ; די פינען — 6 טעג־לעכע און 15 וועכנטלעכע. נאָך די דייטשן און פּאָליאַקן האָבן די גרעסטע צאָל צייטונגען די איטאַליענער — 10 טעגלעכע און 148 אַנדערע, און די טשעכאָסלאָוואַקן — 15 טעגלעכע, און 121 אַנדערע צייטשריפטן. עס איז פאַראַן אויך אַ גרעסערע צאָל שפּאַנישע צייטונגען, אָבער זיי גייען זייער אָפט ביסלעכווייז אַרי־בער צו ענגליש.

די „הויפט־שטאָט" פון דער פרעמד־שפּראַכיקער פּרעסע אין ניו־יאָרק. דאָ גייען אַרויס די „גרויסע צען" צייטונגען: „פאָרווערטס", „מאָרגן־זשורנאַל", דער „טאָג" און „פרייהייט", די דייטשע „שטאַטס־צייטונג", צוויי איטאַליענישע צייטונגען, אַ פראַנצויזישע צייטונג, אַ צייטונג אין שפּאַניש און אַ צייטונג אין אונגאַריש. אַ זעקס־מיליאָניקע מאַסע אין אַמעריקע שעפּט שטענדיק איר אינפאָרמאַציע פון 11 הונדערט צייטשריפטן אין אומגעפער 40 פרעמדע שפּראַכן.

X

# בראָדוויי – די גרעסטע און רייכסטע גאַס אין ניו־יאָרק

בראָדוויי!

רויטע, גרינע, בלויע, אָראַנזש־וויאָלעט — אַ רעגנבויגן־קאָליר פון אַנאָנסן: עלעקטרישע דאַמען אויסגעפוצט אין גאָלד און אין זילבער, ווייסע שוואַנען, פיש, טאַנצנדיקע אַקראָבאַטן אין בלוי־גרינע בלוזעס — בראָדוויי די „קעניגין" פון ניו־יאָרק בליט ווי אַ גאָרטן דורך דער קראַפט פון עלעקטרי... עלעקטרישע לעמפּלעך באַלייכטן די ריזיקע, גרויסע גאַס.

בראָדוויי ווערט באַטראַכט פאַר דער הויפּט־גאַס אין ניו־יאָרק און פאַר איינע פון די באַרימטעסטע גאַסן אין דער וועלט. בראָדוויי ציט זיך פון דער „באַטערי", וווּ עס געפינט זיך דער „אַקוואַריום" ביז יאָנקערס, אַ שיין פּרעכטיק פאָרשטעטל פון ניו־יאָרק.

דער לאַנגער, שמאָלער אינזל „מאַנהעטען", וואָס מיר רופן אָן ניו־יאָרק, ווערט כמעט אין דער מיטן דורכגעשניטן דורך דער דאָזיקער באַרימטער גאַס בראָדוויי, — אָט דאָס מאַכט בראָדוויי פאַרן מיטלפּונקט פון פאַרקער, אַזוי אַז וווּ איר זאָלט זיך נישט געפינען, מוזט איר אַריינגעצויבערט ווערן אין בראָדוויי. אָט די באַרימטע גאַס שטעלט מיט זיך פאָר דאָס אייביק־לעבעדיקע, רוי־שיקע ניו־יאָרק — דעם שטענדיק רוישיקן מאָדערנעם — בבל.

דער אָנפאַנג פון בראָדוויי, וואָס איז לאַנג איבער 5 מייל, איז 80 פוס ברייט און ציט זיך ביז דער 95־טער גאַס און סענ־טראַל־פּאַרק. דערנאָך ווערט די גאַס ברייטער ביז 150 פוס די ברייט. דער דאָזיקער טייל ווערט אָנגערופן גרענד־בולוואַרד. דעו „דאַון־טאַון", וואָס איז דער אָנפאַנג פון בראָדוויי, שליסט איין די ריזיקע געשעפטן, באַנק־הייזער טראָסטס, פאַרזיכערונגס־געזעל־שאַפטן, פאַבריק־קאַנטאָרן, וועקסל־הייזער און שיף־געזעלשאַפטן.

ארום „סיטי־האָל־פּאַרק" געפינט זיך דער מאַגיסטראַט, ווו דער שטאָט־מאַיאָר פירט אָן מיט דער שטאָט־באַלעבאַטישקייט ארום און ארום געפינען זיך געריכט־הייזער, שטאָטישע געביי דעם, וועלכע פאַרצירן די גאַסן מיט זייער אימפּאָזאַנטקייט. דאָ אין דער געגנט גיסט זיך צונויף בראָדוויי מיט „פּאַרק־ראָו". דאָ גע־פינט זיך אַ סקווער, אויף וועלכן עס שטייען די סטאַטוען פון בענדזשאַמין פרענקלין און האָראַס גרילי. אַזוי קענען מיר איין פירן פון געביידע צו געביידע, פון גאַס צו גאַס, אָבער אַלץ גרע־נעצט זיך מיט בראָדוויי. דאָס זענען אָבער אַלץ פּראָלאָגן צום אמתן בראָדוויי, וואָס וויקלט זיך פאַנאַנדער אין דער גאַנצער פּרעכטיקייט אין „טיימס־סקווער", פון דער 42־טער ביז דער 59 טער גאַס.

די נייע, גרויסע יידישע שפּאַציר־גאַס אין ניו־יאָרק איז איצט בראָדוויי.

נישט דער טייל פון בראָדוויי, ווו ס'געפינט זיך די טעאַטער־געגנט, נאָר דער טייל פון בראָדוויי, וואָס הויבט זיך אָן פון דער 72־טער גאַס און פאַרענדיקט זיך ביי דער 100־טער גאַס. דעו דאָזיקער טייל ווערט גערופן „אָפּער"־בראָדוויי — „די אויבער־שטע בראָדוויי".

דאָרטן איז די נייע סעקאָנד־עוועניו און דילענסי־גאַס פון ניו־יאָרק. דאָרטן איז איצט די גאַס, ווו מען זעט דעם שטראָם פון דעם איצטיקן אַמעריקאַניש־יידישן לעבן, ווי מען קאָן עס נאָר זען אין ניו־יאָרק.

דער גורל האָט געמאַכט דעם יידן פאַר אַ וואַנדערער. דאָס יידישע לעבן וואַנדערט; און אין ניו־יאָרק, דאָס „ירושלים פון

אַמעריקע", וואַנדערן די יידישע גאַסן. די באַרימטע יידישע גאַסן אויף דער „איסט־סייד", ווו אַמאָל האָט געשוויבלט און געגריבלט מיטן יידישן עמיגראַנטן־לעבן, זענען מער נישט קיין יידישע גאַסן. יידישע פאַמיליעס האָבן זיך באַזעצט אין די בראָנקס און ברוק־לין; אויסגעבויט דאָרטן גאַנצע שטעט, מיט גאַסן פון יידישע געשעפטן, מיט שולן, זאַלן אויף חתונות און פאַרזאַמלונגען.

בראָדוויי איז, אַזוי צו זאָגן, דער נערוו־צענטער פון ניו־יאָרקער יידן. די דאָזיקע גאַס איז פאַר די יידן אין יענער געגנט דאָס, וואָס די צווייטע עוועניו איז פאַר די „איסט־סיידער" יידן. בראָדוויי שפּיגלט איצט אָפּ די באַפעלקערונג, וואָס וווינט איצט אויף דער וועסט־סייד־געגנט פון ניו־יאָרק — יידן, דורכויס יידן.

איבער דער גאַנצער וועלט וועט איר נישט טרעפן אַזאַ גרויסע, לעבעדיקע פּאַראַדנע גאַס, ווי אָט דער טייל פון בראָדוויי איז איצט.

די גאַס ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ יידישער און יידישער. ס'איז אַ קנויל — אַ סעקאָנד־עוועניו, וואַרשעווער נאַלעווקעס, ווילנער־שול־הויף, בראָנזוויל. לעמבערג און ניו־יאָרק צוזאַמענגע־קניפּט. עס איז אַ רוישיקע געשעפט־גאַס און שפּאַציר־גאַס, אין וועלכער יידן פון דער גאַנצער וועלט האָבן אָנגעטראָגן די פאַרבן און שטריכן פון אַלע לענדער און צוזאַמענגעשמאָלצן אין אַמע־ריקאַנער יידישן בּרען פון פּוץ און האַנדל. עס איז די נייע יידי־שע קעסל־גרוב, ווו ניו־יאָרקער יידן, איין דור ווייט פון אונזערע עמיגראַנטן, צעשמעלצן זיך איצט אין אַן אייגענער אַמעריקאַנער פאָרם.

ווען איר וועט אַמאָל שפּאַצירן אין דער גאַס, אַ זונטאָג אָדער שבת ביינאַכט, וועט איר האָבן דעם איינדרוק, אַז דער טייל פון בראָדוויי פאַרמאָגט מער יידן, ווי גאַנץ פּוילן. אַ שפּרונג פון בראָדוויי געפינט זיך די פּאַראַדנע גאַס, וואָס רופט זיך „ריווער־סייד דרייוו", וואָס ציט זיך ביים ברעג פון דעם „האָדסאָן־טייך".

ריווערסייד דרייוו, וואָס איז ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק

געבויט געוואָרן פאַר אַמעריקאַנער מיליאָנערן, איז איצט כּמעט אינגאַנצן אַ יידישע גאַס. די אַלטע הייזער פאַרשווינדן און עס וואַקסן אויס ריזיקע אַפּאַרטמענט־הייזער, וווּ עס וווינען יידישע קליידער־פאַבריקאַנטן, אַדוואָקאַטן און דאָקטוירים.

די געגנט ווערט פאַררעכנט אַלס דער בעסטער פּלאַץ פאַר פּריוואַטע וווינונגען אין ניו־יאָרק. עס איז אין צענטער פון ניו־יאָרק, נאָענט פון דער טעאַטער־געגנט, נאָענט פון דער געשעפט־געגנט, נאָענט פון די ביוראָס און פאַבריקן. עס האָט אויך די גרויסע מעלה, וואָס סענטראַל־פּאַרק איז פון איין זייט, און ריווער־סייד־פּאַרק מיטן האָדסאָן־טייך ביים צווייטן זייט. ווער האָט אויס־געבויט די גרויסע אַפּאַרטמענטס דאָרטן? יידן, און יידן האָבן זיך אהין אריינגעקליבן.

אַלס אַ געשעפטס־גאַס האָט די יידישע בראָדוויי קיין גלייכן נישט צו זיך. דאָרט זענען געעפנט געוואָרן די ריזיקסטע קראָמען, דאָרט שוויבלט מיט מענטשן, אָבער מער ווי אַלץ וואַרפן זיך אין די אויגן די שפּייז־קראָמען און קאַפע־הייזער. איר זעט שוין אַפילו שילדן „כּשר". די מערסטע רעסטאָראַנען מיט די כּשר־שילדן געפינען זיך דאָרט אַרום בראָדוויי. אויף „טיימס־סקווער" און „ריווערסייד־דרייוו" זענען אַזעלכע רעסטאָראַנען נישטאָ.

די גרעסטע צוקערניעס, וואָס פאַרמאָגן אויך רעסטאָראַנען, האָבן געעפנט ריזיקע אָפּטיילונגען אויף דער „יידישער בראָדוויי". אַרום די דאָזיקע „צוקערניעס" זעט מען שטענדיק אַ יאַריד פון אויסגעפּוצטע יידישע פרויען, יונגע און אַלטע, מאַמעס און טעכ־טער, באָבעס און אייניקלעך — דאָס זענען אַמעריקאַניזירטע יידן. זיי זיצן אין די דאָזיקע רעסטאָראַנען און צוקערניעס, עסן קוכן, טרינקען שאָקאָלאַדע און פאַרענדיקן מיט „לאָדעס", וואָס מען רופט אין אַמעריקע „אייז־קרעם". די מערסטע פרויען קאָכן נישט אין זייערע היימען, זיי עסן אין די רעסטאָראַנען.

די שענסטע מאָדע־קליידער ווערן פאַרקויפט אין דער געגנט פון יידישן בראָדוויי, דאָרט געפינען זיך שיינהייטס־אינסטיטוטן (ביוטי פּאַרלאָרס), וווּ פרויען פאַרברענגען יעדן טאָג אַ היפּשע צייט. זיי פּוצן זיך די נעגל, קעמען זיך די האָר, מאַסאַזשירן זיך.

און מאכן זיך יינגער, אזוי אז מען זעט זעלטן גרויע, אַלטע פרויען. זיי זענען בלאָנד, רויט, שוואַרץ, אָבער נישט גרוי...

נאָך גרעסער און גלענצנדער ווי די געשעפטס־גאַס, איז דער דאָזיקער טייל פון בראָדוויי אַלס בולוואַר, אַלס שפּאַציר־גאַס. אין שענסטן זונטאָג פון יאָר האָט נישט די פינפטע עוועניו אַזאַ פּאַראַד פון שפּאַצירער, ווי די יידישע בראָדוויי. נאָר צו וואָס פאַרגלייכן בראָדוויי מיט דער פינפטער עוועניו, ווען בראָדוויי איז אין אמתן די רייכסטע און שענסטע גאַס אין דער וועלט. אַ ברייטער בולוואַר מיט אַ פּאַרק אין דער מיטן, מיט שיינע קראָמען אויףביידע זייטן גאַס, וואָס קענען זיך אין אַלע הינזיכטן פאַרגלייכן מיט דער פינפטער עוועניו.

ווען די קריסטן האָבן געוווינט אויף וועסט־ענד עוועניו און סענטראַל־פּאַרק וועסט, האָט בראָדוויי נישט געהאַט אַזאַ פּאַראַד פון שפּאַצירער. יידן מוזן האָבן לופט, זיי מוזן זיך אַרויסלאָזן אויפן גאַס, באַגעגענען זיך מיט מענטשן. פון די ריזיקע אַפּאַרטמענט־הייזער, האָטעלן און אַלטע, מאַרמאָרנע הייזער אויף וועסט־ענד עוועניו, סענטראַל־פּאַרק וועסט און פון אַלע זייטיקע גאַסן, — פון אומעטום לאָזט מען זיך אַרויס זונטאָג ביי טאָג שפּאַצירן אויף בראָדוויי.

עס איז אַ מערקווירדיקער פּאַראַד, וואָס ווייזט אייך אַלע שטריכן פון יידישן לעבן אין אַמעריקע.

עס איז דער פּאַראַד פון דעם פאַרמעגלעכן יידישן אַמעריקאַנער געשעפטס־מאַן, פון זיין פרוי און טאָכטער און איידעם. אָבער עס מישן זיך אויך אין דעם פּאַראַד שטיקער פון דער צווייטער עוועניו, סימנים פון ריווינגטאָן־גאַס, באַגריסונגען אויף מאָסקווער רוסיש, לאָדזשער דייטש. איר הערט הויכע געשפּרעכן אויף ענגליש, וואָס קלינגט ווי ווילנער יידיש און איר הערט, פונקט פאַרקערט, יידיש, וואָס איז דריי פערטל ענגליש.

דאָס אַליין גיט אייך בלויז אַ באַגריף, וואָס עס טוט זיך אויף בראָדוויי, אָבער אין אמתן איז שווער צו שילדערן דעם טייל פון בראָדוויי, וואָס קרייצט זיך מיט „טיימס־סקווער". אָט דאָ שוויבלט און גריבלט, דאָ אַמוזירט מען זיך. דאָ פּילט איר, ווי די

גאַנצע וועלט ווערט אַלט, נאָר אַמעריקע ווערט יִינגער. דאָ גלוסט זיך אייך צו הוליען! די טעאַטערס, די קאַפע־הייזער, די פילם־פּאַלאַצן ציען אייך, ווי מאַגנעטן. איר ווערט אַריינגעצויגן אין כּישוף־ראָד פון אייביקן לעבן, איר פאַרגעסט אין אייער עלטער, עס גלוסט זיך אייך לעבן אויף בראָדוויי!

עס וועט נישט זיין איבערגעטריבן, ווען איך וועל אייך זאָגן, אַז ארום „טיימס־סקווער" זענען פאַראַן אַ וואָסערע 50 טעאַטערן, וואָס מאַכן גאָלדענע געשעפטן, נישט נאָר פון ניו־יאָרקער, נאָר פון דעם קאַרגן מיליאָן באַזוכער, וואָס קומען יעדן טאָג קיין ניו־יאָרק — און לויפן אויף „טיימס־סקווער", ווייל אויף בראָדוויי געפינען זיך די מערסטע האָטעלן און רעסטאָראַנען, וואָס באַצויבערן נישט נאָר אויסלענדער, נאָר אפילו ניו־יאָרקער אויך...

שטראָמען מענטשן יאָגן זיך איבער בראָדוויי, זיי ווערן פאַרמישט מיט די ניו־יאָרקער און דרייען זיך אין שטורעמדיקן ראָד פון לעבן. איר זעט פאַר זיך אַ פאַנטאַסטישן ים פון מענטשן־קאָליר — ביינאַכט זעט איר ווי די הונדערטער עלעקטרישע שילדן פירן אַ קאַמף מיט דער פינצטערקייט — איר זעט ממש ווי די טונקלקייט ווערט דערשטיקט... די דאָזיקע שפּיל האָט קיין סוף נישט. דאָס לעבן טוט זיך אָן אין ראָמאַנטישע קאָסטיומען און פאַרבן, און עלעקטריע באַלעבט אַלץ, און איר זעט בראָדוויי אַלס פאַנטאַסטיש שפּילצייג...

בראָדוויי איז די רייכסטע גאַס אין דער וועלט. די קעניגין פון אַלע אַנדערע גאַסן, וואָס באַצויבערט אייך מיט אמתן לעבן... די גאַס, וואָס רופט אייך צום לעבן און דערוועקט אין אייך לעבנס־לוסט, די גאַס, וואָס דערוועקט אין אייך יוגנט און אַ יום־טוב־שטימונג...

איבער בראָדוויי ליגט צעגאָסן אַ כּישוף, וואָס שפּיגלט אָפּ דאָס גאַנצע קאָכיקע לעבן פון דער לעגענדע ניו־יאָרק.

פון באַטערי־פּלאַץ הויבט אָן בראָדוויי צו שלענגלען זיך, צו הנדלען זיך איבער דער לענג פון גאַנצן אינזל „מאַנהעטען". אָט פון סאַמע אָנהויב: דער ים קוקט אויף בראָדוויי מיט אויגן פון אַ פאַרליבטן אין דער „געטין פון פרייהייט", באַגלייט בראָדוויי

אויף אירע ערשטע שריט פון אונטער דער הויך־באַן, וואָס דרייט זיך אַריין אין דער וועסט, ווו עס וווינען די אַראַבער, גריכן און סיריער.

די הייזער אויף בראָדוויי האָבן אַ באַזונדערן חן, כאָטש אין אמתן איז פון אָנהויב די גאַס אַזוי שמאָל, אַז מען זעט כמעט קיין הימל נישט... מער רעכטס, אַביסל נאָענט פון בראָדוויי, שלאָגט איר זיך אָן אין וואָל־סטריט, עס איז אָבער שווער, כמעט אוממעגלעך צו געבן אַ בילד פון בראָדוויי. ווייל יעדער איינער זעט עפּעס אַנדערש אויף דער צויבער־גאַס, וואָס מאַנכע רופן זי „מילק־סטאַקינגס־דיסטריקט" (זייד־זאָקן ראַיאָן). דאַ איז אַ מאָדערנער בבל — דאָ הוליעט דער ווילדעסטער קאָנטראַסט פון לעבן. דאָ זעט איר דעם ברוטאַלסטן אימפּעט און די צעשויבערטסטע, אויסגעלאַסנסטע פרייד, ווילדע שיכּרות און איידעלן דורשט נאָך קונסט; אַ גיפטיקן שמייכל און אַן איידעלן קאָמפּלימענט, אמתע פרייד און פּאַרוויטאָגטע, דערשטיקטע טרערן, — אי גיפט, אי האָניק, — און אַלץ שפּילט זיך אָפּ אונטער די בישופּדיקע פייערן פון בראָדוויי.

XI

## די ניו־יאָרקער ביבליאָטעקן

פונקט ווי ניו־יאָרק איז רייך אין טעאַטערן, נאַכט־קלובן און שפּאַציר־גערטנער — אַזוי איז זי אויך רייך אין ביבליאָטעקן. אין אויסלאַנד האָבן אַ סך מענטשן דעם איינדרוק, אַז אין אַמע־ריקע — זיי מיינען: ניו־יאָרק, — איז מען בלויז פאַראינטערע־סירט אין ביזנעס (געשעפט), און אַ הויז מיט געשעפט אינטערע־סירט מען זיך דאָ מיט גאָרנישט.

די אַמעריקאַנער ווערן פאַרשריגן אַלס פּראַקטישע, טרוקענע מאַטעריאַליסטן, וואָס האָבן נישט קיין שום אידעאַל, קיין שום גע־פיל אָדער שטרעבונג נאָך וויסן. מען זאָגט אויך, אַז אַמעריקאַ־נער זוכן אין לעבן בלויז דאָס פּראַקטישע.

דאָס איז אָבער אַ פאַלשע מיינונג.

די אַמעריקאַנער פאַרבינדן דאָס פּראַקטישע מיט אידעאַליזם. זיי ווילן נישט לעבן פון ליטעראַטור אָדער קונסט. זיי האָבן אָבער אַ טיפן און הארציקן אינטערעס צו ליטעראַטור און קונסט. אַמע־ריקאַנער קויפן די פיינסטע קונסט־בילדער; אַמעריקאַנער האָבן אַ פאַרלאַנג און אַ דורשט צו בילדונג און וויסן; אַפילו פון זייער „ספּאָרט" מאַכן זיי אַן אידעאַל. דאָ רופט מען אַ פיינעם מענטשן — אַ „ספּאָרט", דאָס באַדייט, אַז דער מענטש איז אַ „דזשענטעלמאַן" און מען קאָן זיך אויף אים פאַרלאָזן.

— ניו־יאָרק אַליין האָט איבער 500 ביבליאָטעקן (די פּריוו־ניקטע שטאַטן פאַרמאָגן איבער 6.000 ביבליאָטעקן). —

איך וועל זיך דאָ אָפּשטעלן בלויז אויף דער ריזיקער שטאָט־ביבליאָטעק, וואָס געפינט זיך אויף דער פינפטער עוועניו און 42־טער גאַס. זי איז אַ שיינע, ווייס־מאַרמאָרנע געביידע מיט פאַרשידענע אָפּטיילונגען פאַר אַלע שפּראַכן. פאַרשטייט זיך, אַז צווישן זיי איז אויך אַריינגערעכנט העברעיִש און יידיש.

די ביבליאָטעק אָרדנט איין קונסט־אויסשטעלונגען פון די עלטסטע ביז די מאָדערנסטע מאָלער. די אַמעריקאַנער רופן די שטאָטישע ביבליאָטעק „פּאָבליק לייברערי" — „די ביבליאָטעק פאַרן פאָלק".

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז די איצטיקע „פּאָ־בליק לייברערי" האָט זיך אַמאָל געפונען אין סאַמע צענטער פון יידישן קוואַרטאַל, ווו עס געפינט זיך אַצינד די גרויסע יידישע אימיגראַציע־געזעלשאַפט, דער „האיאס" (425 לאַפאיעט־גאַס).

שטיין שטייט די ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק אין סאַמע צענטער פון שטאָט — דאָס בעסטע אָרט, דאַכט זיך, פאַר אַזאַ אינסטיטוציע, ווו עס איז לייכט צוצוקומען פון אַלע עקן און טיילן פון ניו־יאָרק, אפילו פון די סאַמע ווייטסטע געגנטן. האָט עס אָבער אַ גרויסן חסרון, וואָס זייטיקע מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין שום מגע ומשא מיט דער ביבליאָטעק, קומען אויך אַהין, און דאָס איז אַ גרויסע שטערונג פאַר די סטודענטן און פאָרשער, וואָס קומען אין דער ביבליאָטעק גריבלען, פאָרשן, שטודירן און לייע־נען, און זיי ווערן נישט איינמאָל געשטערט דורך די זייטיקע מענטשן, וואָס שטראָמען צו דער ביבליאָטעק אין די טויזנטער.

אויף זומער האָט די שטאָט איינגעאָרדנט אַ פיינעם לייען־פּלאַץ אין גאָרטן, וואָס רינגלט אַרום די ביבליאָטעק. דער גאָרטן רופט זיך „ברייענט־פּאַרק". אָנגעשטעלטע פון דער שטאָט־ביב־ליאָטעק ברענגען אייך דאָרטן צייטונגען און זשורנאַלן צום לייע־נען.

די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט דעם פּלאַץ געגעבן אומזיסט

פאַר דער ביבליאָטעק, וואָס דינט אַלס גייסטיקער צענטער פאַר דער אינטעליגענץ פון ניו־יאָרק און אומגעגנט.

די געביידע איז זייער אימפּאָזאַנט: ברייטע און צאָלרייכע טרעפּ פירן אַרויף צום אַריינגאַנג אויף דער פינפטער עוועניו, וועלכער איז דער צענטראַלער פּונקט פון ניו־יאָרקער הו־האַ, און זי קוקט דערפאַר אויס מיט איר באַשיידענער רואיקייט, ווי אַ גרי־נער אינזל אין אַ רוישיקן ים. מיט אירע נישטיקע פיר שטאָק סטאַרטשעט זי אַרויס, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע צווישן די הימל־קראַצערס, וואָס רינגלען זי אַרום.

*

אַ גרויסן פּלאַץ אין ביבליאָטעק פאַרנעמט די יידישע אָפּטיי־לונג. נישטאָ קיין איין וויכטיק יידיש בוך, וואָס זאָל זיך נישט געפינען אין דער יידישער אָפּטיילונג. אַליץ, וואָס ווערט געדרוקט דאָ אָדער ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל פון דער וועלט — געפינט פּלאַץ אין דער שטאָט־ביבליאָטעק.

די יידישע אָפּטיילונג פאַרמאָגט אַרום 20 טויזנט העברעיִשע ביכער און איבער 6.000 יידישע ביכער, אַ חוץ זשורנאַלן, פּאַמ־פלעטן און גלאַט פאַרשידענע צייטשריפטן, וואָס דערשיינען און פאַרשווינדן און מען וואָלט קיינמאָל פון זיי נישט געוווּסט, ווען נישט די יידישע ביבליאָטעק.

די ביבליאָטעק איז אָפן פאַרן עולם פון 9 אַזייגער אין דער פרי ביז 10 אַזייגער אָוונט. איין טאָג אין יאָר איז די יידישע אָפּטיילונג פון דער ביבליאָטעק געשלאָסן, דאָס איז יום־כּפּור. די ביבליאָטעק ווערט אָנגעפירט פון דעם באַקאַנטן געלערנטן ד״ר יהושע בלאָק, וועלכער איז אַליין אַן אימיגראַנט, וואָס האָט אין אַמעריקע שטודירט און געלערנט אין פאַרשידענע אוניווערזי־טעטן. ער באַהערשט אייניקע שפּראַכן און די ביבליאָטעק איז זיין מקום־קדוש, וווּ ער דינט גאָט און לייט.

עס מוז דאָ דערקלערט ווערן, אַז די יידישע ביבליאָטעק ווערט נישט אויסגעהאַלטן פון דער שטאָט־קאַסע. די הויפּט־הכנסה אויף אויסצוהאַלטן די דאָזיקע אָפּטיילונג קומט פון פרי־

וואַטע קעשענעס. די יידישע אָפּטיילונג האָט אַ חוץ ד״ר בלאָק, נאָך 16 אָנגעשטעלטע, וואָס אַרבעטן מיט ליבע און דרך־ארץ, און ווערן באַצאָלט פון אָט די בײשטייערונגען, וואָס קומען פון פאָלק. פאַרשטייט זיך, אַז מען גיט נישט אַרויס קיין אויפרופן, מען מאַכט נישט קיין טומל. די בײשטייערונגען קומען פון מענטשן, וואָס האָבן ליב דאָס בוך און ווילן מען זאָל פאַרשפּרייטן די יידישע קולטור צווישן די ברייטע יידישע מאַסן.

עס מוז אויך פעסטגעשטעלט ווערן, אַז די אַנדערע פרעמד־שפּראַכיקע אָפּטיילונגען אין דער שטאָט־ביבליאָטעק ווערן געפירט אין זעלבן גייסט און סיסטעם. אויך זיי ווערן נישט אויסגעהאַלטן פון דער שטאָט־רעגירונג. אויך זייערע אָפּטיילונגען ווערן פינאַנ־צירט פון פּריוואַטע קעשענעס. אַרום און אַרום האָבן מיר אין דער שטאָט־ביבליאָטעק אַ טעמפּל פון קונסט און וויסנשאַפט פון אַלע פעלקער פאַר אַלע פעלקער.

XII

# דער „לאַטיינישער קוואַרטאַל" אין ניו־יאָרק

די מערסטע פון אונז שפּאַצירן איבער די ניו־יאָרקער גאַסן, ווי ערשט נעכטיקע, נאָר וואָס אָנגעקומענע. עס פאַלט אונז נישט איין נאָכצוקלערן, ווער, וואָס, ווען. — אָט געפינען מיר זיך אין „לאַטיינישן קוואַרטאַל", „גריניטש־ווילעדזש", דער קוואַרטאַל פון קינסטלער, שרייבער, מאַלער און מוזיקער.

„גריניטש־ווילעדזש" איז אפשר דער איינציקער קוואַרטאַל, וואָס ווערט שלעכט אויסגעטייטשט. צענטליקער קוואַרטאַלן זענען איינגעשלונגען געוואָרן פון די רוישיקע ניו־יאָרקער גאַסן, אָבער דער קוואַרטאַל איז געבליבן פעסט ביי זיינע טראַדיציעס אלס „באָהעם־קוואַרטאַל".

דער דאָזיקער קוואַרטאַל איז שוין איבער 300 יאָר אַלט. גע־גרינדעט דעם קוואַרטאַל האָט אַן ענגלישער אַדמיראַל מיטן נאָמען סער פּיטער וואָרען, וועלכער האָט אויסגעבויט זיין ערשט הויז אויף „אַבינגדאָן־סקווער" און עס גערופן „גרינוויטש", שפּעטער האָט מען עס גערופן „גרינוויטש־לעין". ווען מען האָט דאָרט אָנ־געהויבן בויען מער הייזער, האָט מען עס אָנגעהויבן רופן „גרי־ניטש־ווילעדזש". — „ווילעדזש" הייסט: דאָרף. — דער קוואַר־טאַל איז דעריבער דאָס דאָרף אין דער ריזיקער שטאָט ניו־יאָרק.

„גריניטש־ווילעדזש" ליגט אויף 863 אַקער לאַנד, צווישן

14־טער און קאנאל־גאס. עס פארמאָגט 41 קירכן, 12 פריוואטע געבעט־הייזער, א אוניווערזיטעט, אין וועלכן עס שטודירן 29.000 סטודענטן. דאָרט געפינט זיך די היסטאָרישע געביידע, אין וועל־כער דזשאָרדזש וואשינגטאָן האָט איינגעאָרדנט זיין הויפט־קוואר־טיר. דאָרט געפינט זיך דאָס הויז, אין וועלכן דער באריממטער אַמעריקאנישער שריפטשטעלער וואשינגטאָן אירווינג האָט גע־לעבט. אין דעם קווארטאל איז אויך דאָ די היים פון מארק טוועין, דער וועלטס גרעסטער הומאָריסט. דער קווארטאל האָט אכט באנק־הייזער און איז גרעסער ווי די שטעט ניאָגרא־פאָלים, טראָי (ניו־יאָרק) אָדער אנדערע קלענערע שטעטלעך.

אין אָט דעם קווארטאל ווערן געשאפן די פיינסטע מאלע־רייען; די שענסטע לידער ווערן דאָרט געשריבן; די פיינסטע שניצערייען און סקולפטורן ווערן דאָרט געמאכט. עס איז ניו־יאָרקס קונסט־צענטער. אין אָט דעם קווארטאל שעפט יעדער קינסטלער זיין באגייסטערונג פאר זיינע שאפונגען.

דאָך ליגט דער קווארטאל עפעס אָן א זייט און בלויז טו־ריסטן קומען כאפן א קוק אויף די קרומע, שמאָלע געסלעך, וואָס דערמאָנען אייך אין פאריזער קונסט־קווארטאל. דאָ זענען פאראן מאָדנע און טשעקאווע קאפע־הייזער אין די קעלערס און אויף די בוידעמס, וואָס ווערן באלויכטן מיט קאָלירטע ליכט.

אָט דער קווארטאל, ווו דאָס לעבן הויבט זיך אָן ערשט שפעט ביינאכט, — אזוי צו זאָגן אין די „גייסטער־שעהן", — מאכט נישט קיין יום־טובים, ווי, למשל, אנדערע גאסן. אין אי־טאליענישן קווארטאל האָבן מיר יעדן מאָנטאָג און דאָנערשטאָג עפעס א יום־טוב; מען אילומינירט די גאסן, איטאליענער טאנצן און מוזיק שפילט. אין „לאטייניש קווארטאל" הוליעט מען יעדן ביינאכט אין קאבארעטן און קאפע־הייזער, אָבער מען פייערט נישט דעם געבורטס־טאָג פון קווארטאל, ווי מען טוט עס מיט אַנ־דערע גאסן.

דאָ אין דעם לאטיינישן קווארטאל געפינען זיך הונדערטער יידישע קינסטלער פון וועלכע דער ברייטער עולם הערט ווייניק־

וואָס. דאָ, אין דעם דאָרף פון ניו־יאָרק, ווערן זיי איינגעשלונ־
גען.

די יידישע מאָלער אין אַמעריקע געהערן צו יענע קינסטלער,
וואָס האָבן אפשר טאַלאַנט, אָבער נישט קיין מזל. קיינער אין דער
קינסטלערישער וועלט קען זיך אַזוי נישט קלאָגן אויף מאַנגל אין
פּאָפּולאַריטעט, ווי די יידישע מאָלער.

פאַראַן אין אַמעריקע אַ היפּשע צאָל פיינע און טאַלאַנטירטע
יידישע מאָלער, אָבער ווער ווייסט פון זיי? וויפל יידן אין אַמע־
ריקע האָבן געהערט זייערע נעמען? וויפל האָבן געזען זייערע
ווערק?

יעדער דריט־קלאַסיקער אַקטיאָר, וואָס שפּילט אויף דער יידי־
שער בינע, איז מער פּאָפּולער צווישן די יידישע מאַסן, ווי אַן
ערשטקלאַסיקער מאָלער. יעדער רעפּאָרטער פון אַ יידישער צייַ־
טונג איז מער באַוווּסט, ווי דער פיינסטער יידישער מאָלער.

די סיבה דערפון איז אַ גאַנץ איינפאַכע. דער יידישער אַק־
טיאָר, פונקט ווי דער יידישער זשורנאַליסט, האָט אַ בעסערע גע־
לעגנהייט צו קומען אין דירעקטן קאָנטאַקט מיט די יידישע מאַסן.
דער יידישער מאָלער האָט נישט אַזאַ געלעגנהייט. שיינע שאַפונ־
גען זענען מערסטנטייל נישט צוגעגנגלעך פאַר די ברייטע מאַסן.
דערפאַר איז אויף זיין גורל אויסגעפאַלן צו בלייבן אומבאַ־
קאַנט.

איך קען דאָ אויסרעכנען אַ צעטל פון דריי־פיר צענטליק
יידישע סקולפּטאָרן און מאָלער, וואָס צווישן דעם פיינערן קלאַס
אַמעריקאַנער ווייסט מען פון זיי און פון זייערע שאַפונגען. צווישן
די יידן זענען אָבער פאַראַן בלויז יחידים, וואָס האָבן געהערט
זייערע נעמען.

אויף די גאַסן ארום „וואַשינגטאָן־סקווער" מאַכן זיי אויס־
שטעלונגען, מען קומט זיי באַוווּנדערן. רייכע דאַמען קומען קויפן
בילדער, פּאָעמען און די פיינע שניצערייען, אָבער די נעמען פון
די קינסטלער קען קיינער נישט און מען ווייסט גאָרנישט, ווער זיי
זענען און פון וואַנען זיי קומען.

און אין דעם ליגט די טראַגעדיע פון יידישן קינסטלער אין

אַמעריקע. וואָלטן זיי, די זעלבע קינסטלער, געווען אין רוסלאַנד, פּוילן אָדער ליטע, וואָלט די אָרטיקע יידישע פּרעסע זיכער זיי אָפּגעשאַצט און דורכדעם אַליין שוין געשטעלט זיי אין נענטערע פאַרבינדונגען מיט דעם יידישן לייענער־עולם. דאָ, אין אַמעריקע, קוקט זיך די יידישע פּרעסע אויף זיי נישט אום.

„גריניטש־ווילעדזש" איז דער קונסט־קוואַרטאַל, וואָס נוי־טיקט זיך אין „אויפפרישונג", אין אַביסל טומל, אָבער די קינסטלער און די דיכטער, וואָס וואוינען דאָרט, האָבן נישט דעם כּוח דערצו, זיי ווייסן נישט, אַז אַמעריקע האָט ליב טומל, שרייענדיקע אַנאָנסן.

גאַסן פּונקט ווי מענטשן מוזן אַמאָל צעטרייסלט ווערן, מוזן קריגן דערמוטיקונג, און דער „לאַטיינישער קוואַרטאַל" האַלט זיך ריין, עטיש און וויל נישט ענדערן זיין פּנים, ווי דאָס טוען אַנדערע גאַסן, ווי, למשל, מעדיסאָן־עוועניו. עס פאַרשטייט זיך, אַז אַ גאַס טוט עס נישט. דאָס טוען די געשעפטס־ליט, די איינוווי־נער פון דער גאַס. אין דער הינזיכט צוריקגעשטאַנענקייט איז דער „לאַטיינישער קוואַרטאַל" ענלעך צום „כינעזישן קוואַרטאַל" אין ניו־יאָרק. מענטשן קומען באַווונדערן די כינעזער, ווי זיי פּאָרן אין אַ זאָאָלאָגישן גאָרטן באַווונדערן די חיות.

יעדע גאַס האָט אַ געשיכטע הינטער זיך און דער „לאַטיי־נישער קוואַרטאַל" האָט געווים מער צו דערציילן, ווי מעדיסאָן, אָדער לעקסינגטאָן עוועניו, וואָס פייערן איצט זייער הונדערט־יאָריקן געבורטס־טאָג.

נאַטירלעך ליגט הינטער דעם יום־טוב אַ צוועק, אַ ביזנעס־צוועק. „מעדיסאָן עוועניו מוז אָדער אויפגיין אָדער אונטערגיין". און דער צוועק פון דער גאַנצער פייערונג איז אויפצוהייבן די עוועניו, ברענגען זי צו נאָך אַ גרעסערער קאַריערע, ווי זי האָט געהאַט אין איר ערשטן יאָרהונדערט.

גאַסן, אַזוי ווי מענטשן, האָבן יעדע איר אייגענעם כאַראַק־טער, און מעדיסאָן־עוועניו האָט זיך אויך איר כאַראַקטער. ווען מען פאַרגלייכט זי מיט פינפטע עוועניו און מיט בראָדוויי, קען מען זאָגן אַזוי: פינפטע עוועניו איז אַן אַריסטאָקראַטקע, בראָדוויי

אין אַ פֿאַרשייט מיידל, און מעדיסאָן־עוועניו איז אַ באַלעבאַטישע דאַמע.

די לעצטע יאָרן האָט מעדיסאָן־עוועניו אָנגעהויבן פֿילן, אַז צוליב דער „אַריסטאָקראַטקע" און דער „פּלעבעיקע", הויבט זי אָן אַביסל פֿאַרגעסן צו ווערן. און דאָס האָט באַליידיקט אירע געפֿילן. וואָרום מעדיסאָן־עוועניו איז געווען און איז געבליבן איינע פֿון די אינטערעסאַנטסטע גאַסן אין ניו־יאָרק. אַ געשיכטע האָט זי גאָר אַן אינטערעסאַנטע. אָנגעצייכנט געוואָרן איז זי נאָך אין יאָר 1836, אָבער נאָך אין 1850 איז זי געווען נישט מער, ווי אַ זאַמדיקע גאַס, און ווייטער, אַפּטאַון (שטאָט־אַרויף), האָבן זיך נאָך געפּאַשעט בהמות. ביסלעכווייז אָבער האָבן די מיליאָנערישע פֿאַמיליעס פֿון יענער צייט זיך אָנגעהויבן באַזעצן דאָרט, האָבן אויסגעבויט פּאַלאַצן מיט פּראַכטפֿולע סעדער אַרום. און אַ סך היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן, פּרעזידענטן, גאָווערנאָרס, סענאַטאָרן, גרויסע קירכלעכע לייט האָבן דאָרט געוווינט. זי איז געווען דאָס, וואָס פּאַרק־עוועניו איז היינט.

די ערשטע ביזנעס, וואָס האָט זיך געעפֿנט אויף מעדיסאָן־עוועניו, איז געווען אַ בלומען־קראָם. פֿון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן די ביזנעס־קאַריערע פֿון מעדיסאָן־עוועניו. געווען אַ צייט, וואָס מעדיסאָן־עוועניו איז געווען די הויפּט־ביזנעס־גאַס פֿון ניו־יאָרק, אויפֿן זעלבן שניט, ווי פֿינפֿטע עוועניו היינט. ביסלעכווייז האָט איר גלאַנץ אָנגעהויבן צו פֿאַרבלאַסן, כאָטש היינט צו טאָג איז זי נאָך אויך נישט קיין „שיפֿע זיבעלע" אין ביזנעס. די פֿיינסטע אַנטיק־קראָמען, די רייכסטע קונסט־געשעפֿטן, געשעפֿטן פֿון טעפּיכער, אַלט מעבל, אַלט זילבער און גאָלדוואַרג געפֿינט מען דאָרט. אויך קראָמען פֿון „עקסקלוזיווע" דאַמען־קליידער.

אַלע, אַלע גאַסן אין ניו־יאָרק ענדערן זיך, בייטן זיך, פּוצן זיך אויס, נאָר דער „לאַטייניש ער קוואַרטאַל" איז געבליבן ביי זיין אַלטערטימלעכקייט און וויל זיך נישט צופּאַסן צו די אַרומיקע גאַסן, וואָס שפּרודלען מיט נייקייט און פֿרישקייט. דאָס איז אפֿשר אָריגינעל, אָבער נישט געזונט פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון אַ גאַס,

וואָס מוז פונקט ווי אַ מענטש זיך צופּאַסן צו די נייע באַדינ־גונגען.

גריניטש־ווילעדזש קרייצט זיך מיט „וואַשינגטאָן־סקווער", וואָס צווייבערט אַריין די 5־טע עוועניו. — אָט דער „סקווער", דער שיינער גאָרטן, איז ווי אַ צירונג פאַר די ניו־יאָרקער אוני־ווערזיטעטן, וואָס געפינען זיך דאָ. די גאַס אַרום איז אַ פּלאַץ פאַר תּורה און חכמה. דאָרט אַרום „וואַשינגטאָן־סקווער" זעט איר אַ לוסטיקע שטודירנדיקע יוגנט, וואָס פלירטעוועט מיט גריניטש־ווילעדזש, און דאָך בלייבט דער קוואַרטאַל ווי אויסגע־האַקט פון שטיין. — אַלץ אַרום ענדערט זיך, נאָר גריניטש־ווי־לעדזש בלייבט ווי אין די אַלטע גוטע צייטן. דאָרט וווינען די קינסטלער, די אַרטיסטישע און שרייבערישע משפּחה.

דאָ, אין דעם קוואַרטאַל, קומען די רייכע און זאַטע צו הו־ליען אין די אַרטיסטישע שענקלעך, ווו עס שמעקט מיט אַ שטיקל אייראָפּע און ווו זיי קריגן אַרטיסטישע אַטמאָספערע. דאָ אין די שענקלעך, וואָס ווערן מערסטנס באַלויכטן פון ליכטלעך, פילט זיך דער אַזוי־גערופענער בורזשואַזער עולם לוסטיק. זיי זעען מענטשן, וואָס זענען נאָך נישט דורכגעדרונגען מיט פּראַקטישקייט און גשמיות. זיי דערזעען פאַר זיך יונגע קינסטלער, יונגע דיכטער, וואָס טרוימען צו באַגליקן די וועלט מיט קונסט און ליטעראַטור.

ווען איר קומט אַריין דורך דער 5־טער עוועניו אין „וואַ־שינגטאָן־סקווער", גייט איר דורך אַ טורעם, דעם „וואַשינגטאָן טריאומף־טורעם". דורך דעם טורעם קומט איר אַריין אין פּרעכ־טיקן גאָרטן, וואָס פירט אייך אין „גריניטש־ווילעדזש", דעם קוואַרטאַל פון קינסטלער און באָהעמע־לייט.

## XIII

# „קאַפּע ראָיאַל" — דאָס אייראָפּעישע ווינקל אין דער גרעסטער וועלט־שטאָט ניו־יאָרק

ניו־יאָרק האָט די גרעסטע יידישע קהלה אין דער וועלט. דאָ דערשיינען מער יידישע צייטונגען, ווי איבער דער גאַנצער וועלט. דאָ זענען פאַראַן די גרעסטע יידישע פּובליציסטן, שריפטשטעלער, דיכטער, דראַמאַטורגן און אַלערליי יידישע קינסטלער.

אין ניו־יאָרק האָבן מיר די גרעסטע יידישע אַנשטאַלטן. דאָ האָבן מיר די גרעסטע און שענסטע יידישע טעאַטערן. די גרעסטע שוישפּילער און שוישפּילערינס. ניו־יאָרק ווערט איצט באַטראַכט פאַר דעם גרעסטן קולטורעלן צענטער אין דער וועלט. דאָ האָבן מיר כּלל־טוער, מעצענאַטן, מוזיקער, הזנים, דיריגענטן און קאָמפּאָזיטאָרן.

ווו און ווי אַזוי אונטערהאַלטן זיך אָט די אַלע סאָרטן קינסטלער, פונם שרייבער ביזן מוזיקער, פונם אַקטיאָר ביזן כּלל־טוער? וואָס טוען זיי אין זייערע פרייע שעהן? ווי אַזוי פאַרווילן זיך אָט די גייסטיקע שאַפער און בויער פון דער יידישער ליטעראַטור, פונם יידישן טעאַטער, פונם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן? קומען זיי אַמאָל צוווישן פאָלק?

אָט די פראַגן אינטערעסירן זייער שטאַרק דעם עולם, וואָס קען די סאָרטן מענטשן בלויז פונדערווייטנס, און וואָלטן געוואָלט נענטער באַקאַנט ווערן מיט זייער פּערזענלעכן אַרט לעבן.

זיצן שרייבער אין די רעדאַקציעס און אַרבעטן, זאָרגן און פילן די פאַראַנטוואָרטלעכקייטן פון זייער בארוף; אַקטיאָרן זע־נען פאַרנומען מיט זייער טעאַטער־שפּיל; מוזיקער מיט זייערע שטודיען, — אָט אַזוי איז יעדער איינער פון זיי פאַרנומען גייס־טיק און פיזיש מיט זייערע טעגלעכע יאָגענישן נאָך פּרנסה, צבוה אָדער נשמה־באַפרידיקונג. זיי אַלע מוזן זיך פּערזענלעך אויס־לעבן, „רעלעקסן" — אָפּרוען פון זייער שאַפן, פון זייער אַרבעט.

דער געשעפטס־מאַן (ביזנעס־מאַן), די פּאָליטיקער, אַדוואָ־קאַטן און ריכטער האָבן זייערע קלובן אין די רייכע אַריסטאָקראַ־טישע האָטעלן, וווּ זיי פאַרברענגען זייערע פרייע שעהן: זיי שפּילן אין קאָרטן, שאַך, דאָמינע און אַנדערע שפּילערייען, בעת זיי רעדן צווישן זיך.

די יידישע „קונסט־וועלט", ווי קליין זי זאָל נישט זיין, שליסט איין שרייבער, מוזיקער, דיכטער, מאָלער, סקולפּטאָרן, אַקטיאָרן, מעצענאַטן, טעאַטער־אייגנטימער און דירעקטאָרן, וועל־כע זוכן זיך אויסצולעבן מחוץ זייער פּראָפעסיע, און די דאָזיקע „אויסלעבונג" געפינען זיי אין „קאַפע ראָיאַל".

די יידישע „שאַפער און טוער" שלאָפן בלויז אין זייער היים, אָבער אין „ראָיאַל" פאַרברענגען זיי ווי אין אַ קלוב: מען זיצט און מען שמועסט, מען רויכערט, מען טרעפט זיך מיט פריינט און מיט שונאים...

די דאָזיקע קאַפע ווערט פון פאַרשידענע מענטשן אַנדערש פאַרטייטשט; מאַנכע גלויבן, אַז די „ראָיאַל" איז אַן „אייראָפּעיִש ווינקל", אַנדערע ווידער באַציען זיך ציניש און רופן אָן די „ראָיאַל" „דאָס ליטעראַרישע שוויץ־באָד"; דאָרט „שמייסט מען זיך" אָן בעזימלעך, דאָרט באַגיסט מען זיך מיט קאַלט וואַסער און הייסער קאַווע, דאָרט קריגט מען זיך, דאָרט רייסט מען זיך ביי די נעזער, דאָרט פאַרגינט נישט איינער דעם צווייטן דאָס שטיקל דערפאָלג, דאָרט זעט איינער דעם צווייטן אין זיין גייסטי־קער נאַקעטקייט...

אין „ראָיאַל" איז נישטאָ קיין האַרמאָניע. דאָ איז אַלץ הפקר, זשעז־מעסיק... פאַר פרעמדע מענטשן איז די דאָזיקע קאַפע

אַ קודיאָזיטעט, אָבער פאַר דער יידישער באָהעמע איז די קאַפע זייער לופט, זייער אָטעם...

אַהער קומען זיי אַלע, די אַקטיאָרן און זייערע פּאַטריאָטן, די שרייבער און זייערע לייענער, די „אָפּגעשפּילטע" און די, וואָס ווילן ערשט אָנפאַנגען די שפּיל...

זיין אין ניו־יאָרק און נישט זען די „קאַפע ראָיאַל", די קאַפע פון דער קאָסמאָפּאָליטישער באָהעמע אין ניו־יאָרק, דער מאַרק פון דער יידישער גייסטיקער און קינסטלערישער וועלט, — איז ווי צו זיין אין וואַשינגטאָן און נישט זען דאָס „ווייסע הויז", אָדער ווי מען פלעגט אַמאָל זאָגן: זיין אין ווין און דעם קייזער נישט זען.

דאָס, וואָס „ראָמאַנישע קאַפע" איז געווען פאַר בערלין, איז „קאַפע ראָיאַל" פאַר ניו־יאָרק. איר קענט זען אין ניו־יאָרק די גרעסטע וווּנדער, ווען איר זענט אָבער נישט געווען אין „ראָ־יאַל" אויף דער צווייטער עוועניו, האָט איר פאַרפעלט איינע פון די אינטערעסאַנטסטע ווינקעלעך אויף דער יידישער גאַס אין ניו־יאָרק.

די יידישע טעאַטערס האָבן באַלעבט, באַלויכטן און אָנגע־צונדן מיט אינטערעס די צווייטע עוועניו (סעקאָנד עוועניו), וועל־כע ווערט באַטראַכט פאַר דעם „פּערל" פון די יידישע גאַסן.

דאָ, אויף צווייטער עוועניו, ווו דאָס יידישע טעאַטער האָט זיך צעלייגט איבער דער לענג און ברייט, איז אַלץ יידיש, אָבער דאָס איז אַ יידישקייט, וואָס איז צוזאַמענגעשלעפּט פון אַלע עקן וועלט און איז אויסגעגאָסן ווי עפּעס אין אַ טייך, אין וועלכן עס שפּרודלען אַלערליי אידעאַלן.

די אַלע בילדער, וואָס אייער פאַנטאַזיע קאָן פאַר אייך אויס־טרוימען אין צוזאַמענהאַנג מיט צווייטער עוועניו, מיטן יידישן טעאַטער, אַנטפּלעקט זיך פאַר אייך אין דעם פּשוטן פּאָלקס־קאַפע, וואָס איז באַקאַנט אַלס „קאַפע ראָיאַל".

פּונקט ווי „לאַ ראָטאָנד" אין פּאַריז, איז „קאַפע ראָיאַל" די נעסט פון קינסטלער, מאָלער, שרייבער, כלל־טוער און סתם באָהעמע, וואָס „רייבן" זיך אַרום די קינסטלער און סקולפּטאָרן.

„קאַפע ראָיאַל“ איז, אַזוי צו זאָגן, דער גייסטיקער רעזער־וואַר, וואָס „שפּייזט“ מיט זריעה פון קונסט און שריפט די גאַנ־צע וועלט. דאָ, אין קאַפע, קלאַפּט דער פּולס, דאָ טרעפן זיך אַלע ציַיטונגס־ליַיט, די לינקע און די רעכטע, די פרומע, די רעליגיעזע און די פריַי־גייסטער. דאָ טרעפט איר רוסן, דיַיטשן, ענגלענדער, וואָס קומען „סלאַמען“, אָנקוקן די איסט־סיַיד. דאָ טרעפן זיך רומענער מיט סערבן, האָלענדער מיט דענער און שוויַיצער, פּאָליאַקן מיט יידן, כינעזער און נעגער, אונגאַרן מיט טערקן. דאָ, אין „ראָ־יאַל“, קאָנט איר זען אַ מיניאַטור־בילד פון דער גאַנצער וועלט.

דאָ אַהער קומען די שענסטע פרויען, די אינטעליגענטסטע דאַמען אין באַגלייטונג פון זייערע „מיסטערס“, מיט וועלכע זיי האָבן געהוליעט ביַי באַנקעטן אָדער בעלער אין די רייכע האָ־טעלן, — דאָ זענען זיי געקומען פאַרענדיקן זייער הוליאַנקע.

„קאַפע ראָיאַל“ איז די בירזשע פון געזעלשאַפטלעכער דע־מאָקראַטיע. דאָ פילט מען זיך היימיש, דאָ רעדט מען אַלערליי לשונות: פּויליש, רוסיש, פראַנצויזיש, און איבער די אַלע שפּראַכן דערהערט איר פון אַ ווינקל־טיש אַ געשריי: „שלום!“

די דאָזיקע קאַפע פאַרמאָגט אַ ספּעציפישן צויבער. ביַיטאָג איז אין ראָיאַל אומעטיק, ווי אין אַ טעאַטער פאַר אַ פאָרשטעלונג. „קאַפע ראָיאַל“ וואַרט אויפן אָוונט, די נאַכט איז איר זון־אויפ־גאַנג...

איז אינטערעסאַנט צו זען, ווי עס קומען אַריין קינסטלער פון „גריניטש ווילעדזש“ באַוווּנדערן די יידישע דיכטער, מאָלער און סקולפּטאָרן. עס זעט דעמאָלט אויס, ווי „ראָיאַל“ איז צו קליין אַריינצונעמען אַלע קינסטלער. ס'ווערט אַ מין מענטשלעכע פאַרפלייצונג, ווי אין אַ טייך, ווו ס'פליסן צו נייע וואַסערן און פלייצן אַריבער די ברעגעס, אַזוי פלייצן אַריבער די מענטשן אין ראָיאַל.

ווען די יידישע טעאַטערן שפּילן און דער עולם האָט זיך אָנ־געהערט מיט יידישע לידער און גויאישע ניגונים, גייען זיי גליַיך

נאָך דער פאָרשטעלונג אין „ראָיאַל". אין יענע שעהן זעט איר אין קאַפע ביי יעדן טישל אַ גרופּע לאַנדסלייט: אָט זיצט וואַרשע, דאָרט זיצט לאָדזש, ווילנע, לעמבערג, ירושלים, פּעטראָגראַד, אָדעס און בוקאַרעשט. עס איז אַ געמישעניש פון מענטשן און שפּראַכן, איינגעהילט אין רויך און אין טומל.

די מענטשן אין ראָיאַל זעען אויס ווי פאַרבלאָנדזשעטע, ווי שלעכט געמאָלטע פּאָרטרעטן אין נישט קיין פּאַסיקע ראַמען.

„קאַפע־ראָיאַל" איז אין דער אמתן דער עיר־מקלט פון אַלע שרייבער, קינסטלער און כּלל־טוער, אָבער לעצטנס איז עס געוואָרן די „טעאַטער־בירזשע". דאָ, אין דעם קאַפע, פונקט ווי אין וואָל־סטריט, פאַלן אָדער הויבן זיך, ווי אַקציעס, די „ווערטן" פון יידישע אַקטיאָרן און אַקטריסעס...

יידישע שוישפּילער האָבן אַן אייגענעם קלוב, זיי האָבן אַן אייגענע געביידע אין דער 7־טער גאַס. אין דער אַקטיאָרן־געביידע איז אַפילו פאַראַנען אַ קאַבאַרעט, זיי האָבן אַ קליינע ביבליאָטעק, זיי האָבן גרויסע און קליינע זאַלן, אָבער זיי פילן זיך גוט און היימיש בלויז אין „קאַפע ראָיאַל". די יידישע שרייבער האָבן זייערע אייגענע קלוב־צימערן אויף הענרי סטריט, אָבער אויך זיי ציט בלויז אין דער קאַפע, ווו זיי זיצן טעג און נעכט...

עס זענען פאַראַן אין ניו־יאָרק פיינערע קאַפע־הייזער; עס זענען פאַראַן ענגלישע קאַפע־הייזער אין „גריניטש־ווילעדזש", אָבער „קאַפע־ראָיאַל" איבער אַלעס! ווי עמעצער וואָלט די דאָזיקע קאַפע געהייליקט דורך עפּעס אַ מין כּישוף...

קומען געסט פון אייראָפּע, ווייסן זיי שוין, אַז זיי מוזן קו־מען אין „ראָיאַל". אין דער קאַפע זענען געווען די באַרימטסטע קינסטלער, שריפטשטעלער און אַפילו דיפּלאָמאַטן. אהער, אין דער „ראָיאַל", קומען אַלע, סיי צוליב קוריאָזיטעט, סיי צוליב געווינ־היט אָדער טאַקע צוליב אינטערעס, — אָבער מען קומט פון אַלע עקן וועלט.

עס טרעפט, אַז די שטאַם־געסט זיצן אָפּ פון 16 ביז 17 שעה אין מעת־לעת ביי אַ גלעזל קאַווע אָדער טיי. אָפט האָט מען דעם

איינדרוק, אז די אייגנטימער פון דעם באַרימטן קאַפע האָבן מער „קונסט" און „ליטעראַטור", ווי הכנסה, אָבער אין דער ווירק־לעכקייט מאַכט דאָס קאַפע־הויז גלענצנדיקע געשעפטן טאַקע צו־ליב דעם, ווייל עס קומען אַהין קינסטלער, שרייבער, אַקטיאָרן און אַקטריסעס.

פאַר די געסט, וואָס קומען אויף באַזוך אין „ראָיאַל", איז אַלץ פריילעך, זיי באַטראַכטן די פאַרשידענע גרופּן קינסטלער, זיי קוקן אויף די שרייבער, אויף די דיכטער, אויף די מאָלער, סקולפּטאָרן און אַקטיאָרן, וועלכע האָבן אַ טבע זיך צו קליידן אָנ־שטענדיק און זעען אויס זאַט און צופרידן מיט זיך אַליין... זיי, די „געסט", דרינגען נישט אַריין אין די צעוויטאָגטע נשמות פון די קינסטלער, זיי ווייסן נישט, אַז די מערסטע פון זיי, וואָס זיצן אין קאַפע, זענען נישט זאַט, נאָר זענען אומצופרידענע מענטשן, וועלכע באַקלאָגן דעם גורל פון דער וועלט. דאָס זענען מענטשן, וועלכע טראָגן דעם „וועלט־שמערץ" אויף זייערע רוקנס און טיף אין זייערע נשמות...

דאָ, אין קאַפע, לאַכן זיי. דעם טרויער און צער האָבן זיי געלאָזן ביי זיך אין זייערע צימערלעך. די טראַגעדיע האָבן זיי גע־לאָזן אין דער היים, דאָ, אין קאַפע, שפּילן זיי די קאָמעדיע פון לעבן... דעם זייטיקן, פרעמדן צושויער איז שווער אָט די „שפּיל" צו פאַרשטיין, ווייל ער איז אַהערגעקומען נישט „פאַרשטיין", נישט פילן און אַריינדרינגען טיפער אין אָט די קינסטלערישע נשמות, נאָר ער איז אַהערגעקומען „זען" און — פאַרברענגען...

יעדער מענטש דאָ, יעדע גרופּע, איז אַ וועלט פאַר זיך. זיי פירן מלחמה, זיי „לעבן", לאַכן און וויינען איינער פאַרן צווייטן. זיי רעדן אויס זייערע ביטערע הערצער איינער פאַרן צווייטן. אָפט באַטראַכטן זיי דאָס שכנישע טישל, ווי עפּעס אַן אָנשיקעניש, ווי מענטשן, וואָס פאַרסמען זייער אַטמאָספער...

עס טרעפט אָפט, אַז די געבענטשטע דעמאָקראַטיע פון אַמע־ריקע פירט צונויף נישט קיין פּאַסיקע גרופּן. דאָ זיצן, למשל, פיינע יידישע אַקטיאָרן, וואָס האָבן טראַדיציע, וואָס האָבן טאַלאַנט, נאָר

דער גורל איז גרויזאַם צו זיי... דאָרטן, נעבן זייער טאַקע, ביים צווייטן טישל, זיצן נייע, אויפגעקומענע „אַקטיאָרן״; דאָס זענען, ווי מען זאָגט: מענטשן, וואָס האָבן נישט געפּאַקט און נישט געמאָלט, אָבער די „מומע־גליק״ האָט זיי דערהויבן און זיי שטייען היינט צו טאָג ביים „רודער״. קוקן די אַמאָליקע, די באַרעכטיקטע, די געזאַלבטע אויף די נייע „מלחמה״־קינסטלער מיט קנאה, וואָס עסט זיי אויף, מיט בליקן, וואָס פאַרברענען זייערע אייגענע נשמות. אַ גרויסע צאָל פון די „געוועזענע״ באַגרייפן נישט, אַז די צייט אַליין האָט זיי באַזייטיקט, אַז דאָס לעבן פירט זיך אַן אַנדער חשבון. גערעכט אָדער אומגערעכט, אָבער אַזוי גייט דאָס לעבן!

צווייטע עוועניו, ווי עס געפינט זיך די באַרימטע „קאַפע־ראָיאַל״, האָט שוין אייניקע מאָל געביטן דאָס „פּנים״. אַמאָל נאָך, ווען צווייטע עוועניו איז געווען די גאַס פון דייטשישע ס. ד., ווען עס זענען נאָך געווען אייניקע קאַפע־הייזער, ווי, למשל, די אַריסטאָקראַטישע „קאַפע־בולוואַר״, „קאָסמאָפּאָליטען־קאַפע״, און ווען די איצטיקע „ראָיאַל״ האָט נאָך געהייסן „מאָנאָפּאָל״, זענען די פאַרשידענע שיכטן פון פאָלקס־שאַפער געווען צעטיילט אין קלאַסן. זעלטן, אָבער טאַקע זעלטן האָט אַ יידישער אַקטיאָר, אפילו יעקב פּ. אַדלער, „געוואַגט״ אַריינצוגיין אין „בולוואַר־קאַפע״, וואָס איז מערסטנס באַזוכט געוואָרן פון דייטשיש: אַרטיסטן, דייטשע שריפטשטעלער. דאָרטן פלעגן קומען אַרטיסטן פון „מעטראָפּאָלי־טען אָפּערע־הויז״. ווען רודאָלף שילדקרויט איז געקומען, האָט ער אָנגעהויבן אַריינצוגיין אין „ליכאָווס קאַפע״ אויף איסט 14־טער גאַס, און מיט יידישע אַקטיאָרן האָט ער אָנגעהויבן אַריינצוגיין אין „קאַפע־בולוואַר״.

עס זענען געווען דריי יידישע אַקטיאָרן־יוניאָנס אין יענע יאָרן. די איצטיקע יוניאָן האָט „פאַרשלונגען״ די אַנדערע צוויי יוניאָנס. צי די פאַרשמעלצונג איז געווען לטובת דער פּראָפעסיע, איז אַן אַנדער פראַגע, נאָר איצט זענען אַלע „פאַרמישט״ און מען זעט זיי אַלעמען אין איין קאַפע — אין „ראָיאַל״.

אין דער „ראָיאַל" רייבן זיך די עלנבויגנס די „געוועזענע", די, וואָס לעבן מיט זכרונות, די איצטיקע, וואָס האָבן פאַרכאַפּט דעם סאַמע אויבנאָן ביי דער מזרח־וואַנט און די, וואָס שפּאַנען ערשט צו דער „מזרח־וואַנט". אָט דאָ, אין „ראָיאַל", ברויזן זיי, די געוועזענע, די געגנוואַרטיקע און די צוקונפטיקע אַקטיאָרן און אַקטריסעס. אומזיסט וועט איר זוכן אויפריכטיקייט און עכטקייט צווישן די דאָזיקע מענטשן, דאָ נאַרט איינער דעם צווייטן מיט גרויסקייט און טאַלאַנט.

דאָ, אין „ראָיאַל", זעט איר אויך די באַרימטסטע חזנים, און אַפילו יאָסעלע ראָזענבלאַט, ע"ה, פלעגט קומען טרינקען אַ גלעזל טיי און שמועסן חזנישע פּאָליטיק. דאָ זיצן די יידישע דיריגענטן, די יידישע מוזיקער, די יידישע כאָריסטן און זינגער. דאָ בלאָנדזשען זיי, דאָ גיסן זיי אויס זייערע ביטערע הערצער, דאָ גיסן זיי אויס זייער בענקעניש נאָך די באַרימטע חזנים, נאָך די אַמאָליקע גוטע צייטן, ווען צו זיין אַ חזן איז געווען אַ כבוד. דאָ הערט איר זיי אויסברומען גמרא־ניגונים, דאָ דערציילן זיי זיך פון די דערפאָלגן, וואָס זיי האָבן אין זייערע שולן.

„ראָיאַל" איז באַרימט דערמיט, וואָס ביי אירע טישלעך זענען געזעסן פון שלום אַש און סטעפאַן צווייג ביז דאָקטאָר חיים ווייצמאַן, פון לעאָן טראָצקי ביז גערהאַרדט הויפּטמאַן, פון די יינגסטע ביז די עלטסטע קינסטלער און דיכטער. די לינקע און רעכטע פילן זיך „געזיכערט" און היימיש אין „ראָיאַל". דאָ הערשט אַ „פּאַרייניקטער פראָנט" אָן דער צושטימונג פון די פירער און געפירטע.

דאָ, אין דער „קאַפע־ראָיאַל", „ברויזן", ווי אין אַ בינשטאָק, שלום־עליכמס טיפּן. מיר זעען דאָ אַ גרויסע צאָל פון זיינע פאַר־שווינען און העלדן. מיר זעען זיי דאָ, די קליינע מענטשעלעך מיט קליינע השגות. מיר האָבן דאָ די אמתע מנחם־מענדלס, דאָ האָבן זיי זיך אַמעריקאַניזירט, דאָ האָט זיך מנחם מענדל צעבליט... ער האָט זיך צעוואַקסן לויטן מוסטער פון די „הימל־קראַצערס".

אָט זעען מיר די דאָזיקע מנחם מענדלס ביים טעאַטער, ביי די ראַדיאָס, ביי דער פּאָליטיק, ביים מסחר. זיי שפּעקולירן אין

ענגליש אויף פאַרשידענע געביטן. דאָ זעען מיר זיי, די העלדן פון אונזער אומשטערבלעכן, גרויסן קינסטלער, — זיי הייסן דאָ אַנ־דערש, זיי טראָגן שענערע קליידער, געמאָלטע קראַוואַטן, אָבער מיר דערקענען זיי, ווייל זיי גייען אָפּט האַנט ביי האַנט מיטן אַלטן „האָצמאַך“, וואָס אברהם גאָלדפאַדן האָט פאַר אונז געשילדערט. „האָצמאַך“ און „מנחם מענדל“ זענען געוואָרן שותּפים אין „קאַ־פּע־ראָיאַל“. דאָ זעען מיר די „בלאָנדזשענדע שטערן“.

XIV

# דער נעגער־קוואַרטאַל אין ניו־יאָרק

טשעקאַווע איז דער נעגער־קוואַרטאַל אין רוישיקן ניו־יאָרק. די נעגער פילן זיך באַעוולט אין פאַרגלייך מיט דער ווייסער באַפעלקערונג פון ניו־יאָרק. קומען טאַקע אָפט פאַר בלוטיקע צו־זאַמענשטויסן צווישן ווייסע און שוואַרצע. די גאַסן פון האַרלעם זענען ווי שטענדיקע פּלאַטפאָרמעס, אויף וועלכע עס ווערן גע־האַלטן גיפטיקע רעדעס קעגן די ווייסע.

די נעגערישע באַפעלקערונג איז ווי אַ ווערקצייג אין די הענט פון געוויסע דעמאַגאָגן, וואָס נוצן אויס די גייסטיקע אָפּגעשטאַ־נענקייט פון די נעגער פאַר זייערע שמוציקע, קליינע אינטערעסן. קיין שום קוואַרטאַל איז נישט אַזוי אָנגעפּיקעוועט מיט „סעק־טעס", ווי דער נעגער־קוואַרטאַל.

שוין צענטליקער יאָרן, ווי די נעגער לעבן אין האַרלעם, אין סאַמע האַרץ פון ניו־יאָרק. אָבער פאַר די יידן, ווי פאַר אַלע אַנ־דערע איינוווינער פון שטאָט, זענען זיי ווי אַן אויסלענדישע ראַסע. מען פאָרט קיין האַרלעם ווי צו אַ „פאָרשטעלונג". דאָס קרענקט און באַליידיקט די נעגער. זיי ווילן נישט, אַז מ'זאָל קומען אין זייער קוואַרטאַל, ווי מען לאָזט זיך אַרויס אויף אַן עקספּעדיציע אין כינעזישן קוואַרטאַל. די נעגער פילן זיך גלייכבאַרעכטיקט און ווילן נישט, אַז מ'זאָל אויף זיי קוקן פון אויבן אַראָפּ.

דאָס איז דער תּמצית פון די טענות, וואָס אַ נעגער־שרייבער

פון הארלעם האָט אָנגעגעבן פאַרן שרייבער פון די דאָזיקע שורות. ער האָט געזאָגט, אַז די ווייסע, די יידן איינגעשלאָסן, באַטראַכטן זיין ראַסע פאַר נידעריקער און נישט ווירדיק. דאָס, זאָגט ער, וועלן די אינטעלעקטועלע נעגער קיינמאָל נישט טאָלערירן.

דער זעלבער נעגער־שרייבער האָט צוגעגעבן, אַז די נעגער ליידן פון אַ „שיפלות־קאָמפּלעקס", פאַר וועלכן די יידן, וואָס זענען אַליין אַ פאַרפאָלגט פאָלק, טראָגן נישט קיין שום פאַראַנט־וואָרטלעכקייט.

די נעגער אין הארלעם פילן זיך איצט, ווי עס האָבן זיך געפילט די יידן אין די ערשטע יאָרן פון אימיגראַציע, ווען מ'האָט באַטראַכט דעם יידישן קוואַרטאַל פאַר פרעמד און אויס־טערליש, ווען מ'האָט געעפנט אַ געשעפט מיטן אויסקוק, אַז איי־גענע לאַנדסלייט זאָלן עס פּאַטראָניזירן. די נעגער, וועלכע זענען שטאַרק געטראָפן פון אַלגעמיינעם קריזיס, האָבן זיך פּשוט פאַר־לוירן און קענען נישט געפינען דעם שליסל צום פּראָבלעם.

צווישן דעם פערטל מיליאָן קריסטלעכע נעגער געפינען זיך אויך דריי טויזנט שוואַרצע יידן, וואָס ווערן אָנגעפירט פון ראַביי וו. א. מאַטיו, מיט אַ שול, וואָס געפינט זיך אין 30 וועסט 129־טע גאַס. וואָלט מען דאָך געקענט מיינען, אַז די שוואַרצע יידן זענען שטאַרק צוגעבונדן צו די ווייסע יידן, איז אָבער דער אמת, אַז זיי האָבן גאָר שטאַרקע טענות צו זייערע ווייסע גלויבנס־ברידער. זיי זאָגן, אַז די ווייסע יידן באַהאַנדלען זיי ווי שטיף־ברידער, און דער רעזולטאַט איז, אַז זיי, די שוואַרצע יידן, ליידן סיי אַלס נעגער און סיי אַלס יידן.

די שוואַרצע יידן האָבן אָבער נישט קיין שטאַרקן איינפלוס צווישן די נעגער, ווי דאָס האָט, למשל, „פאַדהער דיווייַן", וועל־כער האָט נישט נאָר אַ גרויסן טעמפּל אויף 116־טע גאַס אין לענאָקס עוועניו, נאָר האָט אויך אַן אייגענע צייטונג, אין וועלכער ער רופט די נעגער צו זיין גוט און פרום.

די נעגער־צייטונגען און זשורנאַלן טרעטן אָפט אַרויס קעגן די „העצער", וואָס רייצן די שוואַרצע באַפעלקערונג קעגן דער ווייסער באַפעלקערונג, אָבער זיי פאָדערן גערעכטיקייט פאַר נעגער

אין האַרלעם און פאַר די צוועלף מיליאָן נעגער, וואָס וווינען אין אַמעריקע.

די מער אויפגעקלערטע נעגער, די אינטעליגענטן, שעמען זיך מיט די אָפּטע אויסבּרוכן און אומרועןָ, וואָס קומען פאָר אין האַרלעם; זיי אַליין טוען אַלץ וואָס מעגלעך צו שאַפן אָרדענונג אין כאַאָטישן צושטאַנד. זיי רופן די נעגער צו נאַציאָנאַלן בּאַוווּסט־זיין. דער איינפלוס פון די אינטעליגענטן איז אָבער אַ שוואַכער. אַ גרויסן איינפלוס אויף די נעגער האָבּן די העצער און דעמאַגאָגן.

מאַכט אַ שפּאַציר אין אַ פאַרנאַכט דורך די גאַסן פון האַרלעם. איר וועט זען מיט וואָס פאַר אַ לייכטקייט די אַוואַנטוריסטן פון אַלע מינים געווינען די מאַסן פון גאַס. יענע נוצן אויס די פאַרצווייפלטע עקאָנאָמישע לאַגע פון די אָרעמסטע פאַר זייערע עגאָיִסטישע אינטערעסן.

אין האַרלעם זענען דאָ צווייערליי נעגער, די אַמעריקאַנער געבּוירענע און די אַזוי־גערופענע „אינדיער", וועלכע וואַרפן זיך נישט אונטער קיין שום פירערשאַפט. די „אינדיער" זענען, ווי מען זאָגט, די „שוואַרצע שאָף" אין דער נעגער־משפּחה. זיי פאַרשפּרייטן ראַסן־האַס, זיי גרינדן פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס און פירן אַ הפקר־לעבּן אויפן חשבּון פון די אַמעריקאַנער נעגער, וועלכע קענען זיך נישט ווערן קעגן זיי. זיי, די נעגער פון מערבֿ־אינדיע, זענען אַ בּאַשטימטע, אייגנאַרטיקע גרופּע צווישן די נעגער.

בּעת די אַמעריקאַנער נעגער האָבּן צייטונגען און פירער, זייערע אייגענע פאַרוויילונגס־פּלעצער, זענען די פרעמדע נעגער נישט אָרגאַניזירט, זיי זענען די הפקר־יונגען, וואָס האָבּן נישט קיין מורא פאַר גאָט און פאַר לייט. צו אָט די דאָזיקע „פרעמדע" זענען דאָס אונטערגעוואָרפן די ווייסע געשעפטסלייט, סיי די יידן, סיי די איטאַליענער. מיט די דאָזיקע עלעמענטן מוז מען זיך רעכענען, זיי טעראָריזירן דעם נעגער־קוואַרטאַל און לאָזן זיך נישט צוימען פון קיין פירערשאַפט.

די נויט צווישן דער נעגערישער בּאַפעלקערונג איז גרויס.

נאַטירלעך זענען צווישן די נעגער אויך דאָ אַ גרויסע צאָל רייכע. זיי, די רייכע, וווינען אויף „שוגער־היל", וואָס ווערט באַטראַכט פון די אָרעמע נעגער אַלס די „פּאַרק־עוועניו" פון נעגער־קוואַר־טאַל. די רייכע נעגער פירן די פּאָליטיק, זיי זענען טעטיק אין פּאַר־שידענע אָרגאַניזאַציעס, זיי בויען אַנשטאַלטן און פילן זיך גלייכ־באַרעכטיקט.

האַרלעם איז בכלל געוואָרן אַ סאָרט אָפּענער מאַרק פאַר פאַר־שידענע אַוואַנטוריסטן, וואָס פאַרפּלייצן די נעגערישע באַפעלקע־רונג מיט פאַרשידענע רעליגיעזע סעקטעס. ווען איר שפּאַצירט אי־בער לענאָקס־עוועניו ביינאַכט, זעט איר, ווי כמעט אויף יעדער צווייטער גאַס שטייען נעגערישע „אָראַטאָרס" און פאַרטומלען די קעפּ פון זייערע צוהערער. צווישן אָט די דאָזיקע „זייף־קעסטלעך־אָראַטאָרס" רייסן זיך אריין די „מערב־אינדיער" מיט זייערע הע־צעס קעגן דער ווייסער באַפעלקערונג. הערט מען זיך אָבער איין צו זייערע רעדעס, האָט מען דעם איינדרוק, אַז גאַנץ האַרלעם איז אַנטיסעמיטיש.

* *

*

האַרלעם איז אַמאָל געווען דורכאויס יידיש. די געוויינלעכע יידישע איינוווינער האָבן זיך שוין פון דאָרט לאַנג אַרויסגעצויגן. געבליבן זענען דאָרט נאָר געשעפטסלייט, וועלכע האָבן די גאַנצע צייט געהאַט די בעסטע באַציאונגען מיט דער שוואַרצער באַפעל־קערונג. אָבער גאָר פּלוצים האָבן זיך באַוויזן פאַרשוינען, וואָס האָבן אָנגעהויבן אָפּן גיסן פּעך און שוועבל אויף ווייסע בכלל און יידן בפרט.

ווער האָט אָנגעהויבן די דאָזיקע אַנטי־יידישע פּראָפּאַגאַנדע אין האַרלעם? עס איז געווען שווער זיך צו דערוויסן, אָבער נאָך לענגערע געשפּרעכן מיט שרייבער, זשורנאַליסטן און רעפּאָרטערס פון די נעגער־צייטונגען ווערט קלאָר, אַז איינער מיטן נאָמען סאַפי אַבדול האַמיד, וועלכער רופט זיך „שוואַרצער היטלער", האָט גע־גרינדעט אַן אָרגאַניזאַציע פון אומצופרידענע, אַרבעטסלאָזע נע־

נער און אַנגעהויבן בויען זיין קאַריערע אַלס פירער פון דער שוואַרצער ראַסע. די אָרגאַניזאַציע איז געווען באַקאַנט מיטן נאָמען „ניקאָ“, וואָס באַדייט: „ניגראָ אינדוסטריעל קלעריקעל אַלייענס“. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט געבויט איר מאַכט דער עיקר אויף רייצן די נעגער קעגן די יידן.

אַבדול האַמיר פּלעגט יעדן אָוונט לייענען היטלערס „מיין קאַמף“ און עס צופּאַסן צו די נעגער און די יידן. זיינע אָפענע אַסיפות, וואָס ער פּלעגט אָפּהאַלטן יעדן אָוונט אויף די גאַסן פון האַרלעם, האָבן צוגעצויגן גרויסע מאַסן, אַזוי, אַז דער יידישער געשעפטסמאַן האָט אינגיכן אָנגעהויבן צו שפּירן דעם האַס, וועלכן ער האָט פאַרשפּרייט. דאָס האָט די אָרגאַניזאַציע „ניקאָ“ אויפגעהויבן דעם געשריי, אַז די יידישע געשעפטסלייט דיסקרימינירן קעגן די נעגער, וואָס דאָס איז טיילווייז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די בלוטיקע אומרוען, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין האַרלעם דעם 19־טן מערץ 1935. די נעגער האָבן געבראָכן שויבן און פּאָגראָמירט יידישע געשעפטסלייט. זינט דעמאָלט איז די לאַגע געוואָרן אָנגעשטרענגט און אָפּט געפערלעך...

די פּראָפּאַגאַנדע פון דעם „שוואַרצן היטלער“ האָט געשלאָגן טיפע וואָרצלען צווישן די נעגער אין האַרלעם. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די יידישע געשעפטסלייט טוען אַלץ, וואָס מעגלעך, כדי צופרידנצושטעלן זייערע קונים, פילט זיך נאָך אַלץ דער גיפטיקער ראַסן־האַס פון אַבדול האַמיר און זיינע אָנהענגער.

אמת, דער אַלגעמיינער קריזיס אין לאַנד האָט פיל געהאָלפן צו שטאַרקן די פּאָזיציעס פון די שוואַרצע אַנטיסעמיטן, אַזוי, אַז אַפילו די שוואַרצע יידן אין האַרלעם האָבן נישט געקענט אָפּשטעלן די העצעס.

איצט טרעפט איר זעלטן אַ יידישע קראָם אין האַרלעם, וואָס האַלט נישט קיין שוואַרצע אָנגעשטעלטע, ווי פאַרקויפער און פאַרקויפערינס, קעלנער, ווי אויך אַרויסהעלפער אין רעסטאָראַנען, וועשערייען און אַנדערע געשעפטן; נאָך מער, די שוואַרצע עפענען זייערע אייגענע קלענערע געשעפטן, ווי רעסטאָראַנען, קאַבאַרעטן און קלענערע וואַרשטאַטן.

קיינעם פאַלט נישט איין, אַז די שוואַרצע באַפעלקערונג האָט נישט די זעלבע רעכט ווי די ווייסע צו עפענען געשעפטן. אַמעריקע איז אַ פריי לאַנד, און סיי דער האַנדל, סיי די פאַרשידענע אינדוסטריעס זענען אָפן פאַר אַלעמען. שוואַרצע מעגן עפענען זייערע אייגענע שפּייז־קראָמען, פאַרשידענע פאַרוויילונגס־פּלעצער, פּונקט ווי ווייסע, אָבער זיי דאַרפן זיין טאָלעראַנט, און ווען זייערע געשעפטן גייען נישט אַזוי גוט, דאַרפן זיי דערין נישט באַשולדיקן די ווייסע.

אַ סך פון די שוואַרצע האָבן פּרובירט עפענען פאַרשידענע קראָמען, אָבער זיי זענען דורכגעפאַלן, ווי דאָס טרעפט אָפט אויך מיט ווייסע. נישט יעדער איינער, וואָס עפנט אויף אַ קראָם אָדער אַן אינדוסטריעלן וואַרשטאַט, מאַכט גוטע געשעפטן. גאָר אַ גרויסע צאָל פאַרלירן אין מסחר, אָבער מען קען נישט האָבן צו קיינעם קיין טענות, ווייל עס איז דאָך „מסחר".

אַ סך נעגער מיינען, אַז געשעפט איז געבויט אויף נאַציאָנאַליטעט. זיי עפענען קראָמען, האָפנדיק, אַז די נעגער וועלן זיי פּראָטעזשירן נאָר דערפאַר, ווייל זייער הויט איז שוואַרץ; אָבער היינטיקע צייטן ווערן נישט געבויט קיין געשעפטן אויף אַזעלכע יסודות. די צייטן, ווען אַ געשעפטסמאַן פלעגט קענען מאַכן אַ לעבן בלויז פון „לאַנדסלייט", איז שוין לאַנג אריבער. די נעגער ווערן דעריבער אַנטוישט און דאָס רייצט זייערע געמיטער, דאָס פירט צו בייז בלוט און מיספאַרשטענדענישן צווישן די נעגער און דער ווייסער באַפעלקערונג אין האַרלעם. דער פּועל־יוצא איז, אַז כּמעט יעדער שוואַרצער, וואָס גליטשט זיך אויס אין געשעפט, ווערט אַן „אַגיטאַטאָר", אַ פאַרשפּרייטער פון ראַסן־האַס.

די יידישע באַפעלקערונג אין האַרלעם לעבט דערווייל אין פּחד. זיי האָבן מורא, אַז סאַפי אַבדול האַמיר פירט ווייטער זיין אַרבעט אין געהיים, ווייל אין דער עפנטלעכקייט באַווייזט ער זיך נישט זינט דעם לעצטן פּאָגראָם פון 1935.

אַ קאָמיטעט פון 25, אין וועלכן עס גייען אויך אריין שוואַרצע געשעפטסלייט, און בכלל אויפגעקלערטע מענטשן, פירט איצט

א קאמף קעגן די אזוי־גערופענע „ליכט־פארשפרייטער", וואָס פארשפרייטן ראסן־האס. דער קאָמיטעט האָט זיין הויפּט־ביוראָ אין 2372 זיבעטע עוועניו. דער דאָזיקער קאָמיטעט פארזיכערט, אַז די העץ־פראָפּאגאנדע קעגן ווייסע ווערט גאָר אָנגעפירט פון פרעמד־געבוירענע נעגער, נישט פון אמעריקאנער, און זיי זענען חושד, אַז די דאָזיקע פרעמדע זענען אַ ווערקצייג אין די הענט פון דייטשע נאַצים אין „יאָרק־וויל" (אַ דייטשע געגנט אין ניו־יאָרק), וועלכע שטיצן די מערב־אינדיער אין זייער ארבעט צו רייצן קעגן ווייסע בכלל און יידן בפרט.

דרייען זיך איצט ארום אין הארלעם צענטליקער אזוי־גערופענע „ליכט־פארשפרייטער", און ווייסן נישט אויף וועלכער וועלט זיי זענען. די נעגערישע צייטונגען זענען קעגן היטלערס „ארישער" טעאָריע. דאָס פירט דערצו, אַז די נעגער הויבן אָן איינצוזען, אַז די דייטשן זענען אָפענע שונאים פון יידן און נעגער.

דער קאָמיטעט פון 25, וואָס האָט זיך אָרגאניזירט מיטן צוועק שלום צו מאכן צווישן די נעגער און די ווייסע, דרוקט „ביולעטינס", אין וועלכע זיי קלערן אויף, אַז זיי וועלן מער נישט דערלויבן איבערצוחזרן די אומרועו פון 1935 יאָר. זיי שרייבן, אַז אַ פערטל מיליאָן נעגער פון די 15 מיליאָן, וואָס געפינען זיך אין אמעריקע, וואוינען אין ניו־יאָרק, זיי ווילן נישט, אַז די וועלט זאָל קריגן אַן איינדרוק, אַז נעגער זענען בלויז העצער, אַז זיי קענען נישט לעבן בשלום מיט זייערע שכנים. דער קאָמיטעט דערקלערט אויך, אַז די דאָזיקע טאקטיק פון די „אָראטאָרס" וועט פארטרייבן די ווייסע באפעלקערונג פון הארלעם, און דאָס וואָלט געווען אַן אומגליק פאר די נעגערישע איינוואוינער.

אין דעם 21־טן קווארטאל, וואָס געפינט זיך צווישן 136־טער און 144־טער גאס, פון הארלעם־טייך ביז האָדסאָן־טייך, פון 144־טער ביז 155־טער גאס, צווישן עדזשקאָם און קאָנווענט עוועניוס, וואָס איז באקאנט אלס דער „צוקערדיקער בארג", וואוינט אַ קלאס נעגער, וואָס געפינען זיך מער אָדער ווייניקער אין אַ גוטן מצב. זיי שפילן אַ ראָלע אין פּאָליטיק, זיי האָבן אויך

אייגענע פּאָליציי־לייט און העכערע פּאָליציי־באַאַמטע. די נעגער האָבן אויך איינִיקע ריכטער, וואָס דאָס באַווייזט, אַז אין דער פּאָליטיק ווערן זיי נישט פאַרפאָלגט, זיי האָבן ווער ס׳זאָל זיך אָנ־נעמען זייער קריוודע און נויטיקן זיך אפילו נישט אין די עצות פון קאָמוניסטישע בעלי־טובות, וואָס קומען אָפּט כאַפּן פיש אין מוטנע וואַסערן.

XV

# די ניו־יאָרקער נאַכט־לאָקאַלן

די נאַכט־לאָקאַלן אין ניו־יאָרק זענען איצט דאָ אין די הונ־דערטער און זיי מאַכן גלענצנדע געשעפטן. אַ סך פון זיי זענען געהיימע פּלעצער. מען קאָן צו זיי נישט צוקומען, סיידן מען קען אייך גוט אָדער איר זענט רעקאָמענדירט פון איינעם, וועלכער איז גוט באַקאַנט אין די קלובן. עס זענען אָבער אויך דאָ אַנדערע נאַכט־קלובן, וועלכע זענען פראַנק און פריי, ד. ה., זיי האַלטן זייערע טירן אָפן. ווער עס וויל, קאָן אַריין. די צרה איז אָבער, אַז נאָר אַ געוויסער קלאַס מענטשן קאָנען אין זיי אַריין, ווייל די פּרייזן זענען אַזעלכע הויכע, אַז נישט נאָר אַ „פּראָלעטאַריער", נאָר אַפילו אַ מענטש פון מיטל־קלאַס קאָן אַהין נישט אַריינשמעקן. מען דאַרף דאָרט באמת זיין אַן עושר, כּדי מען זאָל גאָר וואַגן זיך אַוועקזעצן ביי אַ טישל אין די דאָזיקע נאַכט־לאָקאַלן. עס זע־נען אויך דאָ נאָך אַן אַנדער סאָרט נאַכט־קלובן, וועלכע זענען אונטער שלאָס און ריגל. דאָס זענען פּלעצער, וועלכע זענען נישט נאָר אַמוזירונגס־פּלעצער, נאָר אַזעלכע זענען אין אַ געוויסן זין שפּיל־הייזער. זיי האָבן אַ באַזונדערע קליענטעלע. דאָרט געפינען זיך סיי פּראָפעסיאָנעלע אונטערוועלט־חברה־לייט און סיי „אָנ־שטענדיקע" געשעפטסלייט, וואָס האָבן ליב צו פאַרלירן אָדער גע־ווינען גרויסע סומעס געלט. עס מאַכט נישט אויס, צי זיי פאַרלירן, צי זיי געווינען. זיי באַפרידיקן זייער שפּיל־ליידנשאַפט.

ווער זענען די, וואָס באַזוכן די דאָזיקע נאַכט־קלובן, וועלכע פאַרמערן זיך אין שטאָט, ווי שוועמלעך נאָך א רעגן? די אָפענע נאַכט־קלובן ווערן איצט באַזוכט פון דעם העכסטן אַדל פון לאַנד, פון די גרעסטע גבירים. עס וועט נישט זיין איבער־געטריבן צו זאָגן, אז ווען מען זאָל נאָכקוקן די נעמען פון די געסט אין אַזעלכע נאַכט־פלעצער, וועט מען צווישן זיי געפינען דעם גרעסטן פּראָצענט פון די, וואָס זענען אין דעם „סאָושעל רעדזשיסטער". דער בעסערער קלאַס נאַכט־קלובן איז איצט געוואָרן דער פּלאַץ, וואָס גרענעצט אָפּ אַריסטאָקראַטיע פון דעמאָקראַטיע, ד. ה. די בור־זשואַזיע פון דעם מיטלקלאַס. אין די נאַכט־קלובן דאַרף מען אויס־געבן לכל־הפחות פופציק דאָלאַר אַן אָוונט. איידער מען גיט זיך א קער, פליען שוין די דאָלאַרס. גייט, צום ביישפּיל, אריין א מאַן אין אזא נאַכט־קלוב מיט א דאַמע, מוז ער קודם־כל צאָלן צו דריי דאָלאַר „קאָווער". דאָס הייסט, אין איינפאַכן מאַמע־לשון, אַז איי־דער מען האָט צייט געהאַט אַוועקצוזעצן זיך ביי א טישל, האָט עס געקאָסט דעם פּאָרל זעקס דאָלאַר, און וויל מען א גלאָז קאַווע, קאָסט עס פינף און זיבעציק סענט א גלאָז, און נעמט מען א פלעשל סאָדע־וואַסער, צאָלט מען א דאָלאַר דערפאַר, און אַזעל־כע געסט זענען גאָרנישט אָנגעלייגט. מען וויל זיי פּשוט נישט האָבן. די סאַרווערס, וועלכע גייען אויסגעפּוצט ווי ענגלישע לאָרדן אין פּרינץ־אַלבערטס, וועלן זיך כּסדר מעלדן אויף דער סצענע. צי איר ווילט, צי איר ווילט נישט, וועלן זיי שטיין לעבן אייך. דאָס הייסט: וואָס ווילט איר נאָך? טאָמער זענט איר אַזוי איינגעשפּאַרט, אַז איר מאַכט זיך נישט וויסנדיק, אָדער איר האָט נישט גענוג ממתּקים אין קעשענע (עס האָט זיך שוין געמאַכט אזא זאַך מיטן שרייבער גופא), דאַן וועט איר פּלוצלינג דערהערן, ווי איין סאַר־ווער שושקעט זיך מיטן צווייטן. וואָס זיי זאָגן, וועט איר נישט קאָנען הערן זייער דייטלעך, נאָר דאָס ווינקען מיטן אויגל צו אייער טישל, וועט אייך קלאָר מאַכן, אַז מען רעדט וועגן אייך. עס קאָן אפילו פּאַסירן, אַז פּלוצלינג זאָל גרייכן צו אייער אויער דאָס וואָרט „פּייקער" (ביליקער נפש). די סאַרווערס אָדער, בע־סער געזאָגט, די אייגנטימער פון נאַכט־קלוב ווילן, איר זאָלט באַ־

שטעלן עטלעכע „קאָקטיילס״, אַ פּאָר גלעזער שאַמפּאַניער, און אויב איר טוט דאָס, זענט איר זייער טייערע געסט. מען וועט צו אייך שמייכלען און מען וועט אייך קעכלען. מען וועט זיך פאַר אייך בוקן אין דרייען, אָבער אַז איר וועט אַרויסגיין פון דעם נאַכט־קלוב, וועט איר זיין גליקלעך, אַז עס וועט אייך נאָר פעלן 15 אָדער 20 דאָלאַר.

ווען־נישט־ווען קומען אין אַזעלכע נאַכט־קלובן פאָר סקאַנ־דאַלן, כאָטש די באַלעבאַטים זענען זייער פּאָרזיכטיק און מיידן אויס עפּנטלעכע סקאַנדאַלן. איינמאָל בין איך אריין אין אַזאַ נאַכט־קלוב צוזאַמען מיט אַן אַקטיאָר. עס זענען אויך געווען מיט אונז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, צוויי דאַמען, ווייל זיצן אין אַזאַ נאַכט־קלוב אָן אַ דאַמע איז גלייך ווי זיין אַ פּאַסטוך אָן אַ פייפל. מיר האָבן געוווּסט, אַז ס׳איז דאָ אַ „קאָווער טשאַרדזש״, נאָר מען האָט אונז געהאַט געזאָגט, אַז עס וועט קאָסטן איין דאָלאַר. האָבן מיר גערעכנט, אַז מיר וועלן אויסגעבן נאָך אַ פּאָר דאָלאַר אויף לייכ־טע געטראַנקען, זיך צוהערן צו דער שיינער ציגיינער־מוזיק, פאַרברענגען אַ פּאָר שעה אין דעם טונקל־באַלויכטענעם, רייך־קאָלירטן נאַכט־קלוב, און דאַן אַוועקגיין. מיר האָבן דאָרט פאַר־בראַכט בײַ צוויי שעה. עס זענען דאָרט אויפגעטראָטן, אויסער די געוויינלעכע אַמעריקאַנער באַלעט־טענצער, אויך אַ גרופּע רוסישע אָדער יידיש־רוסיפיצירטע ציגיינער־מיידלעך. זיי האָבן שיין גע־טאַנצט, זייער האַרציק געזונגען רוסישע לידער, די מוזיק האָט ווירקלעך מחיהדיק געשפּילט, און אַלע האָבן זיך גוט אַמוזירט, מיר אפשר מער ווי אַלע אַנדערע, דוקא דערפאַר, ווייל אונז איז די ציגיינער־מוזיק געווען אַזוי צום האַרצן. עס איז אונז אָבער גע־וואָרן פינסטער אין די אויגן, ווען מיר האָבן געזען דעם חשבון. עס האָט באַטראָפן פיר און פופציק דאָלאַר.

וואָס איז דער פּישוף פון די דאָזיקע נאַכט־קלובן? וואָס איז עס אַזוינס, וואָס ציט אַהין אַזויפיל מענטשן, וואָס זענען גרייט צו פאַרשווענדן טויזנטער פאַר אַ צייט־פאַרטרייב פון עטלעכע שעה?

דער כּישוף און דער מאַגנעטיזם איז די געזעלשאַפט, וואָס מען טרעפט דאָרט.

דער נאַכט־קלוב געפינט זיך אין איינער פון די זייטיקע גאַסן אין דער טעאַטער־געגנט. פון דרויסן זעט איר אַ פּירשטאָקיק פּריוואַט הויז, מיט פענסטער, וואָס זענען פאַרהאָנגען מיט שווערע טונקעלע גאַרדינען. קיין שיין פון ליכט דרינגט נישט דורך די פענסטער. דער איינדרוק פון דרויסן איז, אַז עס איז נישטאָ אין דעם הויז קיין לעבעדיקער נפש, אָדער אַז אַלע איינוווינער פונם הויז שלאָפן. אָבער אינעווייניק קאָכט מיט לעבן און מיט פרייד. ווײַן, ווייב און דזשעז קאָכן אויף די בלוטן פון די, וואָס געפינען זיך אינעווייניק און מאַכן זיי פאַרגעסן, אַז אינדרויסן איז דאָ אַ וועלט פון הונגער און פּיין און פאַרצווייפלונג.

און מען מוז האָבן אַ גרויסן זכות, אַ גרויסן יחוס, צו זײַן איינער פון די גליקלעכע, וואָס געפינען זיך אינעווייניק. נאָר גוט־באַקאַנטע מיליאָנערן, באַרימטע אַקטיאָרן און אַקטריסעס, און מענטשן, וואָס האָבן זיך באַרימט געמאַכט אויף אַנדערע געביטן, ווערן אַהין אַרײַנגעלאָזט.

און דער פאַקט, וואָס אין דעם נאַכט־קלוב טרעפט מען אַלע גרעסטע באַרימטקייטן, באַוווּסטע מיליאָנערן, די שענסטע אַקטריסעס, די טאַלאַנטפולסטע אַקטיאָרן, מאָלער און אַנדערע אַרטיסטן, גיט דעם דאָזיקן נאַכט־גן־עדן דעם וווּנדערלעכן מאַגנעטיזם. יעדער אויפגעקומענער גביר, וואָס קאָן זיך פאַרגינען צו פאַרשווענדן עטלעכע טויזנטער פאַר צייט־פאַרטרייב, וויל זיך געפינען עטלעכע שעה אין אַן אָרט, ווו ער קען זען די באַרימטע שיינהייטן פון דער בינע און פון די פילמען און די מאַגנאַטן, וואָס באַהערשן די וועלט.

אין דעם נאַכט־לעבן פון ניו־יאָרק שפּילן אַ גרויסע און נישט גאָר נאָבעלע ראָל די „ווירטינס“, די „האָסטעסעס“ פון די דזשעז־קלובן. זייער פליכט איז מיט זייער שיינקייט און פריילעכקייט צו פאַרלאָקן די געסט, אַז יענע זאָלן גאָרנישט מערקן, ווי זייער געלט גליטשט זיך אַרויס פון זייערע פינגער גלייך אין דער קעשענע פון דעם אייגנטימער.

אײנע פון די דאָזיקע „האָסטעסעס" דערצײלט גאַנץ אָפנ־האַרציק אין אַ צײטונג, װי אַזױ עס גײט צו אין די נאַכט־קלובן. און דאָס בילד, װאָס באַקומט זיך, איז גאָרנישט אָנציִענד.

אַ גלאָק טוט אַ קלונג. דער אָרקעסטער פּלאַצט אױס אין אַ פיבעריש־הײס־רױטן דזשעז און אַ גרופּע מײדלעך, אָנגעטון אין שיפאָן, לאָזן זיך אַװעק טאַנצנדיק איבערן פּאַרקעט. אַזױ הױבט זיך אָן די אונטערהאַלטונג אין אַ נאַכט־קלוב.

פאַראַן פאַרשידענע קלובן. זײ אונטערשײדן זיך װי טאָג פון נאַכט מיט די פּרײזן, מיטן ליקער, װאָס זײ פאַרקױפן, און אױך מיטן טיפּ מײדלעך, װעלכע דאַרפן פאַרװײלן די געסט. אָבער די אַלע מײדלעך, פון װעלכן סאָרט זײ זאָלן נישט זײן, אַרבעטן פאַרן באַלעבאָס, אַז ער זאָל אַרױסקריגן אין פאַרלױף פון דער נאַכט װאָס מער געלט פון די קונדן. אין דעם פּרט זענען זײ אײנפאַכע „סײלס־מײדלעך". זײער פליכט איז צו זען, אַז מר. איקס זאָל באַ־שטעלן אַזױפיל ליקער און שײדן זיך מיט אַזאַ גרױסן טײל פון זײן געלט, װי נאָר מעגלעך.

אָט זענען אײניקע כאַראַקטעריסטישע ניו־יאָרקער נאַכט־לאָקאַלן:

די ראָקפעלער־פירמע האָט אין איר צענטער אײנגעאָרדנט אָן עס־טרינק־טאַנץ־פאַרװײלונגס־אינסטיטוציע, װאָס רופט זיך, מיט רעכט — „דאָס רעגנבױגן־צימער". דער דאָזיקער צימער — אַ ריזיקער זאַל, װאָס פאַרנעמט דעם גאַנצן 65־טן שטאָק אױף אַ גאַנצער גאַס, איז אין אַ זײער קורצער צײט געװאָרן דאָס שײנדל פון דער היגער פאַרװײלונגס־װעלט.

אין די קולואַרן פון ריזיקן זאַל געפינען זיך קאָקטײל־באַרס, צוביס־צימערן, װוּ באַלעבאַטישע סוחרים קומען אונטער־לענען דאָס האַרץ מיטאָג־צײט, כאַפּן אַ טרונק און אַ טענצל פאַר־נאַכט. דער סאַמע שפּיגל איז אָבער דער „רעגנבױגן"־זאַל גופא, װאָס צעפינקלט זיך טאַקע מיט אַלע קאָלירן פון רעגנבױגן, נאָענט צו די װאָלקנס, ערשט װען שטערן באַװײזן זיך אין הימל, װאָס זענען אָט, אָט מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

אַרײנצוקומען פאַרברענגען אַן אָװנט אין דאָזיקן פּאַלאַץ,

וואָס האָט געגוג אָרט פאַר פיל הונדערטער פּאָרלעך, קען מען גאָר, ווען מ'איז אָנגעטון באַל־מעסיק: דאַמען — אין עכט־דעקאָלטירטע קליידער, וואָס ווייזן מער ווי זיי פאַרדעקן; מענער — אין שוואַר־צע סמאָקינגס, מיט שיינע, ווייסע אָנגעקראָכמאַלעטע העמדער, הויכע, שטייפע קאָלנערס און מאַנזשעטן, ווי ווייסע ברעטלעך.

אין זאַל גופא זענען די טישלעך פאַר געסט אויסגעשטעלט אויף עמעראַלד־גרינע טעראַסן. דער עולם, וואָס צאָלט געשמאַקע פרייזן פאַר נישט צופיל שפּייז און גאַנץ קליינע גלעזלעך משקה, באַשטייט דערהויפּט פון דעם רייכן יונגוואַרג, וואָס קומט טאַנצן צו דער מוזיק פון אַ גוטן אָרקעסטער, אונטער אַ דיריגענט פון ענגלאַנד, גאָר אַ געהויבענעם מיוחס אין דער מוזיק־וועלט.

דער צווייט־גרעסטער נאַכט־לאָקאַל אין ניו־יאָרק איז די „פּרענטש־קאַסינאָ". דאָס איז דער געוועזענער אוירל קעראָל טע־אַטער, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַבאַרעט־רעסטאָראַן ערשט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק פאַר מענטשן, וואָס קאָנען באַצאָלן צו פינף דאָלאַר פאַר אַ מיטאָג, פאַר זיך מיט אַ דאַמע, אויסער די ריכטיקע פרייזן פאַר משקה, ווייל דעם הויפּט־ריווח מאַכט מען פון משקה, נישט פון די מאָלצייטן. די אייגנטימער פון דאָזיקן טעאַטער האָבן זייער הויז אַזוי איבערגעבויט, אַז אָנשטאָט גע־ווינלעכע זיץ־פּלעצער זאָלן זיין רייען מיט טישלעך פאַר געסט. דער איבערגעבויטער טעאַטער נעמט אַריין 1.500 געסט אַן אָוונט. אויסער דעם איז די בינע אַזוי אויסגעברייטערט געוואָרן, אַז דער עולם זאָל קאָנען טאַנצן אויף איר, צווישן די געריכטן און פאַר־ווייל ונגס־נומערן.

אויסער דעם, וואָס די שפּייז דאָרטן ווערט צוגעגרייט אויף אַן עכט פראַנצויזישן שטייגער, וואָס קיין קאָסטבאַרע ווינען און ליקערן פעלן נישט, — האָבן נאָך די אָנפירער פון דער „פּרענטש־קאַסינאָ" צוגעגרייט אַ פּראָגראַם, וואָס איז גאָר אַ „צאַצקע". אַ רעזשיסער פון פּאַריזער „פאָלי בערזשער" איז איינגעלאַדן גע־וואָרן און ער פירט אויף „רעוויעס" מיט אַרטיסטן אין עכט פּאַ־ריזער סטיל. וואָס־וואָס, קיין שיינע כאָריסטקעס און טענצערינס

פעלן נישט. זייערע קליידער פאַרדעקן אויך נישט פיל מער, ווי אונזער באָבע חוהס פייגנבלאַט.

עס זענען אָבער פאַראַן אַ מאַסע אַנדערע נאַכט־לאָקאַלן ארום בראָדוויי און אין „גריניטש־ווילעדזש", וווּ מען זיצט אין טונקעלע צימערלעך ביי וואַקסענע ליכט און מען צאָלט גוט געלט פאַר שלעכטע שפּייז און נאָך ערגערע געטראַנקען.

מיר האָבן דאָ רוסישע נאַכט־לאָקאַלן, וווּ מען פאַרווײַלט „פּאָ רוסקי" און מען האָט די אילוזיע, אַז גראַפן און קרובים פון צאַר באַדינען אייך. עס פאַרשטייט זיך — פאַר געשוואָלענע פּרייזן. עס זענען אויך פאַראַן אַ מאַסע יידישע נאַכט־לאָקאַלן אויף צווייטער עוועניו און אויף עלען סטריט, אָבער דאָס זענען אין בעסטן פאַל גאָר ביליקע נאָכאַמונגען פון די גרויסע נאַכט־לאָקאַלן.

די דזשאַז־קאַבאַרעטן און קאַסינאָס מאַכן ביזנעס אויף שווערע מיליאָנען. דער עולם קומט אין זיי זיך פאַרווײַלן און צאָלט גרויסע, איבערגעטריבענע פּרייזן. אָפט ווייסן מענטשן, אַז מען מאַכט זיי אויס אַן אויער אין די דזשאַז־פּלעצער און פּלעצלעך, אָבער זיי גייען פאָרט הוליען און לעבן אַ גוטע־נאַכט.

XVI

# ניו־יאָרקער בית־עולמס אַלס אינדוסטריע

ניו־יאָרק האָט נישט נאָר רייכע גאַסן, גרויסע קראָמען, האָ־טעלן, טעאַטערס, רעסטאָראַנען, מוזייס, ביבליאָטעקן און שפּאַ־ציר־גערטנער, — מיר האָבן אויך גרויסע בית־עולמס. דער טויט איז דאָ אַ געשעפט, — אַ גרויס־אינדוסטריע. טויזנטער לאַנדס־מאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציעס קויפן שטיקער פעלד, צוימען עס אַרום מיט אַ פּאַרקאַן פון מאַרמאָר, מיט אויפשריפטן פון די באַאמטע. יעדע אָרגאַניזאַציע, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון איר שטאָט, ווי, למשל, לעמבערג, סטרי, לאָדזש אָדער וואַרשע, ביאַליסטאָק אָדער אָדעס, אַלע — אַלע האָבן דאָ זייערע אייגענע בית־עולמס.

יעדער פאַריין האָט אירן אַ „באַגרעבער". די באַגרעבער אין אַמעריקע האָבן אייגענע לויה־צימערן, וואָס זענען ספּעציעל איינ־געאָרדנט פאַר דעם צוועק. די מערסטע לויהס קומען פאָר פון אָט די אַזוי־גערופענע „פיונערעל־פּאַרלאָרס", וואָס לאָזן זיך גוט באַ־צאָלן פאַר איינאָרדענען די לויה.

די לויה איז אין אַמעריקע געוואָרן אַ געשעפט.

טויזנטער „באַגרעבער" מאַכן אַ לעבן, — ווי מען זאָגט אין אַמעריקע, — פון דעם טויט... די דאָזיקע „באַגרעבער" זענען ביז־נעסלייט, זיי האָבן סיסטעמאַטיזירט די לויה. — ווען עמיצער שטאַרבט, נעמט מען אים גלייך אין דעם „לויה־צימער", ווו עס ווערט דורכגעפירט די גאַנצע לויה־פּראָצעדור אויף אַ מאָדערנעם

אופן. דער מת ווערט אויסגעפוצט, מען באַנוצט אַפילו שמינקע און פּודער.

דאָס, וואָס אין אייראָפּע טוט די חברה־קדישא, וועלכע האָט, אַזוי צוזאָגן, דעם „מאָנאָפּאָל" איבער קבורה (כאָטש מקבר צו זיין אַ מת אין אייראָפּע, איז אַ קהלשער ענין), ווערט דאָ באַזאָרגט דורך פּראָפעסיאָנעלע קברנים, וואָס רופן זיך: — „פיונערעל־דירעקטאָרס". — זיי, די דאָזיגע לויה־אונטערנעמער, שטעלן צו די אויטאָמאָבילן, דעם ארון, די תכריכים, זיי באַזאָרגן אַפילו תהלים־זאָגער, מיט איין וואָרט, אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ לויה, ווערט פון זיי באַזאָרגט, אַ חוץ די קברים אויפן בית־עולם.

אין אייראָפּע איז אַזאַ „אינסטיטוציע" ווי אַ לויה־אונטערנעמער גאָרנישט באַקאַנט, ווייל יעדע קהלה באַזאָרגט עס. דער בית־עולם געהערט צו קהל; דאָ אין אַמעריקע איז עס אַ פּריוואַט־געשעפט. אין אייראָפּע פירט מען אַ מת גלייך צום בית־עולם, אין טהרה־שטיבל, ווו מען טוט זיין רעכט. די חברה־קדישא באַזאָרגט אַלץ. דאָ אין אַמעריקע טוט עס דער „פיונערעל־דירעקטאָר", ענט־ווערער דירעקט דורך דער פאַמיליע, אָדער דורך דעם פאַריין, ווו דער פאַרשטאָרבענער איז געווען אַ מיטגליד.

די מערסטע בית־עולמס געפינען זיך אין ברוקלין און אין לאָנג־איילענד. עס זענען אויך פאַראַן פּריוואַטע געזעלשאַפטן, וואָס פאַרקויפן קרקע, אָדער מערערע גרעבער, אַזוי למשל האָבן געוויסע פאַמיליעס אייניקע קרקעות, וואָס זענען אַרומגעצוימט און זענען זייער אייגנטום.

די בית־עולמס זענען אַ קאַפּיטל פאַר זיך אַליין. פאַראַן אין ניו־יאָרק אויך אַלטע, יידישע בית־עולמס, אַלטע און גרויע, וואָס טראָגן אויף זייער טיף־געבויגענעם רוקן פון זייערער אַלט־אַלטע אָפּגעריבענע מצבות דעם שטויב פון הונדערטער יאָרן.

איין בית־עולם ליגט פאַררוקט אין אַ ווינקל אויף טשעטהעם־סקווער, האַרט, האַרט ביים טראָטואַר פון אַ ברודיקער גאַס, ווו שווערע לאַסט־וואָגנס קלאַפּן מיט די בייכיקע רעדער טאָג־און־נאַכט איבער דעם שטיינערנעם ברוק.

עטלעכע קברים געפינען זיך אויף דעם דאָזיקן בית־עולם, די

ביינער פון די פריע, פּאָרטוגעזישע איינגעוואַנדערטע יידן רוען אונטער די מצבות, וואָס סטאַרטשען אַרויס פון דער ערד ווי פּניא־קעס פון ביימער, וואָס זענען פון אַ בליץ געטראָפן געוואָרן.

אַ שווערער אומעט באַפאַלט אייך, ווען איר באַטראַכט די קברים פון די ערשטע יידן, וואָס האָבן אויסגעטראָטן מיט הונדער־טער יאָרן צוריק דעם וועג פאַר אונזערע מיליאָנען וואַנדערער. זיי האָבן דאָ אַריינגעשלאָגן דעם ערשטן סלופּ פאַר אונזער געצעלט אין דער נייער וועלט, זיי, די יהושע בן נונס און כלב בן יפונהס פון די פרייע, געבענטשטע ברעגן, צו וועלכע עס האָבן זיך געצויגן די געיאָגטע און געפּלאָגטע קינדער פון אונזער פאָלק, פון אַלע עקן און וועלט־טיילן.

איינזאַם און פאַרלאָזן שטייען זייערע קברים אין דעם ברודיקן גערטנדל, וואָס איז מיט אַן אַלטן, אייזערנעם פּאַרקאַן אַרומגענומען, איבער זיי דערהויבט זיך דער שוואַרצער רוקן פון אַ טענעמענט־הויז, קולות פון פרויען און קינדער טראָגן זיך פון די אָפענע פענסטער, אויסגעהאָנגענע וועש פלאַטערט אין דער לופט, ווי צע־שמיסענע זעגלען פון פאַרגעסענע, בלאָנדזשענדיקע שיפן, שיכורים וואַלגערן זיך ביים פּאַרקאַן, די לאַסט־וואָגנס קלאַפּן מיט די שווערע רעדער אויף דעם בלאָטיקן ברוק, און איבער דעם אַלעמען טראָגט זיך יעדן פאַרנאַכט דער שווערער, קופּערנער גלין־באָם, גלין־באָם פון דער נאָענטער קאַטוילישער קירך.

פאַראַנען נאָך אַן אַלטער בית־עולם, אויך פון די פאַרצייטי־קע פּאָרטוגעזישע יידן, אויף דער צענטער גאַס, אַרום זעקסטער עווענין. אויף דעם דאָזיקן בית־עולם איז פאַראַן נישט מער ווי דריי־פיר קברים, איינגאַנצן איז עס אַ שטיקל גערטנדל, אַריינגע־שלאָגן ווי אַ קלין אין אַ נייעם ציגלנעם טענעמענט־הויז. נישט ווייט רוישט די הויך־באַן, קינדער שליידערן זייערע פּילקעס אויף דער וואַנט פון טענעמענט־הויז, טרעפט אַ פּילקע אין איינער פון די מצבות, שפּרינגט אָפּ און פאַרלירט זיך אין גראָז, די יינגלעך טאַנצן אַריבער דאָס קליינע פּאַרקנדל, זוכן אויף די פּילקע און שפּילן ווייטער.

פאַראַנען אין ניו־יאָרק אַ רייכע, פּאָרטוגעזישע קהלה. זי

גוססט, די צאָל פון אירע מיטגלידער ווערט אַלץ קלענער און קלע־נער, די אַלטע פאַמיליעס גייען אונטער. די, וואָס זענען פאַרבליבן, קלאַמערן זיך ארום די ווענט פון דעם רייכן פּאָרטוגעזישן טעמפּל, וואָס האָט שוין היינט מער ליטווישע און פּוילישע דאַוונער, ווי פּאָרטוגעזישע.

ווי די פּאָרטוגעזישע קהלה איז אָבער נישט קליין און איינ־געשרומפּן, איז זי אַלץ בכּח אויפצופּאַסן בעסער אויף די קברים פון אירע פּיאָנערן און גרינדער, ווי זי טוט עס איצט. און אויב די פּאָרטוגעזישע קהלה קאָן עס נישט טון, וואָלט עס די ניו־יאָרקער קהלה, אַלס גאַנצע, געדאַרפט טון. אָט ארום די עטלעכע אַלטע קברים איז דאָך אָנגעזאַמלט דאָס ביסל אָרעמע טראַדיציע, וואָס אַמעריקאַנער יידן האָבן דאָ, זיי זענען דאָך די איינציק־פאַרבליבענע מאָנומענטן פון אונזער מאָגערער געשיכטע דאָ אין לאַנד, ארום זיי פלעכט זיך דער אָרעמער קראַנץ פון לע־גענדעס, וואָס האָט זיך דורך דורות אָנגעקליבן.

די דאָזיקע קברים וואָלט מען געדאַרפט האַלטן הייליק, פון יאָר צו יאָר וואָלט מען צו זיי געדאַרפט עולה־רגל־זיין, דער וועג צו זיי וואָלט געדאַרפט זיין אַן אויסגעטראָטענער פון טויזנטער גייער.

---

נישט אָבער וועגן די דאָזיקע צוויי בית־הקברות האָב איך אייגנטלעך געוואָלט דערציילן. איך האָב זיי בלויז דערמאָנט, ווייל זיי זענען די איינציקע, וואָס רעדן צו אונז וועגן דער יידישער פאַרגאַנגענהייט אין אַמעריקע, די איינציק־פאַרבליבענע שפּורן פון דורות, וואָס זענען שוין פון לאַנג פאַרשוווּנדן.

איך קער זיך אום צוריק אויף די נייע, ניו־יאָרקער בית־עולמס, לאָז זיך ווידער אַוועק צווישן זייערע געפּלאַסטערטע שטעגן, באַטראַכט די נייע מירמלשטיינערנע מצבות, וואָס שפּיגלען זיך אין דער זון.

ס'איז פריילעך אויף די ניו־יאָרקער יידישע בית־עולמס, איר פאַרגעסט אין טויט, אין דער נישטיקייט פון לעבן. אַפילו דאָס געוויין פון פרויען, וואָס זענען געקומען אויף קבר־אבות, קלינגט

דאָ נישט אַזוי טרויעריק, עס פאַרלירט זיך צווישן די האָפערדיקע קולות פון דעם עולם, וואָס איז געקומען אַהער.

מ'קומט משפּחות־ווייז: מענער, פרויען און קינדער, מ'נעמט אויך מיט גלאַט באַקאַנטע, אַ סך קומען אין אייגענע אויטאָמאָבילן, דער וועג צו די בית־עולמס איז אַ לאַנגער, פירט דורך פעלדער, איבער געאיילטע שאָסייען, ס'איז אַ פאַרגעניגן צו פאָרן, נעמט מען מיט צום בית־עולם די אייגענע פאַמיליע און גלאַט באַקאַנטע וואָס ווילן „כאַפּן אַן אויטאָמאָביל־ראַיד" (אַ רייזע).

מ'זוכט אויף די קברים פון די אייגענע, און מ'שטעלט זיך אָפּ, ס'רייסט זיך אַרויס אַ זיפץ, אַ פרוי כליפּעט אויף, באַלד רוקט זיך אונטער אַ ייד מיט אַ שוואַרצער קאַפּאָטע, מיט אַ מעבר־יבוקל אונטער דער פאַכווע: „ווילט איר איך זאָל אייך מאַכן אַ מלא?" גיט ער אַ פרעג, און נאָך איידער מ'ענטפערט אים „יאָ", טראָגט זיך שוין צווישן די ביימער אַ הייזעריקער „אל־מלא־רחמים", די ווערטער טראָגן זיך אום אין דער לופט, ווי געטריבענע פייגל, בלייבן הענגען פאַרחלשטע אויף די בוימער.

פאַרטיק געוואָרן מיט דעם „מלא", גייט מען ווייטער, שוין אויפגערוימט, די אויגן בלאָנדזשן אום אויף די קברים, און מ'רעדט הויך אויף דעם קול, אַז דער טאָג איז שיין און דאָס גראָז אַרום טרוקן, זעצט מען זיך אַוועק אַרום די קברים, ס'באַווייזן זיך פעקלעך, מ'צענעמט זיי, עמעצער איז געווען ווייטזיכטיק און האָט מיטגענומען שפּייז. נעמט מען זיך עסן, מ'עסט געשמאַק, די גאָרטן־לופט רייצט דעם אַפּעטיט, מ'האָט הנאה פון עסן, מ'פילט זיך גע־הויבן, מ'איז אין אַ פּאַרק, ס'טראָגט זיך צו דער נאָז דער פאַר־שיכורנדיקער ריח פון צעבליטע פלאַנצונגען, די שפּיגלדיקע מצבות גיבן צו אַ פייערלעכקייט, נישטאָ קיין שפּור פון בית־עולם־שטי־מונג, מ'איז אין אַ פּאַרק.

שמשים, פּראָפעסיאָנעלע תהלים־זאָגער פאַרוואַנדלען דעם בית־עולם אין אַ סאָרט כלי־קודש־יאַריד. אין דער אַלטער היים וואָלט מען די דאָזיקע באַנעמונג באַטראַכט פאַר אַ חלול־השם, דאָ איז עס ביזנעס!... אַלץ איז געשעפט — און הונדערטער יידן פאַר־דינען מער ווי פּרנסה אויף די ניו־יאָרקער בית־עולמס. — זיי

מאכן א לעבן פון מאכן „מלאם". — וואָס מער „מלאם" אַלץ מער געלט פאַרדינען זיי, די שמשים און די אַזוי־גערופענע „רעווע־רענדס" און ראַבּים.

בּיי יעדן בּית־עולם געפינט זיך א קרעטשמע. ווי נאָר מען ווערט פאַרטיק מיט דער לויה, גלייך ווי מען וואַרפט אַרויף דעם־לעצטן הויפן ערד אויפן קבר, — „לויפט" מען אין קרעטשמע. — די בּאַאמטע און „בּרידער" פון די לאָזשן און פאַריינען נעמען זיך איבּערבּייסן און טרינקען. דער ייד, וואָס האַלט די דאָזיקע קרעטש־מע, איז אַן אייגענער מענטש, ער קען זיין עולם און בּיי די מער־סטע אמעריקאַנער יידן האָט א לויה א מאָדנע רייצנדע ווירקונג אויף זייער אַפּעטיט.

די טישן אין דער קרעטשמע זענען געגרייט, ווי בּיי א חתונה אין א קליין שטעטל אין פּוילן. דער עולם זעצט זיך אַרום און עס בּאַווייזן זיך מאכלים און משקאות, ווי אויף א בּרית. אָפּט קאָסט די סעודה נאָך דער לויה מער, ווי די לויה אַליין.

ס'איז לעבּעדיק אויף די ניו־יאָרקער בּית־עולמס. מען האָט פאַרטריבּן פון דאָרט דעם ערנסט פון טויט, די קדושה, און דער אייבּיקער סוד, וואָס אַלטע בּית־עולמס טראָגן אין זיך, איז פון דאָרט אויך פאַריאָגט געוואָרן. בּאַזונדערס לעבּעדיק איז דאָרט ראש־חודש אלול, דער „אָפּיציעלער סעזאָן", ווען יידן גייען צו קבר־אבות.

אַזאַ סאָרט „ספּעקטאַקל" אַרום די לויהס איז נאָר מעגלעך אין אַמעריקע, אין דעם לאַנד, וווּ אוממעגלעכקייטן ווערן מעגלעך.

שפּאַצירנדיק איבּער די ניו־יאָרקער בּית־עולמס, דערמאָן איך זיך אין דעם בּית־עולם פון מיין גאַליציאַנער שטעטל אין דאָלינאַ.

צו דעם בּית־עולם פון מיין שטעטל האָט מען געמוזט דורכ־גיין די גויעשע געסלעך און דעם צווינטער, און ווען מען האָט געטראָגן א יידישן מת, זענען בּאַפאַלן הינט און שקצימלעך האָבּן נאָכגעוואָרפן שטיינער.

דערפאַר אָבּער ווי שטיל און פרידלעך אונזער בּית־עולם איז געווען!

אַ הײליקע שטילקײט און פרידלעכקײט.

לעבן און טויט, בליען און פאַרגײן האָבן זיך אין ערגעץ נישט צוזאַמענגעגאָסן אין אַזאַ װוּנדערלעכער האַרמאָניע װי צװישן די אַלטע טאָפּאָל־בױמער, װוּ ס׳האָבן גערוט די טויטע פון אונזער שטעטל, אונטער גראָזיקע בערגלעך און האַלב־אײנגעפאַלענע מצבות.

אויף דעם בית־עולם פון אונזער שטעטל האָט זיך געפילט אַזאַ זיכערקײט, אַזאַ רו און אַזאַ נאָענטקײט צו די טויטע.

דאָס איז אפשר געװען דער זיכערסטער, רואיקסטער פּלאַץ פאַר די יידן פון אונזער שטעטל, װי בײ די יידן פון אַ סך, אַ סך שטעטלעך.

און די טויטע? טויזנטער פעדעם האָבן זײ צו די לעבעדיקע פון שטעטל צוגעקניפּט, מ׳האָט געלעבט מיט זײ און אין זײ, דור נאָך דור, דור נאָך דור.

מ׳איז געגאַנגען אויף קבר־אבות צו טאַטעס, זײדעס, עלטער־זײדעס, עלטער־עלטער־זײדעס.

גאַנצע משפּחות זענען געלעגן. קבר־בײ־קבר, אײן בערגל האָט זיך צום צװײטן געטוליעט, און װען אַ זון פון דער משפּחה איז געקומען, האָט די גאַנצע משפּחה פאַר זײנע אויגן אויפגעלעבט, טאַטעס און מאַמעס, זײדעס און באָבעס. אַלט און יונג זענען פון זײערע קברים אויפגעשטאַנען, װי דורך אַ נס איז הויט אויף זײערע סקעלעטן־בײנער אַרויפגעצויגן געװאָרן, פּריש בלוט האָט אין די פאַרטריקנטע אָדערן אָנגעהויבן פליסן, די ליפּן האָבן זיך אָנגעהויבן באַװעגן, אַלטע, גוטע רייד, װאָס האָבן זיך װי נישט־פאַרגעסענע נגונים אין דער לופט אומגעטראָגן, האָבן פון די ליפּן אַראָפּגעפלאַטערט, און די פאַרמאַכטע אויגן האָבן אויפגעלויכטן, מיט אַ שמייכל פון אַ נאָענטן און אייגענעם, װאָס איז דורך בלוט פאַרבונדן, און ליגט אין בלוט פון די, װאָס ער האָט נאָך זיך געלאָזן.

און נישט בלויז חודש אלול, נאָר אויך אַלע טעג פון יאָר זענען די יידן פון מײן שטעטל און אַנדערע שטעטלעך צום בית־עולם געגאַנגען.

דער וועג צום בית־עולם איז געווען ווי א בריק, וואָס האָט די לעבעדיקע צו די טויטע געפירט און אויך די טויטע צו די לע־בעדיקע.

צי זענען דען די טויטע נישט געקומען יעדע נאַכט אין אונ־זער אַלטער שול?

האָבן מיר דען נישט געהערט אין די שלאָפלאָזע, אומרואיקע נעכט זייערע טריט איבער די שטאָק־טויבע געסלעך?

אויף דעם וועג צום בית־עולם האָבן קיינמאָל קיין גייער נישט געפעלט.

ביי יעדער צרה, ביי יעדן אומגליק איז מען צום בית־עולם געלאָפן, די טויטע פון קברים געוועקט.

א גזירה, א מגפה, א קראַנקהייט אין א משפחה, און — די טויטע האָבן עס באַלד געוווּסט.

מ'האָט אין זייערע קברים אָנגעקלאַפּט, געבעטן זיי צו מיען זיך פאַר די לעבעדיקע, וועלכע זענען פון זיי קיינמאָל נישט אָפּ־געשיידט געווען.

די אַלמנה איז געקומען צו איר מאַן, און דער יתום צו זיינע טאַטע־מאַמע.

דאָס איז ביי אונז אין אייראָפּע, אין דעם גאָט־ פאַרגעסענעם גאַליציע, אָבער נישט אַזוי איז דאָ, ביי אונז אין אַמעריקע.

איך גיי אויף די ניו־יאָרקער בית־עולמס, שפּאַציר אום אויף די ווייסע, געפלאַסטערטע סטעזשקעס, וואָס שפּרייטן זיך ווי אין א פּאַרק צווישן די קברים, און אַן אומעט באַפאַלט מיך.

נישטאָ דער געוויינלעכער בית־עולם־אומעט, נישט דער טרויער פון טויט און פאַרגיין.

איך טראַכט וועגן די לעבעדיקע, פון דער צוויי־מיליאָנענ־דיקער ניו־יאָרקער קהלה, וואָס האָט די דאָזיקע בית־עולמס גע־בויט, די נייע מירמלשטיינערנע מצבות אויפגעשטעלט, מיט זאַמד און ווייסע, געוואַשענע שטיינדלעך די סטעזשקעס אויסגעפלאַס־טערט.

אויף די בית־עולמס טרעט פאַר מיר אַרויס מער ווי אומע־

טום, מיט טראַגישער קלאָרקייט, די אָרעמקייט אין טראַדיציע פון דער ניו־יאָרקער קהלה, פון גאַנצן אַמעריקאַנער יידנטום.

נישטאָ קיין פאַרגאַנגענהייט.

נישטאָ קיין נעכטן.

בלאַנק פּאַפּיר, אויף וועלכן עס איז גאָרנישט אויפגעשריבן.

איך באַטראַכט די מצבות פון דעם גרויסן ניו־יאָרקער בית־עולם, ווו מיר קומט אוים איצט צו שפּאַצירן. איך שפּאַן צווישן די קברים, וויל זיך אַריינלעבן אין בית־עולם־שטימונג און קאָן נישט. ניין, איך קאָן נישט.

די מצבות אַזעלכע נייע, פינקלדיקע, די זון צינדט זיך אין זייער פּאָלירטן מירמלשטיין, און זיי קריגן אַזאַ פייערלעכן אויס־זען, אַ מין יום־טובדיקייט.

און היינט זייער נייקייט און אייגפאָרמיקייט, ווי זיי וואָלטן אַלע נאָר־וואָס פון דער פאַבריק אַרוים!

און די געפּלאַסטערטע וועגן און סטעזשקעס, די בלומען־בייטן און קלומבן, די קליינע גערטנדלעך אַרומגענומען מיט צע־מענטענע ווענטלעך און אייזערנע שטאַכעטלעך.

דאָ אויף די בית־עולמס טרעפט איר לאַנדסלייט. — דאָ דער־מאָנט איר אייך אין אייערע געבורטס־שטעטלעך. — עס איז אַ סאָרט „באַלזאַמירטע שטיק־איראָפּע" אָן „קדושה", אָן צוגע־בונדנקייט, אָן טראַדיציעס! עס איז אַ „לאַנד", ווו לעבעדיקע מענטשן מאַכן אַ לעבן פון טויטע...

# עטלעכע טשעקאָווע גאַסן
# אין ניו-יאָרק

XVII

## 1. אויף די חורבות פון דער אַמאָליקער הויסטאָן־סטריט

מען בויט־איבער ניו־יאָרק! — אָט דעם איינדרוק קאָן באַקומען יעדערער, וואָס קומט אויף אַ באַזוך אין דער גרויסער קאָסמאָפּאָליטישער שטאָט.

די גאַנצע שטאָט ענדערט זיך כמעט איבער נאַכט. מאַנכע געגנטן אויף דער איסט־סייד זעען אויס ווי נאָך אַן ערד־ציטערניש אָדער נאָך אַ פּאָגראָם חלילה. גאַנצע גאַסן ווערן אַרונטערגעריסן און צוזאַמען מיט זיי פאַרגייט אַ שטיק יידיש לעבן.

אויף די חורבות פון הויסטאָן־סטריט שווימען אויף אַלטע ליבע זכרונות. — איר דערמאָנט זיך, ווי די אַלטע, שמאָלע, שפּלדיקע הויסטאָן־סטריט איז אַמאָל געווען אַן אינטערעסאַנטע שטיק פון ניו־יאָרקער יידישן קוואַרטאַל.

הויסטאָן־סטריט! עס איז גענוג צו זאָגן, אַז די גאַס איז געווען פאַר דער איסט־סייד דאָס, וואָס בראָדוויי איז איצט. אין די הויסטאָן־סטריטער וויין־קעלערס און קיבעצאַרניעס האָבן שרייבער, אַקטיאָרן, דיכטער, מאָלער און כלל־טוער געחלומט און געהוליעט. אויף דער דאָזיקער גאַס איז דער אַלטער יידישער מאַכל, דער קניש, געוואָרן אַן „אינדוסטריע". אויף דער גאַס איז אויסגעבויט געוואָרן דאָס ערשטע מאָדערנע יידישע טעאַטער. אויף

דער גאַס אין „ליטל האָנגעריי" האָט דער פאַרשטאָרבענער גע־
וועזענער פּרעזידענט טעדי רוזוועלט געגעסן גולאַש.
הויסטאָן־סטריט!

מיר שפּאַצירן איבער די חורבות, און יעדער ווינקל דער־
מאָנט אונז אין אַנדערע בילדער און סצענעס. כּל־זמן די אַלטע
הייזער זענען נאָך געשטאַנען, האָבן מיר פאַרבייגייענדיק אפילו
נישט געטראַכט וועגן זיי, אָבער איצט, אַז די הייזער זענען אַרונ־
טערגעריסן, דוכט זיך אונז, אַז צוזאַמען מיט די הייזער האָט מען
אויך אַראָפּגעריסן אַ שטיק פון אונזער „איך". יעדער פון אונז
האָט אַמאָל פאַרבראַכט אין די הויסטאָן־סטריטער וויין־קעלערס,
וווּ מען פלעגט הערן אַ לידל, באַקומען אַ גוט גלעזל וויין, מעד און
וואָס נישט.—עס איז געווען הוליע קבצן! מיר דערמאָנען זיך, ווען
מען פלעגט נאָך קאָנען הוליען אָפן, נישט בשתיקה און אין איי־
לעניש — ווי איצט: מען פלעגט טרינקען צוזאַמען מיט דער פּאָ־
ליציי אָן כאַבאַר, און מען פלעגט באַקומען די בעסטע געטראַנקען.
עס איז געווען ליהודים. — עס בענקט זיך נאָך יענער צייט,
ווען הויסטאָן־סטריט איז געווען די „לעבע־גאַס", ווען מ'האָט
דאָרט געהוליעט אויף טיש און אויף בענק.

מיר דערמאָנען זיך ווי אין אַ געוויסן וויין־קעלער אויף
הויסטאָן־סטריט האָבן מיר פאַרבראַכט צוזאַמען מיט דוד קעסלער
און טשאַרלי טשאַפּלין. די צוויי קינסטלער זענען געווען שטאַרק
בגילופן און זיי האָבן ביידע מעשה גוטע ברידער געזונגען מעלאָ־
דיעס. קעסלער האָט געזונגען יידישע לידער און טשאַפּלין האָט אים
אַפּלאָדירט. מאָשקאָוויטש האָט געשפּילט אויף זיין צימבל. שפּע־
טער זענען צוגעקומען אַנדערע אַקטיאָרן, און קעסלער האָט זיך
אָנגעהויבן צו „מענטשלען", ער האָט גענומען רעדן ערנסט וועגן
„ליכט" און „שאָטן", און דערקלערט טשאַרלי טשאַפּלינען ווי
אַזוי ער שפּילט זיינע ראָלן.

נישט ווייט פון דעם רומענישן וויין־קעלער איז געווען די באַ־
רימטע „שטאַרקס־קאַפע" אויף הויסטאָן און צווייטער עוועניו.
דער דאָזיקער קאַפע איז געווען דער „הענגאַוט" (קיבעצאַרניע)
פאַר אַלע יידישע אַקטיאָרן, טעאַטער־לייט, דראַמאַטורגן, טעאַטער־

פאטריאָטן און אַ ריי טיפּן, וועלכע וועלן בלייבן אייביק אין אונזער זכּרון. דאָרט פלעגט אָפט אַריינקומען דער העברעישער דיכטער נפתּלי הערץ אימבער, דער פאַרפאַסער פון „התקוה", און אַרום זיין טישל פלעגן זיצן די באַרימטסטע אַקטיאָרן און שרייבער, וועלכע פלעגן זיך צוהערן צו אימבערס שאַרפע, וויציקע באַמערקונגען.

אימבער פלעגט אָפט אַלעמען קיבעצן, און דער באַרימטער דייטש־יידישער אַקטיאָר מאָריס מאָריסאָן איז פון אים אויסגעשטאַנען אַלערליי צרות... אים פלעגט אימבער פשוט דערגיין די יאָרן פאַר זיין דייטש.—אַ ייד, וואָס רעדט דייטש און קען נישט טרינקען קיין בראָנפן איז פאַר אימבערן געווען אַן אוממעגלעכע דערשיינונג. מאָריסאָן פלעגט דוקא זיין גוטמוטיק צו אימבערן און פלעגט אים גלעטן איבער זיינע ווייסע, לאַנגע לאָקן.

ביי שטאַרקן אין קאַפע האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע גרויסע און קליינע שרייבער, און אין דעם קאַפע פלעגט מען קומען, פּונקט ווי איצט אין „קאַפע ראָיאַל", אַוועקהרגענען אַ צוויי־דריי שעה. אַהין זענען געקומען אויך די אָנערקענטע שריפטשטעלער. שלום עליכמען פלעגט מען אַמאָל דאָרט זען מיט זיין פריינט ליובאַרסקין. זאַנגוויל האָט אַהין פאַרבלאָנדזשעט בעת מען האָט געשפּילט זיין פּיעסע „די קינדער פון איסט סייד", און דאָרט האָט אימבער געשריגן אויף זאַנגווילן, פאַר אַריינשטעלן אים אַלס טיפּ אין דער פּיעסע.

דער אַלטער זייפערט און זעליקאָוויטש פלעגן אַהין קומען זידלען די אַקטיאָרן און זיי שילטן. שלום אַש פלעגט זיך אַהין אַריינכאַפּן טרינקען אַ גלעזל טיי מיט דוד קעסלערן און אים דערביי זידלען פאַר נישט שפּילן ליטעראַרישע פּיעסן. אברהם רייזין, וועלכער איז נאָך דאַן געווען אַ גרינער, פלעגט קומען אַהין האָבן טענות צו די אַקטיאָרן, למאי זיי רעדן נישט קיין גוטן יידיש אויף דער בינע. לואי מילער און יצחק גאָניגמאַן פלעגן קומען זיך זען מיט אַסטיאָרן און שרייבער און דערביי דערקלערן דעם שעדלעכן איינפלוס פון „פּאָרווערטס" אויפן טעאַטער.

צוצוזען, ווי אַקטיאָרן עסן, ווי זיי שפּילן פּינאָקל, איז געווען

אַ גרויסע „אַטרעקשאָן" (אַ סענסאַציע) פאַרן זייטיקן עולם. די איינציקע צוויי יידישע אַקטיאָרן, וואָס פלעגן אַהין אַריינקומען אין זייערע צילינדערס, זענען געווען אַדלער און טאָמאַשעווסקי.. זיי פלעגן אַהין אַריינקומען אין באַגלייטונג פון זייער „סוויטע". אַד־לער פלעגט קומען מיט זיינע זין און מיט עטלעכע אָנהענגער און מיטן באַרימטן „גולאַזש", וועלכער האָט אָפּגעהיט די אָנהענגער, מען זאָל זיי חלילה נישט צוגנבענען...

די אַנדערע אַקטיאָרן, ווי טאָרנבערג, שנייער, בערנשטיין, מאָריס מאָריסאָן, דוד קעסלער און מאָגולעסקאָ פלעגן קומען „פּלעין" (פּשוט), אָן צילינדער־הוט און אָן באַדינטע. זיי זענען שוין דאַן געווען דעמאָקראַטיש. מאָריסאָן, דער „קייזער־קעניגלע־כער", פלעגט בלויז הויך רעדן און ברומען אויף דייטש, און דאָס איז געווען גענוג ארויסצורופן אַלעמענס דרך־ארץ. מאָריסאָן פלעגט דערציילן מיט טרערן אין זיינע אויגן, ווי ער האָט געשפּילט אין בורג־טעאַטער אין ווין.

אַמאָל האָט מען אין „שטאַרקס" געזען ביידע דייטש־יידישע אַקטיאָרן שילדקרויט און מאָריסאָן ביי איין טיש. שילדקרויט פלעגט שטילערהייט דערציילן, אַז מאָריסאָן „בלאָפט" וועגן זיין גרויסקייט, און מאָריסאָן פלעגט דערציילן, אַז שילדקרויט איז בלויז אַ מאָדערנער אַקטיאָר, בעת ער איז דער קלאַסיקער, — ער קען שעקספּיר און שילער אויסנווייניק.

קעגנאיבער „שטאַרקס" איז געווען אַן אַלטער דייטשער ביר־סאַלאָן, און אין דעם סאַלאָן פלעגן די יידישע אַקטיאָרן און טעאַטער־אַרבעטער טרינקען זייער ביר. ווען מען פלעגט זען פון „שטאַרקס" ארויסגיין אַ גרופּע אַקטיאָרן, האָט מען גלייך געוווּסט, אַז מען גייט צום דייטש טרינקען ביר. די קלענערע אַקטיאָרן, די וואָדעווילניקעס, פלעגן כמעט מורא האָבן אַריינצוקומען צו שטאַרקן, ווייל מען פלעגט אויף זיי קוקן פון אויבן אַראָפּ. די דאָזיקע וואָדעוויל־אַקטיאָרן פלעגן בלויז אַריינקומען און זיך שפּיגלען אין יעקב פּ. אַדלער, אָדער אין דוד קעסלערן.

אין דעם דאָזיקן קאַפע, אָדער אין דעם שענק פלעגט איר קאָ־

נען הערן די מיינסטע טונקלסטע הינטער־קוליסן־סודות. די גרעס־טע טעאטער־סקאנדאלן פלעגט מען הערן צוערשט דאָרט, און ערשט דערנאָך האָט מען עס געקענט לייענען אין די טעגלעכע צייטונגען.

נישט ווייט פון דעם דייטשן ביר־סאלאָן האָט זיך געפונען א גרויסער „באַרבער־שאָפּ" (ראַזורע), וואָס איז געווען דער „הענגאוט" פאַר יידישע טעאַטער־לייט. די אייגנטימער פון שאָפּ האָבן געהייסן דזשאו און פרענק, און די אַקטיאָרן פלעגן רופן די צוויי פריזירער „וועבער און פיעלדס". דאָרט פלעגט מען שפּילן אויף פערדלעך, ווייל די צוויי איטאַליענישע פריזירער זענען אליין געווען „באָקמאַכערס", און א סך יידישע אַקטיאָרן פלעגן דאָרט פאַרשפּילן זייערע שכירות.

אויף הויסטאָן־סטריט זענען געווען א מאַסע שפּיל־הייזער און „דזשאָינטס" (שפּיל־פּלעצער), אָבער די דאָזיקע פּלעצער זע־נען געווען א סך נידעריקער, זיי האָבן זיך געפונען אין דער שכנהשאפט פון קלינטאָן און סאָפאָלק־סטריט. מאַקס שוואַרץ האָט אין יענער געגנט געהאַט זיין באַרימטע קאַפע־הויז.

„ליטל־האָנגערי", אהין פלעגן קומען די פיר הונדערט צו הוליען! דאָס איז געווען א באַרימטער פּלאַץ, און די גרעסטע ציגיינער־מוזיקער פלעגן דאָרט שפּילן. גראַפן און באַראָנען פלעגן קומען פון אייראָפּע, כדי צו פאַרברענגען ביי מאַקס שוואַרצן אין זיין „קליין אונגאַרן" אויף הויסטאָן־סטריט. די בעסטע אונגאַרישע וויינען, די פיינסטע און טייערסטע שאַמפּאַניערס און קאָניאַקס האָט מען דאָרט באַקומען.

אביסל נידעריקער צו אַטוירני סט. האָט א צווייטער אונגאַ־רישער ייד מיטן נאָמען סאַמעט געעפנט א קאַפע פאַר די אָרעמע קלאַסן, פאַר די „ספּאָרטס" מיט ווייניקער געלט, און דער דאָזיקער קאַפע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע סטייקס און ביר. בעת ביי שוואַרצן האָבן געהוליעט די פיר הונדערט, האָבן די יידישע אַרבעטער־פירער, די יוניאָן־אָרגאַניזאַציעס פאַרבראַכט ביזן פריען מאָרגן ביי סאַמעטן אין קאַפע. ביי סאַמעטן האָט מען אָפט

געטראָפן מאַקס פּיין, ל. ראָזענצווייג און ב. שלעזינגער. די טוער און פירער פון דעם „אַרבעטער־רינג" פלעגן דאָרט מאַכן זייערע „לאָנשעאָנס". שפּעטער איז דער גלאַנץ „קליין אונגאַרן" פאַר־בלאַסט געוואָרן און ס'איז געוואָרן דער „הענגאַוט" פאַר „לאָד־זשען־ברידער", מ'האָט דאָרט אָפט געזען דעם גרויסמייסטער פון „אינדעפּענדענט ־ אָרדער ברית־אברהם" מאַקס שטערן, דעם גרויס־סעקרעטאַר מעקס ל. האָלענדער און סאָל שעלינסקי. זיי פלעגן זיך טרעפן נאָך די מיטינגען און דיסקוטירן וועגן דער צוקונפט פון די מאַסאָנען־לאָזשעס.

אין דעם קאַפע האָט מען אָפט געזען די יידישע כלל־טוער, די לאַנדסמאַנשאַפטן, די „פּרעזידענטן" (פירער) פון די קלענערע און גרעסערע יידישע געזעלשאַפטן.

אין דער „קניש־פאַבריק", דאָס הייסט ביי יונה שימעל אויף הויסטאָן־סטריט, פלעגן פאַרברענגען די אָשערס און ביל־פּאָס־טערס פון די יידישע טעאַטערס. די טעאַטער־לייט זענען געווען די ערשטע צו פּראָטעזשירן די קנישעס, און דאָרט אין דעם קליינעם קאַפע־הייזל פלעגן די אָשערס און ביל־פּאָסטערס דיסקוטירן די טעאַטער־פּאָליטיק מיט די אָנהענגער פון די פאַרשידענע טע־אַטערס. — אָט אַהין צו יונה שימעל פלעגן שוין קומען די וואָ־דעוויל־אַקטיאָרן אויך, ווייל דאָרט האָט מען געקענט עסן קנישעס און טרינקען זויער־מילך פאַר 10 סענט, און דאַן זענען צען סענט געווען טייער, נישט ווי איצט.

די, וואָס האָבן ליב די איסט־סייד, פרייט מסתמא צו זען, ווי הויסטאָן־סטריט ווערט פּלוצים אויפגעריכט, ווי די גאַס ווערט אויסגעברייטערט, און זיי קלערן זיך, אַז די גאַס האָט פאַרדינט די אויפריכטונג, וואָס איז אויף איר געקומען. אַ סך מענטשן האָבן אויף דער גאַס פאַרבראַכט זייער יוגנט און דאָרט געוועבט זייערע צוקונפטס־פּלענער.

אויף הויסטאָן־סטריט האָבן די גאַליציאַנער יידן געגרינדעט זייער פאַרבאַנד. דאָרט אויף דער גאַס איז געווען די רעדאַקציע פון דעם ערשטן „גאַליציאַנער וואָכנבלאַט", וואָס יעקב פּפעפער

האָט רעדאַגירט. דאָרט איז אויך געבוירן געוואָרן דאָס צווייטע גאַליציאַנער וואָכנבלאַט „דאָס פאָלקסבלאַט", רעדאַגירט פון משה ריכטער. דאָרט אין „דאַמאַשעקס קאַפע" האָבן די גאַליציאַנער כּלל־טוער געשאַפן דאָס ערשטע גאַליציאַנער שפּיטאָל, וואָס איז דאַן אויסגעבויט געוואָרן אויף איסט־צווייטע־סטריט.

הויסטאָן־סטריט איז ענג פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון די גאַליציאַנער יידן אין אַמעריקע. דאָרט האָבן די גאַליציאַנער יידן „געהערשט", און דאָרט האָט מען אָפּגעהאַלטן פיל פייערלעכע פאַרזאַמלונגען לכּבוד זייער קייזער פראַנץ־יאָזעף. דאָרט איז געווען אַ ספּעציעלער „פראַנץ־יאָזעף־פאַריין", און די מיטגלידער זענען געווען בלויז אָפיצירן פון דער עסטרייכישער אַרמיי. זיי פלעגן זיך אָנטון זייערע מונדירן ביי יעדער געלעגנהייט און רייטן אויף ווייסע פערד מיט דער עסטרייכישער פאָן.

אויף הויסטאָן־סטריט האָט דעביוטירט דער איצטיקער פּאָפּולערער יידישער כּלל־טוער בערנאַרד זעמעל. דאָרט האָט ער אָנגעהויבן זיין כּלל־טוערישע קאַריערע ביי די גאַליציאַנער יידן. אין „דאַמאַשקעס קאַפע" האָט מען באַשלאָסן, אַז בערנאַרד זעמעל זאָל ווערן דער פירער פון די גאַליציאַנער יידן. דאָס דאָזיקע קאַפע איז געווען דער צענטער פון די גאַליציאַנער, קעגנאיבער דעם דאָזיקן קאַפע איז געווען דער באַרימטער קלוב פון „עסטרייך־אונגאַרישע ציוניסטן", אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס פלעגט זיך פאַרנעמען מיט ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע אויף דער איסט־סייד. אין דאָזיקן קלוב פלעגן קומען די באַרימטע ציון־פירער, דאָרט פלעגט מען האַלטן לעקציעס, איינאָרדענען קאָנצערטן און מאַכן באַנקעטן פאַר געסט. אַהין פלעגט קומען דר. יוסף זעף ע"ה צו שילטן די ציוניסטישע אַדמיניסטראַציע, די חברים און בונדיסטן.

פון הויסטאָן־סטריט האָבן די גאַליציאַנער טוער געפירט גרשם באַדערן קיין וואַשינגטאָן צו זען זיך מיטן פּרעזידענט טעפט. באַדער איז דאַן געקומען קיין אַמעריקע, און יעקב פּפעפער האָט אין „דאַמאַשקעס קאַפע" אָרגאַניזירט דעם קאָמיטעט, וואָס זאָל באַגלייטן באַדערן קיין וואַשינגטאָן.

אָט דאָס אַלץ האָב איך זיך דערמאָנט, שפּאַצירנדיק אויף די חורבות פון הויסטאָן־סטריט, ווי עס איז איצט אויסגעבויט געװאָרן די אונטערערדישע באַן („סאָבוויי"). דאָס איז געווען אַן אינטערעסאַנט שטיק פון ניו־יאָרקער יידישן קוואַרטאַל.

איצט איז הויסטאָן־סטריט אַ פּשוטע גאַס, אַ רינגעלע אין דער ריזיקער קייט פון גאַסן, אויף וועלכע עס וווינען אונזערע יידן פון פּוילן, רוסלאַנד און רומעניע.—די גאַס האָט פאַרלוירן איר רום און איר אינטערעס.

## 2. עלען־סטריט, די גאַס פון קאָלדרעס און אַנטיקן

שילדערן פאַר איך אַלע גאַסן פון ניו־יאָרק, וווּ עס לעבן און ווירקן אונזערע יידן, וואָלט געהייסן שרייבן אַ בוך וועגן גאַסן. דאָס האָב איך נישט בדעה צו טון. עלען־סטריט איז אָבער אַ טשעקאַווע גאַס, וואָס ליגט אינגאַנצן אונטער דער הויך־באַן, („עלעווייטאָר"), דאָס הייסט, אַז די איינוווינער אויף דער גאַס לעבן אין אַ שטענדיקן טומל פון דער לויפנדיקער עלעקטרישער באַן, וואָס לויפט איבער די דעכער. די רעלסן, — די באַן־ליניע, — איז ווי אַ פינסטערער דאַך פון אייזן און האָלץ, וואָס לאָזט נישט צו קיין ליכט אין די הייזער, און האַלט די איינוווינער ווי אין אַ קאַמער.

אַמאָל־אַמאָל איז עלען־סטריט געווען די גאַס פון פרויען־האַנדל. — עס האָט געטראָגן דעם נאָמען „דער רויטער דיס־טריקט", כאָטש אין דער אמתן איז דאָרט געווען פינסטער און עס האָט געשוויבלט און געגריבלט מיט זנות.

מיט אייניקע יאָר צוריק האָט מען אַרונטערגעריסן גאַנצע הייזער, מען האָט אויסגעברייטערט די גאַס, פאַרטריבן די פרויען־הענדלער, מען האָט אויסגעבויט קליינע און לאַנגע שפּאַציר־וועגן, וואָס זענען אַפילו באַזעצט מיט ביימער. — אָט די אַמאָליקע לאַנגע ברודיקע גאַס, וווּ עס האָט געהערשט אייביקע נאַכט, איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ געשעפטס־גאַס, וווּ מען מאַכט קאָלדרעס, בעטגעוואַנט און פאַרשידענע מעשענע און קופּערנע אַנטיקן.

אַמאָל איז עלען־סטריט געווען אָנגעפּילט מיט אַ טוכלער קעלערדיקער פּיכטקייט און איצט איז די גאַס אויפגעלעבט און אויפגעריכט געוואָרן. יידישע געשעפטסלייט האָבן די גאַס אויס־געשטעלט און זי אַוועקגעשטעלט אין איין ריי מיט אַנדערע וויכטיקע און אינטערעסאַנטע גאַסן אין ניו־יאָרק.

עלען־סטריט איז געוואָרן אַ טשעקאַווע גאַס. דאָרט האָט זיך אַנטוויקלט אַ גרויסער האַנדל.

אונזערע שפּאַניאָלישע ברידער האָבן אין זייערע הענט דעם האַנדל מיט שפּיצן און קינסטלערישער האַנט־אַרבעט. ווען איך שפּאַצירט אויף עלען־סטריט זעט איר דורך די פענסטער פון זייערע קראָמען קויל־שוואַרצע, גליענדיקע אויגן און באַוועגלעכע, אָליוון־הויטיקע פּנימער...

מען שפּאַצירט איבער עלען־סטריט און מען קוקט אויף די געשעפטסלייט, אויף זייערע קראָמען און, דער עיקר, אויף די אויפגעקומענע, רייכע דאַמען, וואָס קומען איינקויפן אין עלען־סטריט זייערע הויז־זאַכן און אַנטיקן.

איך באַטראַכט די אַלטע סאַמאָוואַרן, די קופּערנע פענדלעך, די מעשענע לייכטער, פאַרשטויבטע זייגערס און אַנדערע אַלט־וואַרג. אָט די אַלע זאַכן האָבן זיך געפונען כמעט אין יעדן יידישן הויז אין די קליינע היימישע שטעטלעך און זיי זענען קיין מציאה נישט געווען. ווער איז עס איינגעפאַלן צו מאַכן אַ צימעס פון אַ סאַמאָוואַר, אַ פייער־פאַן, מעשענע לייכטער, אַ חנוכה־לעמפּל? מ׳האָט געוווּסט, אַז די טולער סאַמאָוואַרן זענען די בעסטע, אַז אין אַ קופּערנער פאַן איז גוט צו קאָכן פיש, אַז אַ חנוכה־לעמפּל איז אויף בענטשן חנוכה־ליכט...

דאָ אָבער זענען די אַלע זאַכן אַנטיקן. אין די קעלערס, וואָס געפינען זיך אין דער גאַנצער לענג פון עלען סטריט, קומט מען פון די רייכסטע געגנטן, מ׳באַצאָלט הויכע פּרייזן פאַר די אַלע פענדלעך און לייכטער און מ׳באַפּוצט מיט זיי דערנאָך די ווענט פון די פיינסטע הייזער... אָט די אַלע זאַכן דינען צו שאַפן אַטמאָספערע... צוצוגעבן אַן אייגנאַרטיקן אויסזען דער וווינונג...

די היימישע לייכטער און פענדלעך האָבן דאָ פאַר זיך אַ הויכע אויפגאַבע...

און די עלען־סטריטער טענעמענט־הייזער, אַט די חושכדיקע, דומפּע לעכער? יידן וווינען היינט ווייניק אין זיי... די אָרעמסטע פון די אָרעמע שפּאַניאָלישע פאַמיליעס, פּאָליאַקן. דאָ און דאָרט כינעזער...

אַביסל ווייטער פון די דאָזיקע געשעפטן האָבן זיך געעפנט אייניקע קאַבאַרעטן, קאַפע־הייזלעך, ווו די אַמאָליקע עלען־סטרי־טער איינוווינער קומען הוליען.

אָבער פאַר אַלץ איז עלען־סטריט די גאַס פון קאָלדרעס און בעטגעוואַנט. עלען־סטריטער קאָלדרעס האָבן אַ שם... אַז אַ פּאָרפאָלק האָט חתונה און מען אָרדנט איין אַ הויז, קויפט מען מעבל אויף עוועניו „איי", אָבער קאָלדרעס קומט מען קויפן אין עלען־סטריט.

בערג מיט קאָלדרעס ליגן אין די עלען־סטריטער קראָמען, זיי ליגן אויסגעלייגט אויף גרויסע טישן. איר זעט אַלערליי פאַרבן און שטאָפן, רויטע, גרינע, געלע, ברוינע, פון פּראָסטע שטאָפן און פון זיידנס. טייערע און ביליקע. די מעשענע און קופּערנע אַנ־טיקן, די שפּיצן און בעט־דעקן, — אַלץ, וואָס מען דאַרף, איינ־צואָרדענען אַ נייע וווינונג, אָדער אויסצופּוצן אַן אַלטע וווינונג, געפינט איר אויף עלען־סטריט. אַ טשעקאַווע גאַס!

וואָס שייך אַנטיקן, וואָס שטעלן מיט זיך פאַר אַלטערטימ־לעכקייט, ווי די סאַמאָווארן, הענג־לייכטער, מעשענע און קופּער־נע אויסגעקלאַפּטע בילדער פון אַמאָליקע העלדן — קאָנקורירט עלען־סטריט אפילו מיט „מעדיסאָן עוועניו", וואָס איז באַקאַנט אַלס גאַס, ווו מען קריגט די גרעסטע אַנטיקן און קונסט־בילדער.

אַט אַזוי קאָנקורירן אָפט גאַסן איינע מיט דער צווייטער, אָבער עלען־סטריט האָט נישט קיין מורא, ווייל דער עולם ווייסט, אַז אויף דער דאָזיקער גאַס קויפט מען אַלץ ביליקער.

עלען־סטריט ציט זיך אַריין ביז דיוויזשאָן־סטריט, ווו עס געפינען זיך די מערסטע פרויען־קליידער־פאַבריקן. די שענסטע קליידער און מאַנטלען, פון די ביליקסטע ביז די טייערסטע, גע־

פינען זיך אויף דיוויזשאָן־סטריט. קומען אהער פרויען פון אַלע טיילן שטאָט, אַפילו פון ברוקלין, בראָנקס און אַרומיקע שטעט־לעך קומט מען איינקויפן קליידער אין דיוויזשאָן־סטריט. צוליב דעם, וואָס הונדערטער פרויען שטראָמען טעגלעך אַהין, פּראָפּי־טירן דערפון די עלען־סטריטער סוחרים.

עלען־סטריט צוזאַמען מיט דיוויזשאָן־סטריט האָבן טאַקע גאַנץ רייכע געשעפטן, גאַנץ גרויסע געביידעס און אין איי־ראָפּע וואָלטן די קראָמען באַטראַכט געוואָרן פאַר גרויסע געשעפטן, זענען אָבער די דאָזיקע גאַסן נאָך אַלץ „אָרעמע גאַסן" אין פאַר־גלייך צו זייערע שכנותדיקע גאַסן, ווי גרענד סטריט, אָדער די צווייטע עוועניו, שוין אָפּגערעדט פון דער איסט 14־טער גאַס, ווּ עס געפינען זיך ריזיקע באַזאַרן פון כּל־טוב, שיינע טעאַטערס, גרויסע קאַפע־הייזער און רעסטאָראַנען, וואָס קאָנען פאַרנעמען די מזרח־וואַנט אויף בראָדוויי, אָדער אַפילו אויף דער פינפטער עוועניו.

עלען־סטריט איז טשעקאַווע, אָבער זי זעט אויס, ווי אַן אָרע־מער פעטער אויף אַ רייכער חתונה און טאַקע דערמיט צייכנט זי זיך אויס און צוליב דעם מאַכט מען דאָרט גוטע געשעפטן. וויסן מוזט איר, אַז עלען־סטריט פאַרנעמט אַ באַזונדער אָרט אין יידישן קוואַרטאַל. די לאַנגע גאַס מיט אַ ברודיקער פאַרגאַנגענהייט... די באַנען איבער די דעכער קלאַפּן און טומלען. די הויכבאַן פאַר־שטעלט פון דער גאַס די ליכטיקע שיין. אונטער דער בריק דרייען זיך אַרום שוואַרצע, באַוואַקסענע יידן פון פּערסיע, קאַווקאַז, מצרים, סיריע און תּימן. אָט די דאָזיקע יידן מיט זייערע טונקעלע פּנימער גיבן צו עפּעס אַ סאָרט מאָדנע אַטמאָספערע דער עלען־סטריט, וואָס איז במילא אָנגעפּיקעוועט מיט מאָדנעקייטן, ווי די קאָלדרעס מיט וואַטע.

## 3. אָרטשאַרד־סטריט, דער מאַרק פון מציאות

דאָס, וואָס אין פוילן רופט מען „סטראַגאַנעס", רופט מען בײַ אונז אין אַמעריקע „פּושקאַרטס". דאָס, וואָס די וואַרשעווער האַלעס זענען פאַר וואַרשע, איז „אָרטשאַרד־סטריט" פאַר ניו־יאָרק.

דער אָרטשאַרד־סטריט־מאַרק הייבט זיך אָן בײַם עק העסטער־סטריט און ציט זיך בײַז הויסטאָן־סטריט. אויף דער גאַס זעט איר אָבער נישט בלויז סחורה אויף די וועגעלעך, וואָס רופן זיך פּושקאַרטס, נאָר עס ליגט אויך סחורה אויף סטראַגאַנעס האַרט בײַם טראָטואַר.

אין ניו־יאָרק זענען פאַראַן איבער זעכציק פאַרשידענע מאַרקן, וואָס שטייען אונטער דער קאָנטראָל פון דער שטאָט־רעגירונג, עס זענען אָבער פאַראַן פּריוואַטע געשעפטן, צעוואָרפן אין פאַרשידענע ווינקעלעך פון ניו־יאָרק. מען האַנדלט דאָ מיט אַלעם, פון ציצית בײַז חזיר־האָר. אַלץ קריגט איר אויף אָרטשאַרד־סטריט.

דער ערשטער פּושקאַרט־מאַרק אין ניו־יאָרק איז געווען אויף העסטער־סטריט.

דאָס איז געווען מיט אַ יאָר פערציק צוריק, און אַ דאַנק דעם דערפאָלג פון העסטער־סטריט, זענען איצט דאָ אין ניו־יאָרק איבער 60 פּושקאַרט־מערק, וועלכע געפינען זיך אונטער דער אויפזיכט פון דעם דעפּאַרטמענט אָוו פּאָבליק מאַרקעטס פון ניו־יאָרק,

און ווערן פאַררעכנט אַלס ראַיעלע מערק פאַר אַלערליי סחורות אין ניו־יאָרק.

ביז דאַן פלעגן פושקאַרט־פעדלער וואַנדערן אין די גאַסן, שטופנדיק זייערע וועגעלעך מיט סחורה, פאַרקויפנדיק ווו עס האָט זיך געמאַכט, ווייל אַ פושקאַרט מיינט טאַקע — אַ שטופּ־וועגעלע. די פעדלער, ווי אַלע ווייסן, זענען געווען אימיגראַנטן, און די סחורות אויף די פושקאַרטס זענען געווען מייסטנס גרינסן, אָדער רעשטלעך פון סחורות פון פאַרשידענע סאָרטן. אַ גרויסע צאָל וואַנדערנדע פעדלער האָבן געהאַט אַ וועגעלע, וואָס איז געשלעפט געוואָרן פון אַ פערדל. זיי האָבן באַזוכט כמעט די זעלבע געגנטן יעדן טאָג, און די באַלעבאָסטעס זענען אַרויסגעלאָפן פון הויז מיט די פאַרטוכער אויף זיך און די קאָך־לעפל אין די הענט און איינגעקויפט די גרינסן פון זייער שטענדיקן פושקאַרט־פעדלער. אַן אַנדער סאָרט פושקאַרט־מסחר איז באַשטאַנען פון איינקויפן שמאַטעס.

די אימיגראַנטן האָבן אפשר אַראָפּגעבראַכט דעם סאָרט האַנדל פון דעם אַנדער זייט ים, ווו מען זעט נאָך איצט אַזעלכע גרינס־ און פרוכט־פושקאַרטס אַלע פרימאָרגנס. די פושקאַרט־פעדלער זענען דאַן מייסטנס געווען איטאַליענער און פון ענלעכע נאַציאָנאַליטעטן, און זייערע געשרייען, ווען זיי האָבן אויסגערופן זייערע סחורות, זענען געווען אַ טייל פון דעם דעמאָלטיקן גייסט פון ניו־יאָרק.

די יידישע אימיגראַציע איז דאַן געוואָרן גרויס, און עס האָבן זיך באַוויזן יידישע פושקאַרט־פעדלער. אָבער זיי, קען מען זיך פאָרשטעלן, האָבן זיך צוערשט פאַרנומען ניכער מיטן אויפקויפן און פאַרקויפן אַלטע זאַכן און רעשטלעך, ווי מיט פרוכט און גרינסן.

אין די שפּייז־מערק פון ניו־יאָרק זענען די פושקאַרט־פעדלער אָנגעזעענע סוחרים. זיי זענען אַלע מבינים אויף זייערע סחורות און זיי קויפן אַ סך אויך. כדי צו קענען קויפן בעסערע סחורה און אַזוי ביליק, ווי נאָר מעגלעך, מאַכן גרופּעס פושקאַרט־פעדלער אַ „פּול" אָדער אַן אָפּמאַך צווישן זיך, און זיי קויפן

א סך סחורה מיטאמאָל, אויף „האָלסייל"־פּרייזן. נאָכדעם צעטיילן זיי די אָפּגעקויפטע סחורה צווישן זיך און קענען עס פאַרקויפן ביליקער.

זיי זענען אויך די אָנגעזעענסטע קונדן ביי אויקציאָנען און ביי די אויספאַרקויפן פון סחורות פון באַנקראָטירטע פירמעס. זיי מוזן קויפן זייערע סחורות ביליק. אָבער דערפאַר מוז יעדער פּעדלער זיין אַן אמתער מבין אויף זיינע סחורות: ער מוז קויפן און פאַרקויפן מציאות, „באַרגעינס".

לויט די אָפיציעלע ציפערן איז צו זען, אַז 72 פּראָצענט פון די פּושקאַרט־פּעדלער אין ניו־יאָרק האַנדלען מיט שפּייז, און פון די שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס ווערן פאַרקויפט אויף פּושקאַרטס, איז דער גרעסטער האַנדל מיט עפּל. דער צווייטער גאַנגבאַרער שפּייז־אַרטיקל אויף פּושקאַרטס זענען מאַראַנצן. נאָכדעם קומען ווייַנטרויבן, ציבעלעס, קאַרטאָפל און פּאָמידאָרן. פון די אַנדערע סחורות זענען קליידער און שניט־סחורות די גאַנגבאַרסטע אַרטיקלען. פאַר די אייזן־פאַבריקן זענען די פּושקאַרטס אויך אַ גוטער מיטל צו פאַרקויפן זייערע „שיריים"־סחורות.

לויט די אָפיציעלע ציפערן פון דעם אָפיציעלן רעגירונגס־באַריכט זענען 63 פּראָצענט פון די פּעדלער יידן און 32 פּראָצענט איטאַליענער. די איבעריקע קליינע צאָל זענען פון אַלערליי נאַציאָנאַליטעטן. דערפאַר אָבער זעען מיר, אַז 95 פּראָצ. פון די פּעדלער, וואָס האַנדלען מיט סחורות, אויסער עסנוואַרג, זענען יידישע.

די פּושקאַרט־יאַרידן זענען נישט גלאַט צעוואָרפן איבער די גאַסן. יעדער מאַרק האָט אַ באַשטימטן קלאַס סחורה, מיט וועלכע די פּושקאַרט־פּעדלער האַנדלען. און אויף יעדן מאַרק זענען דאָ באַשטימטע גרענעצן און ווינקלען פאַר געוויסע סחורות. אויף איין מאַרק זעט מען נאָר פּושקאַרטס מיט שפּייז, אויף אַ צווייטן זעט מען שניט־סחורות. איין ריי פּושקאַרטס זענען אָנגעלאָדן מיט געניצטע קליידער, אין אַ צווייטן טייל פון מאַרק שטייען פּושקאַרטס מיט אַלט צירונג און פּאָנאָגראַפן און צעבראָכענע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, און אַביסל ווייטער שטייען איינע נאָך די

אַנדערע עטלעכע פּושקאַרטס, אויף וועלכע עס זענען אויסגעלייגט אייזנס אָדער געצייג פאַר סטאָליאַרעס, מעכאַניקער א. א. וו.

דער באַרימטסטער און אינטערעסאַנטסטער פּושקאַרט־יאַריד איז דער פּושקאַרט־מאַרק אויף אָרטשאַרד־סטריט. דאָרטן שווימלט און גרימלט אַ גאַנצן טאָג פון מענטשן און פּושקאַרטס. מענטשן זענען דאָרטן אַזוי געדיכט און פון אַזעלכע פאַרשידענע מינים, פון אַזעלכע קאָלירטע קנוילן, ווי די אַלטע, נייע און אויסבראַקיר־טע סחורות אויף די פּושקאַרטס...

דער געשריי פון די פּעדלערס אויף אָרטשאַרד־סטריט רייסט זיך צו די הימלען און רינגלט אַרום מיט האַוועניש און האַנדל די אַלטע טענעמענט־הייזער, מיט די „פייער־עסקייפּס" (רעטונגס־לייטערס), וואָס זענען פאַרלייגט מיט קישנס און פּערענעס און גלאַט מיט קעסטלעך.

וואָרום אָרטשאַרד־סטריט איז די וואָל־סטריט פון דער ניו־יאָרקער „פּושקאַרט־וועלט". אָרטשאַרד־סטריט איז די בירזשע פון פּושקאַרט־פּעדלער און מציאה־זוכער. אָרטשאַרד־סטריט איז אָנגע־לאָדן און קראַכט פון פרימאָרגן ביז ביינאַכט מיט דעם שרייענדיקן גייסט פון פּושקאַרט־ספּעקולאַציע.

אויב איר זוכט עפּעס אַן אַרטיקל און איר קענט עס נישט געפינען אין ערגעץ, מאַכט אַ שפּאַציר אין געדראַנג אויף אָר־טשאַרד־סטריט, דורך די אַלייען פון פּושקאַרטס, און איר וועט עס דאָרטן געפינען אויף איינעם פון די פּושקאַרטס. אויב אייך פאַר־בענקט זיך נאָך היימישע זאַכן, וועט איר זיי געוויס טרעפן אין אָרטשאַרד־סטריט אויף די פּושקאַרטס און סטראַגאַנעס, ווייל אָר־טשאַרד־סטריט איז דער וועלט־באַזאַר פאַר די אָרעמע מאַסן. אַלץ געפינט איר דאָרט: אַן אַלט־היימישן טשעמאָדאַן, אַ צעבראָכן מוזיק־קעסטעלע, וואָס מען האָט געזען, איידער די פאָנאָגראַפן זע־נען אַרויסגעקומען, אַ פאָר היימישע מעשענע לייכטער, אַ צעבור־גענעם סאַמאָוואַר, שווערע מעשענע פאַנען, וואָס אַ ליטווישע באַ־לעבאָסטע האָט מסתּמא געבראַכט פון דער אַלטער היים און גע־האַלטן פאַר פּסחדיק, ביז וואַנען אירע קינדער האָבן באַשלאָסן אוועקצוטראָגן די אַרטיקלען צו אַ קויפער פון אַלטוואַרג.

און אויפן זעלבן פּושקאַרט, פּילייכט, זעט איר אַ הורבע מיט קרענצלעך „פּאַטשערקעס", מיט אַ צלם אויף יעדן קראַנץ, אַ קאָ־שיקל פון ריטער, געפלאָכטן פון אינדיאַנער הענט, אַ ליידיקע פלאַש פון איטאַליענישן ווײַן, אַ קעסטל מיט פּאַרפיומירטן זייף און אַנדערע אַרטיקלען אָן אַ שיעור.

אויב איר וועט זיך שטופּן געננג לאַנג אין דעם געדראַנג אַרום די פּושקאַרטס, וועט איר זיכער געפינען דעם אַרטיקל, וואָס איר זוכט, כאָטש אין קיין קראָם אין ניו־יאָרק קענט איר עס נישט קויפן, וואָרום אַלץ קומט אָן צו די פּושקאַרטס — פריער אָדער שפּעטער.

אַלץ — אַלץ טרעפט איר אין דעם ריזיקן באַזאַר פון פּוש־קאַרטס:

פּושקאַרטס מיט אַלטע בגדים פון גלאַנציקע טאָקסידאָ־אַנצוגן ביז אַרבעטער־הויזן; פּושקאַרטס מיט שיך, מיט געפּעס, פּושקאַרטס מיט רעשטלעך פון שניט־סחורות, אַ פּושקאַרט מיט וואַנט־זייגערס, קאָך־לעפל, זאַלץ־ברעטלעך, און נאָך אַזעלכע זאַכן; אַ פּושקאַרט מיט פלעשלעך שאָקאָלאַד־מילך, שוך־בענדלעך, צע־בראָכענע ליאַלקעס; אַ פּושקאַרט מיט זעלבסט־ראַזירער, האַמערס און אַלערליי געצייגן; פּושקאַרטס מיט „טאַנצנדיקע" נייע בלוז־קעס, קינדערשע בגדימלעך א. א. וו. נאָכדעם זענען דאָ עטלעכע פּושקאַרטס נאָכאַנאַנד, וועלכע זײַנען אויסגעלייגט מיט זעגן און האַמערס און שלעסער און זאַוויאַסעס. אַלץ נייע, פּילייכט מיט עפּעס אַ בראָך, אָבער נייע; עטלעכע פּושקאַרטס מיט אַלטע זיל־בערנע לעפל, שטייגלעך פאַר פייגעלעך, פאַררויכערטע בורשטינענע פּאַפּיראָסן־שפּיצלעך און טאַבאַק־פּושקעס, שטייען אויך איינע נעבן די אַנדערע, וואָרום אייגנטלעך איז דער פּושקאַרט־געשעפט, פּונקט אַזוי ווי אַלע אַנדערע געשעפטן, ווו עס איז דאָ פּלאַץ פאַר איינעם, איז דאָ פּרנסה נאָך פאַר עטלעכע. און דער פּושקאַרט, אַזוי ווי אַ רעגולירטער גרויסער באַזאַר, איז אויך צעטיילט אויף פאַרשידענע אָפּטיילונגען. אין יעדער אָפּטייל אַן אַנדער סאָרט סחורה.

ווי געזאָגט, די „וואָל־סטריט" פון די פּושקאַרט־מערק, אָר־

טשארד־סטריט, איז ארומגערינגלט מיט אנדערע מארקן, ווו די סחורות זענען אויסגעלייגט אויף פושקארטס.

די באַרימטע העסטער־סטריט, די אַמאָליקע יחסנטע פון איסט־סאַידישע שליאַמפּער־גאַסן, האָט איינעם פון די מערקווירדיקסטע פושקארט־מארקן. דאָרטן ליגן די סחורות אויסגעלייגט נישט נאָר אויף פושקארטס, נאָר פשוט אויף דער גאַס, אין קאָשיקלעך אָדער אויף קאַסטנס. דאָרטן זעט מען פון אַלץ: אַלטע יידענעס מיט פייער־טעפּ, וועלכע פאַרקויפן שבת־ליכט און שאַכטלעך צינד־העלצלעך און ציין־רייניקער; פושקארטס מיט געשפּאָלטענע טעלער און צעבויגענע טעפּלעך און פענדלעך; פושקארטס מיט רעשטלעך פון קריטאָן־סחורות, און ווו נישט ווו אַ פושקארט מיט פלוימען און נאָך אַזעלכע מאכלים. אָבער מייסטנס זענען דאָרטן די סחורות פאַר דער קיך און פאַר דעם אָרעמען טענעמענט־הויז.

און דאָס מערקווירדיקע אין העסטער־סטריט, וואָס ליידט פון אַן אַלטער רעפּוטאַציע אַלס אַ שליאַמפּער, איז דאָס, וואָס אויף די גאַניקעס, איבער די קעפּ פון די פושקאַרט־פּעדלער, ציט זיך אַ ריי פון גרויסע און פאַרמעגלעכע שניט־סחורות־קראָמען, סקלאַדעס פון אַלערליי סאַמעט און זיידנס און אפילו זיידענע באַפּוצונגען צו קליידער. און דורך דעם טומל פון אָרטשאַרד־סטריט גייען דורך רייכע דאַמען מיט פאַרהויבענע קליידער, און קומען אין די קראָמען איינקויפן קאָסטבאַרע מאַטעריאַלן פאַר קליידער. פרויען, וואָס וווינען שוין איצט אויף ריווערסאַיד דראַיוו און אין וועסט ענד עוועניו. אָבער די מייסטע, וואָס קומען אין די סקלאַדעס, זענען נעט־געקליידעטע שניידערקעס, וועלכע נייען פאַר די רייכע פרויען און קומען איינקויפן סחורות ביליקער, ווי אין די באַזאַרן.

ביי דעם מאַרק־האַנדל איז צו באַמערקן זייער אַן אינטערעסאַנטן כאַראַקטעריסטישן שטריך: דער גאַנצער אָפענער מאַרק־האַנדל פון ניו־יאָרק ליגט ביי יידן און איטאַליענער אין די הענט. אין דער איסט־סאַיד האָבן די איטאַליענער און די יידן אַזוי ווי אָפּגערעדט: אויף דער זייט דריטע עוועניו צו איסט־בראָדוויי צו איז דער יידישער מאַרק. אויף יענער זייט דריטער עוועניו, צו

בראָדוויי צו, שטייען די איטאַליענישע פּושקאַרט־פּעדלער. דער ייִדישער מאַרק איז אַ סך רייכער, פאַרשידנאַרטיקער און אַרטיק־לען, ווי דער איטאַליענישער. דער ייִדישער מאַרק־פּעדלער האַנדלט אויף זיין פּושקאַרט מיט וואָס עס מאַכט זיך, דער איטאַליענישער אָבער — כּמעט אויסשליסלעך מיט פּרוכטן און גרינס. צום טייל אויך מיט פיש. אַ חוץ פיש האַנדלט דער איטאַליענער אויך מיט פאַרשידענע סאָרטן מולטערלעך־זשאַבעס און אַנדערע סאָרטן ים־ברואימלעך, מיט וועלכע דער ייִדישער מאַרק־פּעדלער עוסקט זיך קיינמאָל נישט.

די דאָזיקע גאַס איז בלויז אַ ווינקעלע אין דעם ריזיקן קנויל פון ייִדישע גאַסן. עס איז גענוג, ווען איר כאַפּט אַ שפּאַציר איבער לודלאָוו, עסעקס, ריווינגטאָן, העסטער און דיוויזשאָן־גאַסן, אַז איר זאָלט גלייך דערשפּירן, ווי דאָ ברויזט, שוימט און בלעזלט זיך דאָס ייִדישע לעבן. דאָ, אין קנויל פון ייִדישע גאַסן, האָט זיך פאַנאַנדער־געלייגט וואַרשע, לאָדזש, לעמבערג, ביאַליסטאָק, ווילנע, אָדעס, קאָוונע און קראָקע. דאָ, ביי אונז אין דער נייער וועלט, ספּעציעל אין אונזער קאָלירפול ניו־יאָרק, קאָנט איר זען גרעסע־רע, פאַרביקערע און לעבעדיקערע קאָפּיעס פון די היימישע „געטאָס". זיי זענען דאָ פאַרביקער, ווי דער אָריגינאַל אַליין. דאָ, אין דעם קנויל פון ייִדישע גאַסן, דערזעט איר דעם אמתן קיבוץ־גליות, דאָ, ביי אונז, איז דער אמתער „שמעלץ־טאָפּ", וועגן וועלכן אונ־זער גרויסער קלאַסיקער ישראל זאַנגוויל האָט געשריבן אין זיינע „איסט־סאַידער געטאָס".

דאָ, אין ייִדישן קוואַרטאַל, דער עיקר אויף אָרטשאַרד און העסטער־סטריט, שטויסט איר זיך אָן אויף משונה־ווילדע קאָמ־בינאַציעס. דער אַמאָליקער פאַרשימלטער ייִדישער תּחום, מיט זיין גאַנצער אָרעמקייט, ברודנעקייט און הילפלאָזיקייט, מיט דער פלינ־קייט און שנעלקייט פון דעם קאָלאָס ניו־יאָרק. אָט זעט איר, ווי אין אַ גרויסן פענצטער אויף סאָפּאָלק־סטריט זיצט אַ היימישער כּופר און טוט זיין אַרבעט. הונדערטער פאַרבייגייער קוקן אויף אים, ווי אויף אַ „בייז ווונדער".

עטלעכע שפּאַן ווייטער אויף העסטער און סאָפאָלק־סטריט זיצן אַלטע היימישע ווייבער אין זייערע שייטלען איבער פּייער־טעפּ, פּונקט ווי זיי זענען געזעסן פאַר דער לעמבערגער שול, אָדער ווי ביי אַ מארק אין ווילנע אָדער וואַרשע. איר זעט זיי, די אַלטע, גוטמוטיקע פרויען, איינגעוויקלט אין טראַנטעס, צופוסנס פון די צען־ און אַכט־שטאָקיקע געביידעס. זיי זיצן אויף די טראָטואַרן איבער פּייער־טעפּ, ווי אין די קלענסטע אָרעמע שטעטלעך אין פּוילן. זיי פאַרקויפן הייסע בעבעלעך, קנישעס אָדער בייגל.

אַלץ זעט איר אין ניו־יאָרק! קליינע און גרויסע קראָמען. מען האַנדלט אויף די גאַסן מיט הייסע געבאַקענע קאַרטאָפל, מיט וואורשט און געראויכערטע פיש, מיט עפּל און באַנאַנעס. מען רעדט יידיש און מען האַנדלט אויף יידיש. די ווענט פון די הייזער זע־נען באַהאָנגען מיט יידישע שילדן, מען רעקלאַמירט אָפּפיר־מיט־לען, ברוך־בענדער, חזנים און ספרים. אין יעדער גאַס דערזעט איר עפּעס אַ קליינע חברה. אָט איז די חברה „אנשי־גאַליציע״, אָט איז „אנשי־ליטע״, ווייטער איז אַ שול פון גאַליציאַנער יידן. די ראָזיקע פּלעצער זענען נישט גלאַט שולן, נאָר דאָ קומען זיך צו־נויף לאַנדסלייט, דאָ ווערן ארומגערעדט פאַרשידענע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פראַגן. דאָ, אין די דאָזיקע ערטער, ווערן באַ־זאָרגט אַלע רעליגיעזע באַדערפענישן פון וויגעלע ביזן קבר. דאָ געפינט מען אַ מוהל, דאָרט קנעלט אַ מלמד מיט קינדערלעך, ווי אין קלענסטן שטעטל אין גאַליציע; דאָרט שטעלט מען אַ חופה און קעגנאיבער באַשטעלט מען די לויה.

דאָ גייט אַלץ נאַטירלעך מיט רעקלאַמע, יעדער רעקלאַמירט זיך גרויס. יעדער לויבט זיך אויף אַ קנאַקעדיקן אופן. אויף קאַ־נאַל־סטריט זעט מען מוכר־ספרימניקעס, וואָס רעקלאַמירן זייערע ספרים, ווי דער שוך־הענדלער רעקלאַמירט זיינע שיך. אַלץ איז גרויס, דערהויבן און טייער. יעדער רעקלאַמירט זיין סחורה, אָבער אינטערעסאַנטער פון אַלץ זענען די רעקלאַמעס פון די „פּושקאַרט־הויזירער״; זייער מענה־לשון איז פּשוט נישט צום באַשרייבן. זיי פאַרקויפן אַלץ און אַלעס, פון אַ צעבראָכענער פידל ביז באַבסקע רפואות.

— קויפט אַ מציאה! — שרייט איינער. — איך האָב די ריכטיקע סחורה! — שרייט אַ צווייטער. — אַ ווילדער געפּילדער, אַ געשריי, מען שטופּט זיך, מען ליאַרעמט און אַלץ איז יידישלעך, היימיש. מען שווערט זיך, מען שילט זיך, מען ווינטשט זיך און עס איז לעבעדיק אין דעם קנויל פון יידישע גאַסן, אויף דעם מאַרק פון ווילדע מציאות.

## 4. דעלענסי־סטריט, די לעבעדיקסטע יידישע גאַס אין ניו־יאָרק

דעלענסי־סטריט איז אפשר די רייכסטע יידישע גאַס. אין איר ליגט, גלויבט מען, מער יידישער קאַפּיטאַל, ווי אין וועלכער עס איז אַנדערער גאַס. די קאָכעדיקסטע און רוישיקסטע גאַס אין הארץ פון יידישן קוואַרטאַל. די גאַס איז פאַרן יידישן קוואַרטאַל אַ מין „טיימס־סקווער". איר הויפּט־שטריך, דוכט מיר, איז איר פריילעכקייט.

איר ריין־יידישע פריילעכקייט! זי האָט טומלדיקע שכנים, ווי ריווינגטאָן־סטריט, גרענד־סטריט, סטענטאָן, עסעקס און קלינטאָן־סטריטס, אָבער זי איז די וויכטיקסטע גאַס פון אַלע. זי איז די קעניגין פון די יידישע גאַסן, ווו עס וווינען אונזערע יידישע יידן. — איז זי עכט־יידיש פריילעך.

יידישע פריילעכקייט, ווייסט איר דאָך, מוז זיין צוגעמישט מיט אַ קרעכץ און אַ טרער. הערט מען טאַקע אויף דילענסי־סטריט אַ קרעכץ פאַר יעדן לאַך; זעט מען דאָרט טאַקע אַ טרער פאַר יעדן שמייכל. ווייל דילענסי־סטריט — די פריילעכסטע יידישע גאַס — איז, פאַרגעסט נישט, דער דורכפאָר פאַר כמעט אַלע לויות, וואָס ציען זיך צו די בית־עולמס אויף דער אַנדער זייט בריק; ווייל דורך דילענסי־סטריט מאַכט אַ ייד די לעצטע נסיעה פון דער וועלט אויף יענער וועלט.

דער שאָטן פון טויט, וואָס פאַלט פון צייט צו צייט אויף די־לענסי־סטריט, איז אָבער נישט דאָס איינציקע, וואָס מישט אויס

איר פרייד מיט ליד, איר געלעכטער מיט טרערן. דאָס לעבן וואַרפט אויף איר שאָטנס, וואָס זענען אפשר שווערער, ביטערער.

ביי איר גאַנצער ברייטקייט און רייכקייט, ביי איר גאַנצער פריילעכקייט און לוסטיקייט, איז דילענסי־סטריט אַ גאַס פון טע־נעמענטס, פון גראָע אַרבעטער־היימען, אין וועלכע עס קלאַגט די נויט און עס פייפט דער דלות. אויבן — אַרבעטער־היימען; אונטן — טייל פון די גרעסטע געשעפטן אויף דער איסט־סאַיד. איין הויז — די גרעסטע יידישע באַנק; דאָס צווייטע — אַ טוכלע טענעמענט; איין הויז — אַ גרויסער און רייכער יידישער רעסטאָ־ראַן; דאָס צווייטע הויז — אַן אַלטער מויער, אַן אָפּגעריסענער, אַן אָפּגעשליסענער.

אמת, די וווינונגען פאַרשווינדן ביסלעכווייז. ביוראָס פאַר־נעמען זייער פּלאַץ. אָבער אַפילו ווען פון דילענסי־סטריט וועט פאַרשווינדן די לעצטע אַרבעטער־היים, וועלן פון אַלע זייטן זי אַרומרינגלען די אַלטע חורבות אין דעם צענטליק גאַסן, וואָס קרייצן זי דורך — די חורבות, און די פּושקאַרטס, און דאָס גאַנ־צע ביסל אָרעמקייט און העסלעכקייט פון דעם גרעסטן און רייכסטן יידישן קוואַרטאַל אין דער וועלט!

פאַראַן אַ מיינונג, אַז דער טיטל „אונזער פריילעכסטע גאַס" געהער צו סעקאָנד עוועניו. אָבער סעקאָנד עוועניו, מיט אַלע אי־רע יידישע טעאַטערס, מיט אַלע אירע יידישע פרעסאַרניעס און קאַפע־הייזער, מיט אַלע אירע יידישע האָלס און אינסטיטוציעס, און וואָס נאָר איר ווילט אַליין, איז עפּעס, דאַכט מיר, נישט קיין יידישע גאַס — נישט, יעדנפאַלס, קיין יידישע גאַס לויטן גוסט פון אונזערן אַ יידן, וואָס האָט ליב, מעז זאָל אים דערלאַנגען דאָס ביסל יידישקייט, מעג זיין אָן אַ יאַרמלקע, אַבי פריי און אָפן.

איך רעד שוין נישט וועגן דעם, וואָס אויף סעקאָנד עוועניו איז דער דלות — און ער איז דאָרט, גלויבט מיר, שטאַרק פאַר־טראָטן — אַזוי באַהאַלטן, אַז מען קאָן אים נישט אַרויסזען. איך רעד שוין אויך נישט וועגן דעם, וואָס די פריילעכקייט פון סע־קאָנד־עוועניו, אויב מען געפינט זי שוין יאָ ערגעץ אין אַ ווינקל, איז עפּעס — זאָל זי מיר מוחל זיין — אַ מין גויאישקע פריילעכ־

קייט. וועגן דעם אַלעם רעד איך שוין נישט. איך רעד אָבער יאָ וועגן דעם, וואָס סעקאָנד־עוועניו האָט זיך מיר די לעצטע צייט אָנגעהויבן אונטערצושעמען מיט איר ביסל יידישקייט.

סעקאָנד־עוועניו שעמט זיך מיט איר יידישקייט; דילענסי־סטריט שטאָלצירט מיט דעם.

נישטאָ, דאַכט זיך, קיין „גרינע". פאַראַן, צו אַל די שוואַרצע יאָר, אַ „קוואָטע", און פאַראַן אַנדערע גזירות אויף אימיגראַנטן. אָבער יידן פון דער אַלטער היים קומען דאָך פאָרט אַהער אַריין, ווען אַפילו אין גאַנץ קליינע צאָלן. ווו־זשע קומען זיי אַהין?

גייט זיך דורך אַ ליאַדע אָוונט איבער דילענסי־סטריט, און איר וועט זיי זען און הערן. איר וועט זען יידישע פּנימער און מלבושים, און הערן אַ שפּראַך אַ יידישע, פון וועלכער ס'וועט אויף אייך אַ בלאָז טון מיט ליבער היימישער וואַרעמקייט. און נישט בלויז „גרינע" רעדן אויף דילענסי־סטריט יידיש, אַלע טוען דאָס.

אויף סעקאָנד־עוועניו וועט איר זעלטן־ווען דאָס הערן. דאָרט וועט אייך גרילצן אין די אויערן אַ זייער שלעכט־פאַרדייעטער ענגליש.

אויף דילענסי־סטריט וועט איר געפינען יידישע שילדן אויף טעאַטערס, אין וועלכע עס ווערן געוויזן דורכאויס נישט קיין יידישע פילמען. מאַנכעסמאָל זענען די דאָזיקע שילדן שוין אַ קאַפּיטשקע צופיל יידיש. עס פּאַסירט, אַז אַ פילם, וואָס זיין ענגלישער נאָמען איז, לאָמיר זאָגן, „דהי גרעיט אַדוועטשור", ווערט אַנאָנסירט אויף יידיש אַלס „צרות פון אַ שווינגער". אויף סעקאָנד־עוועניו איז די זאַך פּונקט קאַפּויר. איבער יידישע טעאַטערס — ד ו ר כ א ו י ס  י י ד י ש ע טעאַטערס — הענגען ענגלישע שילדן, און אינעווייניק, אין די דאָזיקע טעאַטערס, לייגט מען זיך ממש אין דער לענג און אין דער ברייט, צו רעדן און אויסצוזזען, און צו „עקטען" וואָס מער בראָדוויאיש, און וואָס ווייניקער יידיש. צי דאָס איז גוט אָדער שלעכט, צי דאָס דאַרף אַזוי זיין אָדער נישט, וועט איר אַליין מוזן אורטיילן. איך אורטייל נישט, איך דערצייל בלויז, וואָס איך זע און הער.

דילענסי־סטריט, נישט אַבטנדיק אויף איר עכט־אַמעריקאַ־
נישן שוווּנג און אונטערנעמונגס־גייסט, אויף איר געוואַלטיקן
פאַרנעם, באַווייזט פונדעסטוועגן צו דערהאַלטן אַ סך שאַרפע זייטן
פון איר יידישן כאַראַקטער. דאָרט, פילט איר, האָט די נייע וועלט,
מיט איר גרויסן פאַרנעם, מיט איר הו־האַ און הענדום־פּענדום,
מיט איר רוּיקייט און פרעכקייט, אויף אַ גאַנץ מאָדנעם אופן זיך
איינגעלעבט און געוואָרן איינס מיט טייל פון די אָפּגעשטאַנענע
זייטן פון דער אַלטער וועלטס קליינשטעטלדיקייט.

אויף דילענסי־סטריט געפינען זיך טייל פון אונזערע איסט־
סאַידס גרעסטע און רייכסטע געשעפטן: „דזשענטס פוירנישינג״
(העמדער־קראָמען) פאַרנעמען דעם אויבנאָן. דאָ געפינט איר, דאַכט
זיך, מער פון דאָזיקן מין קראָמען, ווי אויף דער גאַנצער יידי־
שער איסט־סאַיד צוזאַמענגענומען.

פון צייט צו צייט פּאַסירט, אַז אַזאַ קראָם „גייט געבראָכן״,
באַנקראָטירט, שליסט זיך. איר הערט זאָגן, אַז דאָס איז געשען
דערפאַר, וואָס דילענסי־סטריט האָט צופיל אַזעלכע קראָמען. און
דאָס ליגט זיך טאַקע אויפן שכל אויך. און איר גלויבט דאָס. אָבער
אין אַ וואָך אַרום געפינט איר דאָרט, אָנשטאָט דער צוגעמאַכ־
טער קראָם, צוויי אָדער דריי נייע.

אויב גרענד־סטריט איז דער איסט־סאַידס ווייבערישער
מאַרק, איז דילענסי־סטריט — דער מענערישער מאַרק. אויף די־
לענסי־סטריט, אין די „דזשענטס פוירנישינגס״־קראָמען געפינט איר
זייער אָפט זאַכן, וואָס זענען עפּעס גאָרנישט אין איינקלאַנג מיט
דער אָנגענומענער מיינונג, אַז די איסט־סאַיד איז באַפעלקערט מיט
די אָרעמסטע יידן פון ניו־יאָרק. איר געפינט דאָרט אויסגעשטעלט
אין טייל פענצטער די פיינסטע און קאָסטבאַרסטע אַרטיקלען פאַר
מענערשן „פול דרעס״־געברויך. זיידענע העמדער, צו צוואַנציק
דאָלאַר אַ שטיק, אָדער זיידענע שלאָף־רעק צו פינף און זיבעציק
און הונדערט דאָלאַר אַ שטיק, זענען אַ גאַנץ אָפטע און נישט
גאָר קיין אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג. די סוחרים וועלן אייך
דערציילן, אַז די דאָזיקע טייערע זאַכן האַלטן זיי פאַר יענע קונים
זייערע, וואָס האָבן שוין לאַנג זיך איבערגעצויגן פון דער איסט־

סאַיד אויף ריווערסאַיד־דרייוו אָדער וועסט־ענד־עוועניו, אָבער מ'דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז „די ריכטיקע סחורה" און די פיינסטע סחורה קריגט מען נאָך אַלץ אויף דער „גוד אָלד איסט־סאַיד" — די גוטע אַלטע איסט־סאַיד.

אין דעם איז פאַראַן אַ גרויס שטיק אמת. פאַראַן טאַקע היינט אַ סך יידישע גבירים, טייל פון זיי פילפאַכע מיליאָנערן, וועל־כע זענען אין תוך געבליבן די זעלבע יידן, וואָס זיי זענען געווען, ווען זיי האָבן זיך געמאַטערט אויף דער איסט־סאַיד. און כאָטש זיי וווינען שוין היינט אין די „הויכע פענצטער", קומען זיי דאָך אַראָפּ אויף דער איסט־סאַיד ביי יעדער געלעגנהייט, וואָס מאַכט זיך זיי. אָבער נישט כדי צו כאַפּן מציאות, קומען זיי. דאָס טוען זיי צופעליק. זיי קומען זיך „אָנוואַרעמען" אַביסל און באַנייען אַלטע באַקאַנטשאַפטן, און — זייער אָפט — קוויקן זיי זיך מיט אַן אַלטן היימישן מאכל. ביי די גויים, אין די „הויכע פענצטער", איז זיי קאַלט...

און דער אמת איז, אַז די מערסטע פון די דערמאָנטע „פול דרעס" (סמאָקינגען) און אַנדערע קאָסטבאַרע אַרטיקלען פון מע־נערישער גאַרדעראָב פאַרבּרויכן טאַקע איסט־סאַידער יידן גופא. נישקשה, אויף דער איסט־סאַיד, ביי דער גאַנצער אָרעמקייט, וואָס פייפט אַרויס פון אַלע ווינקלען, איז היינט דאָ גענוג געלט. ס'זע־נען נישט מער די אַמאָליקע יאָרן. גייט זיך דורך איבער העסטער־סטריט און זעט די זעלטענע זיידן־שטאָפן אין די אויסשטעל־פענצטער, וועט איר קריגן אַ שטיקל באַגריף פון די לוקסוס־אַרטיק־לען, וואָס די היינטיקע איסט־סאַיד פאַרבּרויכט.. און אויב נישט דאָס, וועלן אייך אין דעם איבערצייגן די דימענטן און אַנדערע איידל־שטיינער אין די צירונג־קראָמען אויף גרענד־סטריט, אָדער טייל פון די טייערסטע פוטערוואַרג אין דער וועלט אין די אויס־שטעל־פענצטער אויף איסט־בראָדוויי.

אַ חוץ די רעגולערע קראָמען פון „דזשענטס' פוירנישינגס" אויף דילענסי־סטריט, געפינט איר דאָרט אויף טריט און שריט אַ ריי ענלעכע קראָמען, אין וועלכע עס קומען פאָר אויספאַרקויפן. ווי נאָר עס ליידיקט זיך אויס עפּעס אַ קרעמל, וועט איר דאָרט

אויף מאָרגן געפינען גאַנצע בערג מיט העמדער, גאַטקעס, פּידזשאַ־מעס, קראַוואַטן און ענלעכס. דאָס אַלץ ווערט פאַרקויפט בחצי חינם. די מערסטע פון די דאָזיקע געשעפטן זענען צייטווייליקע אין האַלטן זיך, ביז וואַנען די קראָמען, אין וועלכע זיי געפינען זיך, ווערן פאַרדונגען. פאַראַן אָבער שטענדיקע און איינגעפונדעוועטע אויספאַרקויף־געשעפטן. איר דערקענט זיי אַלע, סיי די צייטווייליקע און סיי די שטענדיקע, לויט די שילדן, וואָס זיי הענגען אַרויס, — אין וועלכע מען פאַרקויפט אייך אַזעלכע ביליקע סחורות, ווי אַזאַ פאַרקויף וואָלט נאָך גאָר אויף דער וועלט נישט געווען. און טאָמער איז נאָך דאָס אַלץ נישט גענוג רעקלאַמע, וועט איר אין פראָנט פון יעדער קראָם פון דעם מין געפינען אַ „שרייער", וועלכער שטייט און רופט אויס אַ גאַנצן טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין: „קומטס!", „לויפטס!", „קויפטס!", „כאַפּטס!"

פונקט ווי אויף אַ קליינשטעטלדיקן מאַרק.

דילענסי־סטריט, אָדער ווי מען האָט איר משנה־שם געווען, „שיפּס פאַרקוועי", איז אַ ברייטע גאַס מיט אַ „פּאַרק" אינמיטן. פון ביידע זייטן פּאַרק זענען דאָ וועגן פאַרן טרעפיק, פאַר אויטאָס און וועגענער, וואָס לויפן צו דער וויליאַמסבורג־בריק. דער פּאַרק ציט זיך פון דער באָוערי ביז קלינטאָן־סטריט.

ווען איר ווייסט נישט פון פריער, אַז דאָס איז אַ פּאַרק, וואָלט איר דאָס אסור נישט געטראָפן. די עטלעכע אויסגעצערטע ביימלעך, וואָס שטאַרצן אַרויס פון די אייזערנע שטאַכעטן, האָבן שוין לאַנג־לאַנג אויפגעהערט צו בליען. טאָמער איז די ערד שוין גוט צו אַ צוויי־דריי פון זיי, און גיט זיי גענוג כּוח און זאַפט אויף אַרויסצוברענגען זומער־צייט אַביסל בלעטער, זענען די בלעטער נישט ווי אין דער גאַנצער וועלט: זיי זענען נישט קיין גרינע. עפּעס זענען זיי אַביסל געל, און אַביסל גראָ, און אַביסל פּאָפּיעלאַטע. מאָדנע בלעטער.

ווען נישט די בענק צום זיצן, וואָס שטייען אינעווייניק איי־נע אַנטקעגן דער אַנדערער, וואָלט איר געקענט מיינען, אַז דאָ איז עפּעס אַ „זווערינעץ" פון קעץ. אין ערגעץ וועט איר נישט זען

אַזויפֿל קעץ, און אַזעלכע מאָדנע קעץ, ווי דאָרטן, כאָטש וואָס זיי טוען דאָרט, איז אוממעגלעך צו פֿאַרשטיין. קיין שפּייז איז דאָרט נישטאָ, און קיין שאָלעכצן פֿון באַנאַנעס עסן זיי נישט. עס איז אָבער זייער מעגלעך, אַז זיי קומען אַהין נישט מער, ווי ראָמאַנ־סירן, אָט פּונקט ווי אַ סך פֿון זייערע צוויי־פֿיסיקע פֿריינט טוען דאָס.

איר דאַרפֿט וויסן, אַז די בענק, וואָס שטייען אין דעם דאָ־זיקן „פּאַרק", זענען פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר מער שידוכים און פֿאַר מער „געבראָכענע הערצער", ווי אַלע שדכנים פֿון דער וועלט. פֿאַר אַ געוויסן טייל פֿון דער איסט־סאַידער יונגוואַרג איז דער דאָזיקער פּאַרק דאָס זעלבע, וואָס דזשעקסאָן־פּאַרק איז געווען פֿאַר זייערע טאַטעס, און וואָס סטייווועזענט־סקווער, דער באַרימ־טער „קיצל־פּאַרק", איז פֿאַר די „סעריאָזנע באַרישניעס", וואָס גייען שפּאַצירן מיט ביכלעך אונטער די אָרעמס, און פֿאַר זייערע קאַוואַליערן, וואָס גייען אַרום מיט די שטעקעלעך אין די הענט און — אַ נייע מאָדע געוואָרן — אָן היט אויף די קעפּ. ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין וועט איר זומער־צייט, אין דעם „פּאַרק" אויף דילענסי־סטריט, געפֿינען זיצן פֿאַרליבטע פּאָרלעך. זיי זיצן און סודען זיך. מער ווי סודען זיך איז דאָרט, לײַדער, נישט מעגלעך. עס איז, פֿאַרשטייט איר מיך, צו־ליכטיק...

די מערסטע לײַט, וואָס פֿאַרברענגען דאָרט זייער צייט, סיי זומער און סיי ווינטער, — סיידן די פֿרעסט זענען זייער פֿלאַקער־דיקע, — זענען די מוטערס פֿון די אַרומיקע טענעמענטס, וועלכע ברענגען אַהין זייערע פּיצלעך אויף „פֿרישע" לופֿט. די מאַמע זיצט און לייענט אַ צייטונג, אָדער צירעוועט אַ זאָק, אָדער טרײַבט רכילות מיט אַן אַנדער יידענע, בעת איר עופֿהלע שלאָפֿט, אָדער פּלאַפּלט אָדער סמאָטשקעט אַ פֿינגערל, אין אַ וועגעלע, וואָס שטייט דערנעבן. און אויב די מאַמעס לאָזן איבער אַ שטיקל ליידיקן פּלאַץ אויף אַ באַנק, ווערט ער תּיכף צוגעכאַפּט פֿון עפּעס אַ מאַן אַ ליידיקגייער, אין די מערסטע פֿאַלן אַ „טרעמפּ" פֿון דער באַוע־רי. נישט זעלטן וועט איר דאָרט, אין מיטן העלן טאָג, זען אַזאַ סצענע:

אויף ביידע עקן פון א באנק זיצן יידישע מאמעס. זיי לעזן אָדער שטריקן, אָדער וויגן זייערע „בעיבים". אין דער מיטן, צווישן די מאמעס, זיצט און שלאָפט און שנאָרכט מיט דער נאָז א „געוועזענער מענטש פון דער באוערי"... און דאָס אלץ, פאר־געסט נישט, קומט פאָר אין סאמע רעכטן מיטן פון דער ברייטער גאס, וועלכע קאָכט און שטורעמט און ברויזט פון ביידע זייטן, מיט דעם גרעסטן און פארשידנפארביקסטן וואָגן־פארקער און מענטשן־געדראנג, וואָס די וועלט האָט ווען געזען.

אין די עטלעכע גאסן, וואָס ליגן צווישן דער באוערי און דער וויליאמסבורג־בריק, גייט דורך דער וויכטיקסטער און רוישיק־סטער טייל פון דילענסי סטריט. דאָס, וואָס גייט ווייטער פון ביי־דע זייטן בריק, און ביז צו א געוויסן פונקט אויך אונטער דער בריק, האָט מיט דער דאָזיקער דילענסי־סטריט גאָרנישט וואָס צו טון. דאָס איז דילענסי־סטריט בלויז לויטן נאָמען. דאָ איז א גאס פון צוויי רייען אלטע, שמוציקע טענעמענטס, צווישן וועלכע ס'הענגט א וואונדערלעכע בריק, איינע פון די וואונדערלעכסטע בריקן אין דער וועלט, אָבער א בריק, וואָס רויבט ביי זיי דאָס ליכט פון די טעג און פילט־אָן זייערע נעכט מיט א וויסטער קלאפעריי. אונטער דער בריק געפינט זיך דער פיש־מארק, אַן אויסטערלישע קאָפּיע פון אַן אלט־וועלטישן מארק, און א ריי גרויסע שפּייכ־לערס, וועלכע די שטאָט פארדינגט אלס מארקן פאר עופות־הענדלער.

צווישן דער באוערי און דער בריק געפינט זיך, ווי געזאָגט, אויף דילענסי־סטריט טייל פון דער איסט־סאידס גרעסטע און רייכסטע געשעפטן. זיי שטייען כמעט אלע אויף דער צפון־זייט פון דער גאס. די קעגנאיבערדיקע זייט איז פארנומען מיט אלערליי קליינע קרעמלעך און סטראגאנעס און מיט קלענערע רעסטאָראַ־נען. די איינציקע אויסנאמען זענען די צוויי גרעסטע איסט־סאידער בענק, וועלכע שטייען ביידע אויף דער זייט, און די גרויסע שול — די איינציקע שול אויף דילענסי־סטריט — וועלכע שטייט אויפן עק־גאס פון פאָרסייט־סטריט.

א חוץ די פריער־אויסגערעכנטע קראָמען, געפינען זיך אויף

דער מיוחסדיקער, ס'הייסט צפונדיקער זייט פון דילענסי־סטריט, עטלעכע גרויסע רעסטאָראַנען. צוויי פון זיי — די ערשטע „סעלף־סוירוויס"־פּרעסאַרניעס אויף דער יידישער איסט־סאַיד. זייער גרינדער איז איינער פון די טיכטיקסטע יידישע געשעפטסלייט.

אָט די דאָזיקע גאַס גיט אייך אַ באַגריף, ווי עס לעבן אונזערע יידן אין ניו־יאָרק. דאָ קומען זיך צונויף לאַנדסלייט... ווילט איר טרעפן לעמבערגער יידן? — איר טרעפט זיי אויף קלינטאָן־ און ריווינגטאָן־סטריט, נישט ווייט פון דילענסי־סטריט. ווילט איר וואַרשעווער לאַנדסלייט? — איר טרעפט זיי אויף עסעקס־סטריט, וואָס געפינט זיך צווישן דילענסי און ריווינגטאָן־סטריט.

יעדן ערב יום־טוב קענט איר אויף דילענסי־סטריט קויפן פאַרשידענע יידישע זאַכן: ערב סוכות וועט איר געפינען יידן, וואָס פאַרקויפן אייך אתרוגים און לולבים. ערב פורים קענט איר קריגן גראַגערס און האָמענטאַשן. ערב ראש־השנה קריגט איר ווינטש־קאַרטן און ווינטשעוואַניעס. די יידן פאַרקויפן אויך אויף דער גאַס טליתים און מחזורים. אַלץ קענט איר קריגן אויף דילענסי־סטריט. די אמתע כּלי־קודש־זאַכן קריגט מ'אָן נאַטירלעך אין ספּע־ציעלע געשעפטן אויף קאַנאַל־סטריט און אויף איסט־בראָדוויי, וווּ עס געפינען זיך אויך די יידישע רעדאַקציעס פון אונזערע טעגלעכע צייטונגען.

מ'יר וועלן אייך אָבער פירן איבער דער יידישער דילענסי־סטריט, וווּ עס שוויבלט און גריבלט מיט יידישן לעבן, וואָס ציט זיך אריבער אַזש ביז איבער דער וויליאַמסבורג־בריק. — אָט איז דער איסט־ריווער, דאָס דאָזיקע וואַסער, וואָס טיילט אָפּ ניו־יאָרק פון ברוקלין.

די דאָזיקע בריק הויבט זיך אָן גלייך ביי קלינטאָן־סטריט. צוויי שיינע, ברייטע טרעפּ פירן אַרויף פון דער גאַס איבער דער בריק, וואָס ברענגט אייך אַריין אין וויליאַמסבורג, אַ ריזיקע יידישע געגנט. די בריק, ווי אַלע אַנדערע בריקן, איז איינגעטיילט אין עטלעכע שטאָק; איין שטאָק פאַר פוסגייער, אַ צווייטער פאַר אויטאָמאָבילן, אויף דעם דריטן שטאָק לויפן די באַנען און טראַמ־ווייען. אונטער דער ריזיקער בריק קייקלט דער איסט־ריווער זיינע

ברודיקע כוואַליעס. עס לויפן פאַרביי הונדערטער פּראַכט־שיפלעך, וואָס פייפן און טרובען און העלפן אָנפילן די לופט מיט רויך און טומל.

טויזנטער מענטשן שפּאַצירן איבער דער בריק, קוקן פון ביי־דע זייטן טייך און פאַרגעסן אַפילו, אַז זיי געפינען זיך אין דער גרעסטער וואונדער־שטאָט, — ניו־יאָרק. אין וויליאַמסבורג זעט מען נישט אַזעלכע וואָלקן־קראַצערס, ווי אין ניו־יאָרק, אָבער מען זעט דאָרט אַ שטיק יידיש לעבן. עס וווינען דאָרט פאַרשידענע נאַציאָ־נאַליטעטן, אָבער גלייך ביים אַריינקומען אין „וויליאַמסבורג", דערזעט איר יידישע קראָמען, יידישע פאַבריקן, יידישע וווינונ־גען, — ווי אַ המשך פון דילענסי־סטריט.

די שילדן איבער די קראָמען אין וויליאַמסבורג זענען יידיש און ענגליש. די קינאָס האָבן יידישע רעקלאַמעס און אַפילו די פּאָליציי רעדט אויך יידיש. שולן און בתי־מדרשים זענען דאָרט פאַראַן אויף שריט און טריט. אָט לייענען מיר אַ גרויסן פּלאַקאַט פון דער יידישער דערציאונגס־געזעלשאַפט: „גיט אייערע קינדער אַ יידישע דערציאונג". עס זעט אויס, ווי דילענסי־סטריט האָט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דעם לעבן און ווירקן פון די יידן אין וויליאַמסבורג. דאָס איז אַ דאַנק דער ריזיקער בריק, וואָס פאַר־קניפּט ניו־יאָרק מיט ברוקלין.

XVIII

# יידן אַלס בויער פון ניו־יאָרק

בוי־ספּעקולאַנטן!

אין אַמעריקע הייסן די דאָזיקע בוי־ספּעקולאַנטן — „ריעל־עסטייטניקעס”. דאָס הייסט מענטשן, וואָס אונטערנעמען בוי־אַרבעט. קויפן און פאַרקויפן הייזער. זיי בויען ניו־יאָרק. זיי פירן אָן די בוי־ספּעקולאַציע אויף אַ ריזיקן מאַסשטאַב. יידן שפּילן אַ גרויסע ראָל אין דער דאָזיקער בוי־ספּעקולאַציע. עס איז דעריבער זייער אינטערעסאַנט צו באַטראַכטן, וואָס די יידן האָבן אויפגעטון פאַר דעם אויפבוי פון ניו־יאָרק, וואָס די יידישע איינוואַנדערער פון פּוילן, גאַליציע, רוסלאַנד, רומעניע און אַנדערע לענדער האָבן געטון, אַז ניו־יאָרק זאָל ווערן אַזאַ ריזיקע שטאָט, די רייכסטע וועלט־שטאָט. עס איז קיין צווייפל נישט, אַז יידן האָבן אויפגעטון פאַרן אויפבוי פון ניו־יאָרק נישט נאָר מער, ווי וועלכע עס איז אַנדערע אומה, וואָס האָט אַהער אַריינגעוואַנדערט, נאָר אויך פיל מער, ווי די עכטע, הונדערט־פּראָצענטיקע יענקיס, ווי די אַמעריקאַנער, וואָס זענען שוין דאָ פון דור־דורות איינגעפונדעוועט.

יידישע בוי־ספּעקולאַנטן!

מיט אומגעפער 30 יאָר צוריק האָט ניו־יאָרק נישט געהאַט מער ווי אַן ערך אַ דריטל פון דער באַפעלקערונג, וואָס זי האָט איצט. די מערסטע אייגנטימער פון הייזער און געביידעס אין ניו־יאָרק זענען דאַן געווען די יענקיס, וועמעס עלטער־עלטער־זיידעס

זענען אהער געקומען מיט דער „מעיפלאַוער", און אויך דייטשן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין אַ זייער גרויסער צאָל אין ניו־יאָרק און האָבן מיט זייער פּראַקטישן זין פֿאַר מסחר גלייך זיך אָנגע־הויבן אָפּגעבן מיט ריעל־עסטייט. די צאָל יידן, וואָס האָבן זיך צו יענער צייט אָפּגעגעבן מיט קויפן און פֿאַרקויפן, אָדער מיט בויען הייזער, איז געווען זייער קליין. די מערסטע הייזער צו יע־נער צייט זענען געווען פֿאַרנאַכלעסיקטע טענעמענטס. נאָר אין די פּאַלאַצן אויף פֿינפֿטער עוועניו האָט מען געוווּסט פֿון אַ באָד־צימער אָדער אַ קלאָזעט אין די דירות. די מערסטע הייזער האָבן אפילו קיין גאַז־באַלייכטונג נישט געהאַט. די יידישע באַפעלקערונג אויף דער איסט־סייד האָט געלעבט פּונקט אַזוי אָרעם און אפשר נאָך אָרעמער, ווי די אירישע, דייטשישע און אַנדערע באַפעלקע־רונג. אַביסעלע שפּעטער האָבן איינציקע יידן אָנגעהויבן זיך אָפּצו־געבן מיט ריעל־עסטייט. מען האָט שוין אָבער דאַן געקענט זען, אַז יידן וועלן מיט דער צייט אָנהויבן שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם ריעל־עסטייט־געשעפֿט. ווער עס האָט נאָר געהאַט אָפּגע־שפּאָרט אַביסל געלט, האָט זיך גענומען צו מסחר. שניידער, פּו־טערוואַרג־אַרבעטער, סטאָליאַרעס האָבן שווער און ביטער געאַר־בעט אין פֿינצטערע פֿאַבריקן, אָפּטמאָל צוזאַמען מיט זייערע ווייַ־בער און קינדער, געשפּאָרט סענט צו סענט, כּדי זיי זאָלן קאָנען זיך אַרויסראַטעווען פֿון שאַפּ און קויפֿן אַ הייזקע אָדער פֿאַרקויפֿן אַ הייזקע.

זיי זענען געוואָרן בוי־ספּעקולאַנטן — אָדער ווי מען רופֿט עס — „ריעל־עסטייט־לייט".

ניו־יאָרק האָט אָנגעהויבן צו וואַקסן אין דער לענג און אין דער הויך. יידן האָבן אָנגעהויבן אָפּקויפֿן לײדיקע פּלעצער, אַלטע הייזער און זיי איבערגעבויט אין מאָדערנע, נייע „אַפּאַרטמענטס" מיט אַלע מאָדערנע איינריכטונגען. אַזוי, למשל, האָבן יידישע בוי־אונטערנעמער אויסגעבויט אַ גאַנצע שטאָט, וואָס איז באַקאַנט איצט אַלס בראָנזוויל. און אויך ברוקלין.

די ריכטיקע יידישע ריעל־עסטייט־לייט, די, וואָס האָבן זיך געמאַכט אַ שם איבער דער גאַנצער וועלט, זענען אָבער געווען די

יעניקע, וואָס האָבן אָנגעהויבן אויפבויען די סאַמע צענטרס, די וויכטיקסטע געשעפטס־טיילן פון מאַנהעטען. מיט אַנדערע ווערטער: די, וואָס זענען אַריינגעדרונגען אין דער סאַמע נשמה פון גרויס־ניו־יאָרק. עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז כּדי אויפצוטון די זאַכן, וואָס זיי האָבן אויפגעטון אין מאַנהעטען, האָבן זיי געדאַרפט שפּילן מיט מיליאָנען דאָלאַרן. צייטונגען זענען אַלעמאָל פאַראינטערעסירט אין אַזעלכע אונטערנעמונגען. האָט מען טאַקע וועגן דעם געפּויקט אין דער פּרעסע, און טייל יידן, וועלכע זענען געווען אומבאַקאַנט דעם גרויסן יידישן עולם, זענען פּלוצלינג, איבער־נאַכט, געוואָרן באַרימט.

אָבער יידישע בויער האָבן נישט ליב צו באַגנוגענען זיך מיט דעם אַליין. עס זענען אויפגעקומען אַנדערע יידן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט אויפבויען די שענסטע פּאַלאַץ־געביידעס אויף פינפטער עוועניו און פּאַרק־עוועניו. עס וועט נישט זיין קיין גוזמא, ווען מיר וועלן מאַכן די באַהויפּטונג, אַז ווען מען גייט דורך פּאַרק־עוועניו, פינפטע עוועניו און מעדיסאָן־עוועניו און ווען מען זעט די פיל־מיליאָניקע געביידעס, אין וועלכע עס וווינען די גרעסטע אַמעריקאַנער אַריסטאָקראַטן, געוועזענע מיניסטאָרן, אַפילו די ראָקפעלערס און די וואַנדערבילטס, — זעט מען די פּרוכט פון יידישן אונטערנעמונגס־גייסט. אַזעלכע ווי סעמיועל הערצאָג, וויליאַם בייקער און בינג בינג האָבן געבויט מער פון די דאָזיקע ווונדערלעכע אַפּאַרטמענט־געביידעס, ווי וועלכע עס איז נישט־יידישע גרופּן, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט ריעל־עסטייט־געשעפט.

עס זענען אויך געווען יידן, וואָס האָבן אָנגעהויבן בויען די גרויסע האָטעל־אַפּאַרטמענטס, און זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די וועסט־עוועניו, ריסערסאַיד־דרייוו און בראָדוויי־געגנטן, ווי אויך די איצט נייע סענטראַל־פּאַרק־וועסט־געגנט איז כּמעט אינגאַנצן אויפ־עבויט געוואָרן דורך יידישע אונטערנעמער. פרעדעריק בראַון, וועלכער איז איינער פון די גרעסטע יידישע מנדבים און פילאַנטראָפּן, האָט זיך געמאַכט אַ וועלט־נאָמען נישט נאָר צוליב דער גרויסער צדקה, וואָס ער האָט געגעבן, נאָר אויך צוליב זיינע געוואַגטע בוי־אונטערנעמונגען, אָדער ריכטיקער געזאָגט, דורך

קויפן און פאַרקויפן געביידעס. דזשאָרדזש בייקער און בענדזשאַמין ווינטער, מאַקס ניטענזאָן, מייקל פרידמאַן און פרענקלין סיימאָן זענען געווען צווישן די, וואָס האָבן אויפגעבויט ריזיקע קראָמען און האָטעלן און ביוראָ־געביידעס אויף פינפטער עוועניו. זעלבסט־פאַרשטענדלעך, עס זענען אויך דאָ אַ סך קלענערע ריעל־עסטייט־לייט, וואָס האָבן אויפגעבויט טיילן פון דער אַריסטאָקראַטישער וועסט־סאַיד. קוקט מען אויף וועסט 72־טע סטריט אָדער וועסט 86־טע סטריט מיט די פּרעכטיקע, גלענצנדע האָטעל־ און אַפּאַרט־מענט־געביידעס, וואָס קאָנען זיך פאַרגלייכן מיט די שענסטע גע־ביידעס אין וועלכן עס איז טייל פון דער וועלט — איז דאָס די אַרבעט צום גרויסן טייל פון רוסיש־יידישע איינגעוואַנדערטע. אומגליקלעכערווייז זענען אָבער טייל פון זיי זייער שווער אַדורכגע־פאַלן ביי ריעל־עסטייט־ספּעקולאַציעס. זיי האָבן צופיל געוואַגט, צו גרויס זיך אַ הויב געטון, און זיי האָבן נישט געהאַט גענוג מי־ליאָנען, כּדי פאַרטצוזעצן זייער טעטיקייט. טייל זענען רואינירט געוואָרן, אָבער סוף־כּל־סוף איז דאָך דאָס זייערס אַ פּריוואַט־זאַך. די אויפבוי־אַרבעט זייערע איז געבליבן.

די טיימס־סקווער־געגנט, וואָס איז באַרימט איבער דער גאַנ־צער וועלט אַלס די „ווייסע ליכט״־געגנט פון ניו־יאָרק, האָט אויך צו פאַרדאַנקען יידישע אונטערנעמער פאַר דעם, וואָס זי איז איצט דער שפּיל־פּלאַץ און דער פאַרגעניגן־פּלאַץ פון דער וועלט. די ברי־דער טשיינין האָבן אויפגעבויט אייגענע מאָדערנע גרויסע טעאַ־טערס. די שוּבערטס האָבן געטון פאַר דער טיימס־סקווער־שכונה־שאַפט גרויסע זאַכן פיל פריער ווי די טשייגינס. וויליאַם פאַקס, מאַרקוס לאָו און ראָבערט סיימאָן, דער אייגנטימער פון קאַרנעדזשי־האָל, האָבן אויך אַ סך געהאָלפן ביים אויפבויען דעם דאָזיקן לוסטיקן טייל פון ניו־יאָרק.

עס זענען דאָ נאָך צוויי מענטשן — איינער פון זיי איז גע־ווען אַ ייד, כאָטש עס איז אַ סברא, אַז ער האָט נישט קיין חשק זיך מודה צו זיין דערין. זיין נאָמען איז וואָלטער סאַמען, און מען זאָגט, אַז געהייסן האָט ער וואָלטער סאַלאָמאָן. ער האָט אויסגע־בויט די סאַמאָן־געביידע אויף 42־טע סטריט און אַנדערע געביי־

דעס, וואָס האָבן אָפּגעקאָסט מיליאָנען דאָלאַרן. נאָך איינער איז אויגוסט העקשער, דער גרויסער פילאַנטראָפּ און רעפאָרמער, אויף וועלכן אַ סך זאָגן, אַז ער איז אַ ייד, אָבער ער גיט נאָר צו, אַז ער שטאַמט פון יידן.

די ברידער טשייניִן האָבן זיך נישט נאָר אָפּגעגעבן מיט בויען טעאַטערס, נאָר זיי האָבן אויסגעבויט איינע פון די שענ־סטע און קינסטלערישסטע געביידעס פון דער שטאָט, וועלכע איז 57 שטאָק הויך, און איצט האָבן זיי זיך פאַרנומען בויען אויף סענטראַל־פאַרק וועסט און 62־טע און 63־טע סטריטן אַ געביידע.

איצט, אין גאָר דער לעצטער צייט, האָבן יידן אויך אָנגעהויבן אויפבויען די יואָל־סטריט־געגנט, וואָס נעמט אויך אַריין די געגנט אַרום „סיטי־האָל" (שטאָט־געביידע). מען האָט געמיינט, אַז די דאָזיקע געגנט וועט שוין זיין אַן אָפּגעשטאָרבענע, אָבער יידישער אונטערנעמונגס־גייסט האָט זיך אויך דאָ באַוויזן, און לעפקאָרט, עלייעס קאָהען, אברהם איידעלסאָן, בענענסאָן און איזראַעל אונ־טערבערג האָבן אויפגעבויט געביידעס, וועלכע האָבן צוגעגעבן אַ נייעם אימפּעט דער געגנט, אין וועלכער עס האָבן זיך ביז נישט לאַנג צוריק געפונען געביידעס, וואָס האָבן האַלב געפּוסטעוועט.

מיר דאַכט זיך, אַז אָן דעם יידישן אונטערנעמונגס־גייסט וואָלט ניו־יאָרק געווען אַ שטאָט, אין וועלכער עס וואָלט גאָר נישט ווערט געווען צו לעבן. יעדנפאַלס וואָלט ניו־יאָרק געווען דאָרפיש אָנשטאָט וועלט־שטאָטיש. אין ניו־יאָרק קאָנען די שונאי־ישראל קיין שליטה נישט האָבן. אפילו מענטשן, וואָס זענען נישט קיין אוהבי־ישראל, מוזן צוגעבן, אַז די יידן האָבן געטאָן מער ווי עס פאַלט אויס אויף זייער חלק פאַר דער גרויסקייט און שיינקייט, וואָס הייסט — ניו־יאָרק.

יידישע איינוואַנדערער זענען אַריין אין ריעל־עסטייט־גע־שעפט אין ניו־יאָרק לאַנגזאַם. עס האָט געדויערט צענטליקע יאָרן ביז זיי האָבן פאַרנומען אַ וויכטיקע פּאָזיציע אין די אַמעריקאַנער בוי־אונטערנעמונגען.

אָנגעהויבן האָבן די יידישע אימיגראַנטן־מאַסן דאָ אין לאַנד אַלס נאָדל־אַרבעטער און פּעדלערס. עס האָט געדויערט יאָרן ביז

זיי האָבן אַנטוויקלט די אינדוסטרי פון פּאַרטיקע קליידער פאַר מע־נער און פרויען, און ביז זיי האָבן אָנגעהויבן פאַרנעמען דעם אויבן־אָן אַלס קרעמער אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע גרויסע שטעט פון לאַנד. אַלס פאַבריקאַנטן און געשעפטסלייט זענען די ייִדן די ערשטע צייט געווען שכנים און האָבן געצאָלט דירה־געלט אַמעריקאַנער הויז־באַזיצער. נאָר כּדי צו אַנטוויקלען זייערע אונ־טערנעמונגען ווי געהעריג האָבן זיי געמוזט ווערן אייגנטימער פון די הייזער אין וועלכע זיי האָבן געהאַט זייערע פאַבריקן, ביוראָען און קראָמען.

די ריעל־עסטייט־דירעקטאָריומס פון די אַכציקער יאָרן ווייזן, אַז די צאָל ייִדישע הויז־אייגנטימער אין דעם נידעריקן טייל פון מאַנהעטען איז געווען אַ באַדייטנדיקע. דער פינאַנץ־דיסטריקט איז געלעגן, און איז אין אַ גרויסער מאָס נאָך ביז איצט געבליבן, אין די הענט פון אַלטע גויעשע פאַמיליעס, אָבער אין צפון פון טשעמ־בער־סטריט, אַרויף ביז די פערציקער גאַסן, האָבן שוין צענטליקער טויזנטער הייזער געהערט צו ייִדן נאָך פאַר 1890.

עס איז נאַטירלעך, אַז מיט דעם וווּקס פון דער ייִדישער באַ־פעלקערונג דאָ, זאָלן זיך ייִדן אויך נעמען צום באָדן־ און הייזער־האַנדל. צוערשט איז די צאָל ייִדישע ריעל־עסטייט־לייט געווען אומבאַדייטנד. מיט אַ יאָר פערציק צוריק זענען אין ניו־יאָרק געווען נישט מער ווי אַ דריי־פיר בוי־פירמעס. אגב זענען די ערשטע ייִדישע בוי־אונטערנעמער ווייט נישט געווען אַזעלכע גרוי־סע אונטערנעמער ווי מיר האָבן איצט. דער ייִדישער אונטערנע־מער פון די ערשטע יאָרן פון דער מזרח־אייראָפּעישער איינוואַנ־דערונג איז אַליין געווען אַן אַרבעטער, וואָס האָט זיך באַשעפ־טיקט מער מיט רעמאָנטירן און איבערבויען אַלטע הייזער ווי מיט בויען נייע.

אין 1900 האָבן שוין הונדערטער ייִדישע בוי־אונטערנעמער געבויט טענעמענט־הייזער איבער גאַנץ ניו־יאָרק, דער עיקר, פאַר־שטייט זיך, אויף דער איסט־סאַיד. אין די נאָכקומענדיקע יאָרן האָבן זיי אויסגעשפּרייט זייער טעטיקייט אַלץ ווייטער און ווייטער. די נייע ייִדישע שטאָט בראָנזוויל האָט אָנגעהויבן וואַקסן ווי אויף

היוון. וויליאמסבורג איז געוואָרן אינגאַנצן פאַריידישט און דער יידישער עולם האָט אָנגעהויבן אַרויסשטופּן, פון איין זייט, די דייטשן פון בושוויק־געגנט, און פון דער אַנדער זייט די אַמעריקאַ־נער פון די גאַסן ביי בעדפאָרד עוועניו. אויפן אָרט פון די אַמאָלי־קע אַלטע קליינע הייזלעך זענען דאָרטן אויסגעוואַקסן גרויסע פיר און פינף־שטאָקיקע טענעמענט־הייזער, וואָס זענען באַזעצט גע־וואָרן פון יידן און איטאַליענער.

אין דער צייט פון רוזוועלטס געוויילט ווערן אַלס פּרעזידענט, אין 1904, האָבן שוין יידן זיך געהאַט גענומען פליסיק צו פאַר־בויען האַרלעם און גרויסע שטרעקעס אין דער בראָנקס, פון איין זייט, און זיי האָבן אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ שיינע יידישע קאָ־לאָניע אין דער געגנט פון ברוקלין, וואָס איז באַקאַנט אַלס בּראָ־פּאַרק.

בּראָנזוויל איז דאַן שוין געווען אַ מין שמאַלץ־גרוב פון דעם יידישן ריעל־עסטייט־מסחר. אויף דער דעמאָלט־בלאָטיקער פּיט־קין־עוועניו, צווישן ראָקאַוויי און סטאָון־עוועניוס, האָט זיך אַוועק־געשטעלט אַ שטענדיקער יאַריד. יידן האָבן געקויפט און פאַרקויפט פּלעצער און הייזער. אַ גרויסער טייל פון דעם מסחר איז געווען געראָטן אין די אַלטע אייראָפּעישע לופט־מסחרים. מען האָט מער געטומלט ווי געטון. מען האָט מער פאַרקויפט, ווי געקויפט, און נאָך ווייניקער האָט מען געבויט. דאָך זענען צענטליקע פאַרמס פון הונדערטער אַקער־לאַנד כמעט יעדע וואָך צעטיילט געוואָרן, און אויפן אָרט פון אַמאָליקע וויסטע בערגלעך און שטענדיקע בלאָטעס האָבן אָנגעהויבן אויסוואַקסן איבער נאַכט הייזער.

דער בראָנזווילער בוי־פיבער האָט זיך אויס עשפּרייט אויף אַנדערע געגנטן. יידן האָבן גענומען בויען אין פלעטבוש, אין בענסאָנהורסט, בעטה־ביטש און גרינפּאָינט, אין ברוקלין, און אין וועסט־פאַרמס־געגנט און אין מערב פון בראָנקס־פּאַרק. אַפילו אין וויליאַמס־ברידזש, פון איין זייט, און אויף וואַשינגטאָן־האַיטס אויף דער צווייטער זייט, זענען אויסגעוואַקסן טויזנטער הייזער, געבויט פון יידן, אינמיטן פון פּוסטע פעלדער.

דער וועלט־קריזיס אין 1908—1907 איז געווען אַ שווערער

קלאפּ פאַר דער יידישער ריעל־עסטייט־ספּעקולאַציע אין גאַנץ ניו־יאָרק, און דער עיקר אין בראָנזוויל. אין יענע אָנדערהאַלבן יאָר האָבן טויזנטער יידישע שניידער און פּעדלערס, וואָס האָבן אין דער בהלה־צייט געהאַט פאַרדינט גרויסע פאַרמעגנס, פאַרלוירן יעדן סענט פון זייערע צו־גיך דערוואָרבענע רייכטימער, אינאיינעם מיט זייערע שווער־פאַרהאָרעוועטע ערשטע דאָלאַרס, וואָס זיי האָבן אין געשעפט אריינגעלייגט. בלויז די גאָר־פּאָרזיכטיקע, און די אויך מערסטנס על־פּי־נס, זענען אַרויס פון קריזיס מיט אַ טייל פון זייערע פאַרמעגנס. די שווערע לעקציע פון 1907—1908 איז די יידישע ניי־געבאַקענע ריעל־עסטייט־לייט גוט צונויז געקומען.

ווען דער קריזיס איז פאַריבער, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע אויפלעבונג אין דער בוי־אינדוסטרי, זענען שוין די יידישע ספּעקולאַנטן און אונטערנעמער געווען פאָרזיכטיקער. מען האָט שוין נישט שפּעקולירט גלאַט אין דער וועלט אריין. מען האָט נישט געשטעקט געלט אין יעדער בלאָטע, נאָר מען האָט פאָרזיכטיק פאַרבויט געגנטן, ווו די באַפעלקערונג איז גיך געוואַקסן און די פאָדערונגען אויף נייע דירות איז געווען גרויס.

אַ גרויסע הילף פאַר די יידישע בוי־אונטערנעמער זענען געווען די צענטליקער־טויזנטער יידישע בילדינג־טריידס („בוי־אינדוסטרי")־אַרבעטער, וואָס האָבן איינגעוואַנדערט פון רוסלאַנד נאָך דער פּאָגראָמס־כוואַליע פון 1905—1906. כּל־זמן די יידישע אונטערנעמער איז אויסגעקומען צו אַרבעטן אויסשליסלעך מיט איירישע און דייטשע אַרבעטער, מערסטנס אַנטיסעמיטיש־געשטימטע, האָבן זיי געהאַט אויסצושטיין אַ כּך צרות. יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק האָט מען געהאַט סטרייקן.

איצט ליגט דאָס הייזער־בוי און האַנדלס־געשעפט פון גרויס־ניו־יאָרק הויפּטזעכלעך אין יידישע הענט. אין דער גרויסער אויפלעבונג פון דער בוי־אינדוסטרי, נאָך דער מלחמה, פאַרנעמט ניו־יאָרק דעם ערשטן אָרט. פאַר די לעצטע פינף יאָר האָט ניו־יאָרק אַליין אויסגעגעבן אַ העלפט פון די ביליאָנען דאָלאַרס, וואָס זענען אַריינגעלייגט געוואָרן אין הייזער־בוי איבערן גאַנצן לאַנד. אַרום זעכציק פּראָצענט פון אָט די ריזיקע סומעס זענען דורכגעגאַנגען

דורך יידישע הענט. יידן האָבן געקויפט און פאַרקויפט דעם באָדן יידישע בויער און אונטערנעמער האָבן אָנגענומען און דורכגע־ פירט די בוי־קאָנטראַקטן.

יידישע בוי־אונטערנעמער האָבן אויסגעבויט גאַנצע געגנטן וואָס וואָלטן אין אייראָפּע באַטראַכט געוואָרן פאַר גרויסע שטעט נעמט, למשל, יוניווערסיטי־האַיטס, דאָס איז אַ געגנט אין וועסט־ בראָנקס, דאָס איז אַ באַרגיקע געגנט, דער סאַמע העכסטער פּונקט, וווּ עס געפינט זיך די ניו־יאָרקער אוניווערזיטעט. די גאַנצע געגנט וווּ מען וווינט, מאַכט דעם איינדרוק, ווי אַ שיין דאָרף. דאָרט שווינבלט און גריבלט מיט ביזנעס און די הויפּט־גאַס איז „יוני־ ווערזיטי־עוועניו". די איבעריקע גאַסן ציען זיך באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ.

דאָס זענען אַלץ יידישע דערגרייכונגען אויף דעם געביט פון בוי, האַנדל און אינדוסטריע אין ניו־יאָרק.

XIX

# אַמעריקאַנער בריקן

אמעריקע איז דאָס לאַנד פון די גרעסטע בריקן און האָט מער בריקן ווי וועלכעס עס איז אַנדער לאַנד אין דער וועלט. אין אַמעריקע זענען דאָ אַרום פינף טויזנט גרויסע בריקן און זייער צאָל האַלט אין איין וואַקסן. ווען מען זאָל נעמען אַלע בריקן אין אַמעריקע, אויסשטעלן זיי איינע נאָך דער אַנדערער, וואָלטן זיי בוכשטעבלעך זיך געצויגן פון איין עק פון דעם אמעריקאַנער קאָנ־טינענט ביז דעם צווייטן.

די בריקן זענען איינע פון די וויכטיקסטע מיטלען אין טעג־לעכן פאַרקער איבער אַמעריקע, און צענטליקער מיליאָנען מענטשן באַנוצן די בריקן יעדן טאָג. ווי גרויס עס איז די צאָל מענטשן, וועלכע באַנוצן זיך מיט די בריקן אין אַמעריקע, קענט איר אַליין פאָרשטעלן זיך, ווען מיר וועלן אייך דערציילן, אַז בלויז אין ניו־יאָרק אַליין פאָרן יעדן טאָג אַרום דריי מיליאָן מענטשן איבער די זעקס בריקן, וועלכע פאַרייניקן ניו־יאָרק מיט ברוקלין, לאָנג־איילענד, בראָנקס און ניו־דזשוירזי.

די אמעריקאַנער זענען די בעסטע בריקן־בויער אין דער וועלט און קיינער קאָן זיך נישט פאַרגלייכן מיט זייער וואונדערלע־כער טעכניק און שנעלקייט ביים בויען אַ מאָדערנע בריק. אמע־ריקע פאַרמאָגט אויך די לענגסטע און העכסטע בריקן אין דער וועלט. די נייע בריק אין סאַן־פראַנציסקאָ, וועלכע מען האָט איצט

אויסגעבויט איבער דעם גאָלדענעם געיט, און פּאַרייניקט סאַן־פראַנציסקאָ מיט אָוקלאַנד, איז אַכט מייל די לענג.

אין ניו־יאָרק אַליין, אויף אַ שטרעקע פון צען מייל איינער פון דער צווייטער, געפינען זיך 6 בריקן. דאָס זענען: די טרייבאָראָ־בריק, די קווינסבאָראָ־בריק, די וויליאַמס־בריק, די מאַנהעטען־בריק, די ברוקלין־בריק און די דזשאָרדזש־וואַשינגטאָן־בריק. און דער פאַרקער אין ניו־יאָרק האַלט אַזוי אין איין וואַקסן, אַז אַפילו די זעקס גרויסע בריקן קאָנען נישט לייזן די אָנגעווייטיקטע טרע־פיק־פראַגע, און מען טראַכט שוין פון בויען נאָך אַ פּאָר בריקן איבער די טייכן, וועלכע רינגלען אַרום דעם מאַנהעטען־אינזל. מען דערוואַרט, אַז דער פאַרקער אין ניו־יאָרק וועט פאַרדאָפּלט ווערן אין פאַרלויף פון צען יאָר, און די אינזשיניערן טראַכטן שוין איצט ווי אַזוי צו פאַרגרעסערן די בריקן אָדער בויען נייע און גרעסערע בריקן אָנשטאָט די איצטיקע, כּדי צו קאָנען נאָכקומען דעם דער־וואַרטעטן פאַרגרעסערטן פאַרקער.

אַ מאָדערנע בריק איז אַ טייערער ביסן. די ברוקלין־בריק, וואָס איז געווען דאָס וווּנדער פון נייַנצנטן יאָרהונדערט, האָט געקאָסט 25 מיליאָן דאָלאַר. דאָס איז באַטראַכט געוואָרן אַלס אַן אומגע־הערטע סומע געלט פאַר אַ בריק. איצט קאָסטן אָפּ די נייע בריקן צוויי און דריי מאָל אַזוי פיל. די ניו־יאָרקער דזשאָרדזש־וואַשינג־טאָן־בריק, וועלכע איז פאַרטיק געוואָרן אין 1931, האָט געקאָסט 60 מיליאָן דאָלאַר. די נייע בריק אין סאַן־פראַנציסקאָ האָט גע־קאָסט איבער 115 מיליאָן דאָלאַר.

די נייע בריק איז די לענגסטע אויף דער וועלט. די בריק ציט זיך אויף אַ שטח פון אַכט מיט אַ פערטל מייל איבער דעם ים־אויסגוס צווישן סאַן־פראַנציסקאָ און אָוקלאַנד.

די טרייבאָראָ־בריק, וואָס האָט געקאָסט 60 מיליאָן דאָלאַר, איז איינע פון די גרעסטע אינזשיניערישע וווּנדער אויף דער וועלט. צווישן די פילע בריקן, וועלכע געפינען זיך אין ניו־יאָרק, איז די „טרייבאָראָ־בריק" דער גרעסטער וואונדער פון אונזער צייט. עס איז די גרעסטע דערגרייכונג אויפן געביט פון בריקן־בוי.

די בריק הייסט ,,טרייבאָראָ'', ווייל זי פאַרבינדט דריי ,,באָ־ראָס'' (דריי געגנטן), מאַנהעטען, קווינס און בראָנקס.

די נייע ריזיקע בריק איז שוין אין אמתן נישט איין בריק, נאָר אַ גאַנצע נעץ וועגן, וועלכע ציען זיך איבער טאָלן און טייכן. איבער אָט דער קאָמפּליצירטער נעץ, ציט זיך דער גרעסטער טייל פון פאַרקער צווישן די דריי ,,באָראָס'' (געגנטן).

בויען די בריק האָט געדויערט גאַנצע זיבן יאָר, און עס זענען באַשעפטיקט געווען דערביי די סאַמע פעיקסטע אינזשיניערן פון אונזער צייט. געקאָסט האָט עס אַ סומע פון 63 מיליאָן דאָלאַר. די בריקן אַליין זענען איבער דריי מיט אַ האַלב מייל לאַנג. די טריי־באָראָ־בריק ציט זיך פון פּלאַשינג־בעי אין קווינס, 92־טע גאַס אין מאַנהעטען און פעלהעם־בעי־פּאַרק אין די בראָנקס איבער טאָלן, טייכן און אינזלען. עס איז נישט אָנגעקומען גרינג, און די אינ־זשיניערן האָבן געהאַט געגנוג שוועריקייטן, טעכנישע שוועריקייטן. די ערשטע שוועריקייט איז געווען די:

אַלע בריקן, ,,וויאַדוקטס'' און עלעווייטאָרס פון טרייבאָראָ־בריק קומען זיך צונויף ביי איין צענטראַלן פּונקט, ,,רענדעלס־איילענד''. פון דאָרטן קאָנען זיך די אויטאָמאָבילן אַוועקלאָזן אין באַזונדערע ריכטונגען אָדער זיך אָפּשטעלן אויפן אינזל. האָט מען מורא געהאַט, אַז עס זאָל דאָרט נישט זיין קיין זייער גרויסער גע־דראַנג, אויטאָמאָבילן וועלן פאַרכאַפּט ווערן אין אַ פאַרגליווערטן טרעפיק־שטראָם און זיי וועלן זיך נישט קאָנען רירן שעהן־לאַנג. אויב אַזוי, וועט פון דער טובה, וואָס דאַרף זיין די ,,טרייבאָראָ־בריק'', אַרויסקומען אַ רעה. האָבן די אינזשיניערן איינגעטיילט די ,,טרייבאָראָ''־בריק אין דריי הויכע שטאָקן. דער העכסטער שטאָק האָט פּלאַץ פאַר אַכט אויטאָמאָבילן אין דער ברייט, אין דער זעלבער ריכטונג. דער נידעריקסטער שטאָק האָט פּלאַץ פאַר פיר אויטאָמאָבילן אין דער ברייט.

אַזוי־אַרום וועלן די אויטאָמאָבילן קאָנען זיך פריי דורכ־טראָגן און זיך נישט פאַרהאַלטן, און ווי נאָר זיי וועלן אַרויס פון צענטראַל־פּונקט, וועלן דאָך זיכער נישט זיין קיינע שוועריקייטן. פון קיין שום פּונקט וועט מען דעם גאַנצן בריק נישט קאָנען זען. די

טרייבאָראָ־בריק, אויב איר ווילט. איז אייגנטלעך אַ מין נערוו־צענטער פון ניו־יאָרקער פאַרקער. ווער קאָן באַנעמען אַזאַ ריזיקן שטח אין אַלע ריכטונגען פון ניו־יאָרק!

די בריק איבערן האַרלעם־טייך עפנט זיך אָדער שפּאַלט זיך, ווען שיפן גייען פאַרביי. די בריק הויבט זיך גאַנצע 135 פוס הויך. יענער טייל בריק, וואָס הויבט זיך, וועגט פיר מיליאָן פונט. דאָס איז אַ נישקשהדיקע וואָג, און שטעלט זיך פאָר וויפיל מי, וויפל מאַרך און וויפל מענטשלעכע לעבנס עס זענען אויסגענוצט געוואָרן צו בויען בלויז אָט די טייל פון דער בריק! אָבער ווען אויטאָמאָביל־פאָרער וועלן דורכפאָרן, ווען מענטשן וועלן דורכגיין איבער דער בריק, וועלן זיי זיך פאָרשטעלן, אַז דאָס איז אַ טאָג־טעגלעכע זאַך. מען וועט אַרויסרעדן: טרייבאָראָ־בריק, גלייך ווי גאָרנישט.

די בריק, חוץ וואָס זי איז פּראַקטיש און טעכניש וווּנדערלעך, איז אויך זייער אַ שיינע. אַן עסטעטישע דערגרייכונג איז, למשל, דער טורעם אין אַסטאָריאַ־צווייג פון בריק. דער טורעם איז 275 פוס הויך.

עס איז אַ פּראַכט אָנצוקוקן, ווי דער טורעם רייסט זיך אין די הויכקייטן. דער טורעם וועט, מער ווי די וואָלקן־קראַצער, זיין דער סימבאָל פון ניו־יאָרקער מאַיעסטעטישקייט.

יעדער קאַנאַט, וואָס האַלט אויף די בריק, איז צונויפגעפלאָכטן פון 9,176 דראָטן. יעדער דראָט איז אַ זעכצנטל פון אַ צאָל די ברייט, אָבער קאָן אויפהאַלטן 7 טאָן. די בריק ציט זיך צו וואָרדס־איילאַנד, איבער וואָרדס־איילאַנד הויבט זיך אַ וויאַדוקט, גאַנצע 60 פוס איבערן אינזל, און די בריק ציט זיך דערנאָך ווייטער איבער רענדעלס־איילאַנד.

אגב, צוליב דער טרייבאָראָ־בריק איז אויך געבויט געוואָרן אַ סטאַדיאָן אויף רענדעלס־איילאַנד. דער דאָזיקער סטאַדיאָן" איז דער שענסטער, דער גרעסטער און מאָדערנסטער, וואָס די שטאָט ניו־יאָרק פאַרמאָגט. דאָרט קומען פאָר ספּאָרט־קאַרנעוואַלן, פאָר־שטעלונגען פון גרויסן פאַרנעם, און איבער 20,000 מענטשן קאָנען זיצן אונטערן פרייען הימל.

מאַסן מענטשן קומען באַוווּנדערן די נייע „הענגל־בריק", וואָס פאַרטונקלט די איבעריקע בריקן, וועלכע פאַרבינדן ניו־יאָרק מיט ברוקלין. ניו־יאָרק בייט בכלל איר פּנים. מען בויט בייטאָג און ביינאַכט, און יעדן טאָג דערזעט מען נייע וווּנדער אויף אַלע געביטן פון אַרכיטעקטור און בוי־קונסט.

נישט קיין קלענערער וווּנדער איז די הענגל־בריק איבערן האָדסאָן־טײַך, וואָס ציט זיך פון ניו־יאָרק ביז ניו־דזשוירזי. דער אָנפאַנג פון דער בריק, אויף דער ניו־יאָרקער זייט, געפינט זיך בײַ דער 179־טער גאַס. אויסצובויען די בריק האָט געדויערט איבער פיר יאָר, בעת די טרייבאָראָ־בריק האָט געדויערט 7 יאָר. די בריק איבערן „האָדסאָן" הייסט: „וואַשינגטאָן־בריק". עס מוז דאָ פאַרצייכנט ווערן, אַז די „וואַשינגטאָן־בריק" איז געבויט געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פון דעם יידישן אינזשיניער לעאָן פּאָזיטיעף, וועלכער איז אויך געווען איינער פון די בויער פון דער „מאַנהעטען־בריק", וואָס האָט דעם הויפּט־צוגאַנג בײַ דער בויערי־ און קאַנעל־גאַס.

מיר ווילן נישט שילדערן די שוועריקייטן פון בויען הענגל־בריקן, אָבער עס קאָן מיט באַשטימטקייט געזאָגט ווערן, אַז די שטאָט ניו־יאָרק פאַרמאָגט די ריזיקסטע און קאָלאָסאַלסטע בריקן אין דער וועלט. נישט אומזיסט קומט מען פון דער גאַנצער וועלט באַוווּנדערן די בריקן, וועלכע פאַרבינדן ברוקלין מיט ניו־יאָרק, און ניו־יאָרק מיט דזשוירזי־שטאַט.

עס זענען פאַראַן אין גרויס־ניו־יאָרק איבער 50 בריקן, אָבער מיר פאַרצייכנען בלויז די וויכטיקסטע און גרעסטע פון זיי.

יעדער איינער, ווער עס האָט געזען די אויבנדערמאָנטע בריקן, אָדער ווער עס האָט געזען זייערע בילדער, האָט זיכער באַמערקט, ווי איבער דער גאַנצער לענג זייערער ציען זיך פיר זייער דיקע שטריק, וועלכע זעען אויס ווי רערן. זיי קריכן אַרויס ערגעץ פון דער ערד אָדער פון פעסטן צעמענט־פונדאַמענט, הויבן זיך אויף ביז דעם ערשטן טורעם, דערנאָך לאָזן זיי זיך ווידער אַראָפּ און פאַרשווינדן ענדלעך אין אַ צווייטן פונדאַמענט. אָט די שטריק,

וועלכע הויבן זיך אויף און לאָזן זיך אראָפּ, זעען אויס ווי רערן, און אַ סך מענטשן גלויבן אַפילו, אַז דאָס זענען טאַקע רערן, דורך וועלכע מען טרייבט וואַסער אָדער גאַז פון איין טייל שטאָט אין צווייטן. אין דער ווירקלעכקייט אָבער זענען דאָס נישט קיין רערן, נאָר קאַנאַטן אויף וועלכע עס האַלטן זיך אייגנטלעך יע־דע פון די הענגענדיקע בריקן.

XX

# ברוקלין אַ ריזיקע פּאָרט-שטאָט

ברוקלין איז אַ ריזיקע פּאָרט-שטאָט. אין אייראָפּע וואָלט אַזאַ שטאָט געווען אומאָפּהענגיק. זי וואָלט געווען אַ שטאָט פאַר זיך און וואָלט קאָנקורירט מיט אַנדערע שטעט. אין אַמעריקע ווערט אָבער אפילו אַזאַ ריזיקע שטאָט, ווי ברוקלין, באַטראַכט פאַר אַ טייל פון ניו-יאָרק, עס הייסט, ברוקלין—ניו-יאָרק.

ברוקלין האָט אַן אייגענעם געשעפטס-קוואַרטאַל, וואָס וואָלט געקאָנט פאַרטונקלען די גרעסטע געשעפטס-צענטרען פון אַ בער-לין, פּאַריז אָדער וואַרשע. ברוקלין האָט גרויסע, ריזיקע וואָלקן-קראַצער, רעסטאָראַנען, קאַפע-הייזער און שיינע, פּרעכטיקע טעאַ-טערס פּונקט ווי ניו-יאָרק, דאָך איז ברוקלין בלויז אַ פאָרשטאָט, אַ סאָרט קאָרידאָר צו דער ריזיקער וווּנדער-שטאָט ניו-יאָרק.

ברוקלין האָט אייגענע געריכטס-הייזער, אייגענע אינסטי-טוציעס, אַן אייגענע פּאָליציי-מאַכט, זי האָט גרויסע האַפנס און שיינע שפּאַציר-גערטנער. דער „פּראָספּעקט-פּאַרק" אין ברוקלין איז פּונקט אַזוי שיין, פּונקט אַזוי גרויס, אויב נישט גרעסער, ווי דער ניו-יאָרקער „סענטראַל-פּאַרק", און דאָך איז ברוקלין בלויז אַ טייל פון ניו-יאָרק.

די יידישע קוואַרטאַלן אין ברוקלין זענען אין מאַנכע געגנטן רייכער און גרעסער, ווי אין ניו-יאָרק. די איינוווינער פון ברוק-לין פילן אָבער פאָרט, אַז זיי זענען ניו-יאָרקער, אַז זיי געהערן

צום ניו־יאָרקער שטאָט. ברוקלין האָט ריזיקע יידישע אַנשטאַלטן, שולן און שפּיטעלער, וואָס וואָלטן באַטראַכט געוואָרן אַלס צירונג פאַר די גרעסטע שטעט אין דער וועלט.

פון די פינף „באָראָס" (טיילן), וועלכע האָבן אין יאָר 1898 זיך אָנגעשלאָסן אָן דער פאַרייניקונג פון ניו־יאָרק, איז, מיט דער אויסנאַם פון מאַנהעטען, ברוקלין געווען די איינציקע, וואָס איז געקומען צו דער פאַרייניקונג אַלס אַן איינהייטלעכע און זעלבשטענדיקע שטאָט. בראָנקס, וועלכע איז געוואָרן אַ טייל פון ניו־יאָרק פריער ווי די איבעריקע דריי באָראָס (טיילן), איז אַנעקסירט געוואָרן חלקימווייז און איז אין פלוג באַשטאַנען פון מער ווי הונדערט ישובים. קווינס איז סוף לעצטן יאָר־הונדערט באַשטאַנען פון אַרום אַ האַלבער טוץ שטעט און צוויי מאָל אַזוי פיל דערפער און איר האַנדלס־קאַמער באַקלאָגט זיך עד־היום, אַז דעם קווינסער איינוווינער פעלט דאָס געפיל פון איינהייטלעכקייט. וואָס שייך סטעטען־איילענד — געפינט זי זיך נאָך עד־היום אין אַ פּרימיטיוון צושטאַנד, ערטערווייז מער דאָרף ווי שטאָט. בלויז ברוקלין האָט געבראַכט צו דעם שותּפות אַ פול־קאָם אָרגאַניזירטע שטאָט, מען קען זאָגן אַ גרויסע שטאָט.

דעם ראַנג פון שטאָט האָט ברוקלין דערגרייכט אין די דריי־סיקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט, און האָט גלייך אָנגעהויבן צו באַנעמען זיך ווי אַ קאָנקורענטין פון איר גרויסער שכנטע אויפן צווייטן זייט איסט־ריווער. צווישן די צוויי, דער אַלטער ניו־יאָרק און דער יונגער ברוקלין, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטילע „רעים" (וועט־געיעג); ברוקלין האָט זיך פאַרמאָסטן מיט ניו־יאָרק. ניו־יאָרק האָט אַנעקסירט האַרלעם, האָט ברוקלין אַנעקסירט וויליאַמסבורג. ניו־יאָרק האָט זיך אויסגעשפּרייט קיין בראָנקס, האָט ברוקלין זיך אויסגעשפּרייט קיין קאַנאַרסי. און ווען ניו־יאָרק האָט, אין די פופציקער יאָרן, געגרינדעט דעם סענטראַל־פּאַרק, האָט ברוקלין געענטפערט מיט דער גרינדונג פון פּראָספּעקט־פּאַרק. עס איז נישט קיין בלויזער צופאַל, וואָס די צוויי פּאַרקן זענען אַזוי ענלעך איינער צום צווייטן. אין אַ געוויסן זין איז פּראָספּעקט־פּאַרק אַ קאָפּירונג פון סענטראַל־פּאַרק. נישט מער, אַזוי ווי אין

די גרענעצן פון פּראָספּעקט־פּאַרק זענען אויסגעפּאַכטן געוואָרן עטלעכע שלאַכטן פון דער שלאַכט פון לאָנג־איילאַנד, האָבן די ברוקלינער געפונען פאַר אים אַן אַנטשולדיקונג פאַר אויפשטעלן אין אים דענקמעלער. קיין אַנדער ניו־יאָרקער פּאַרק איז נישט אַזוי רייך אין סקולפּטור־אַרבעט ווי ער.

אין די זיבעציקער יאָרן האָט ניו־יאָרק אָנגעהויבן זיך אָפּ־געבן מיט גייסטיקע זאַכן. ביז דאַן האָט די שטאָט נישט פאַר־מאָגט קיין איין מוזעאום, און פּלוצלונג זענען געבוירן געוואָרן צוויי מיט אַמאָל: „מעטראָפּאָליטאַן־מוזעאום אָוו אַרט" פאַר קונסט, און „אַמעריקאַן־מוזעאום אָוו נעטשוראַל־היסטאָרי" פאַר וויסנשאַפט. ברוקלין האָט געענטפערט מיט אַ דאָפּלטן מוזעאום; דער אַזוי־גערופענער „ברוקלין־אינסטיטוט פאַר אַרטס ענד סייענ־סעס" (ברוקלינער אינסטיטוט פאַר קונסט און וויסנשאַפט), דער היינטיקער ברוקלין־מוזעאום.

אַט אויף די צוויי אינסטיטוציעס: פּראָספּעקט־פּאַרק און ברוקלין־אינסטיטוט, האָט זיך קאָנצענטרירט דער גאַנצער לאָקאַ־לער פּאַטריאָטיזם פון דער ברוקלינער באַפעלקערונג. שטאָט־רע־גירונג און פּריוואַטע בירגער האָבן קאָנקורירט אין זייער איבער־געבנקייט צו זיי. ביידע זענען געווען די צעבאַלעוועטע קינדער פון דער ברוקלינער מוניציפּאַליטעט. מ'קען אָבער נישט פאַרגלייכן די גרינדונג פון אַ פּאַרק צו דער גרינדונג פון אַ מוזעאום. אין פאַל פון אַ פּאַרק איז די הויפּט־אַרבעט דאָס אָנהויבן, בעת אין פאַל פון אַ מוזעאום איז די הויפּט־אַרבעט דאָס אויסהאַלטן. אַ פּאַרק, נאָך דעם, ווי ער איז שוין געגרינדעט, דער באָדן אויסגעלייגט, די ביימער און די לאָנקעס פאַרפלאַנצט, די שטעזשקעס אויסגע־ברוקירט, די געביידעס און דענקמעלער אויפגעשטעלט, איז שוין כמעט אַ פאַרטיקע זאַך; בעת אַן אָקאָרשט געגרינדעטער מוזעאום איז בלויז אַ צוזאָג, דען די ערשטע געביידע און די ערשטע זאַמלונג פון אַ מוזעאום זענען בלויז אָנהויבן, פאַרזייטע זוימען, וועלכע מוזן אויסוואַקסן. אַ מוזעאום איז קיינמאָל נישט פולקאָם. ער מוז האַלטן אין איין פאַרגרעסערן זיינע זאַמלונגען, זיינע גע־ביידעס, זיין טעטיקייט; ער מוז האַלטן אין איין פּראָגרעסירן.

כּדי צו עקזיסטירן מוז אַ מוזעאום האָבּן הינטער זיך גרויסע פאָנדן; אַז נישט ווערט ער פּאַרגליווערט און פאַרלירט זיין ווערט.

בּרוקלין, וואָס האָט די שענסטע גערטנער, די פיינסטע מאָ־דערנסטע הייזער, און איז אַרומגערינגלט מיט 200 אינזלען, פון וועלכע איבּער 90 זענען פאַרבּויט און בּאַוואוינט פון מענטשן, לעבּט אונטער דער הערשאַפט פון ניו־יאָרק. פינף הענגל־בּריקן פאַרבּינדן בּרוקלין מיט ניו־יאָרק. דאָס פריילעכע אינזל קאָני־איילאַנד איז אַ טייל פון בּרוקלין.

בּרוקלין פאַרמאָגט די גרעסטע האַפנס אין דער וועלט, עס זענען פאַראַן 160 שיפס־געזעלשאַפטן, וואָס בּרענגען אַריין סחורות און פאַסאַזשירן אין די ניו־יאָרקער האַפנס. בּיז נישט לאַנג צוריק האָבּן טאַקע 60 פּראָצענט פון די שיפס־געזעלשאַפטן געהאַט זייערע האַפנס אין בּרוקלין. די בּאַפעלקערונג פון בּרוקלין וואַקסט פון יאָר צו יאָר און אין בּרוקלין אליין ווערט פאַבּריצירט סחורה יעדעס יאָר פאַר קאַרגע צוויי בּיליאָן דאָלאַר.

בּרוקלין איז דער צענטער פון דער „ניטינג־אינדוסטרי" (שטריקעריי) פון גאַנצן לאַנד. לויט די לעצטע אינפאָרמאַציעס (1936), פאַרמאָגט בּרוקלין איבּער 500 שטריקעריי־פאַבּריקן, און 25 פּראָצענט פון פרויען־קליידער־אינדוסטרי, אויך דער פעלץ־האַנדל געפינט זיך אין בּרוקלין.

דורך די בּרוקלינער האַפנס קומט אַריין אַ גרויסער פּראָצענט פון אונזער קאַווע און אַנדערע שפּייז־פּראָדוקטן. דאָ געפינט זיך איינע פון די גרעסטע צוקער־פאַבּריקן. דאָ האָבּן מיר די רוקח־פאַבּריק, וואָס פּראָדוצירט כּשרע פּראָדוקטן פאַר אַלע יידן איבּערן לאַנד.

אין בּרוקלין האָבּן מיר אַ גרויסע צאָל שיך־פאַבּריקן, וועלכע גיבּן אַרויס אַרום 120 טויזנט שיך טאָג־טעגלעך. דאָ געפינען זיך גרויסע בּעקערייען, וואָס גיבּן אַרויס אַרום צוויי מיליאָן בּרויטן און אַנדערע געבּעקסן. בּרוקלין האָט אויך אייניקע ריזיקע, גרויסע מענער־קליידער־פאַבּריקן, וועלכע פּראָדוצירן טויזנטער מענער־אַנצוגן און מאַנטלען טאָג־טעגלעך.

דאָס, דוכט זיך, באַווייזט, אַז ברוקלין איז אַ גרויסער אינ־דוסטריעלער צענטער, וואָס וואָלט געקאָנט ווערן די פערטע, אָדער די פינפטע אינדוסטריעלע שטאָט אין לאַנד, דאָך איז זי נישט מער ווי אַ „בּאָרא״, אַ טייל פון ריזיקן ניו־יאָרק.

ברוקלין האָט שיינע פּאַרקן, זי האָט פיינע געגנטן, וועלכע זע־נען ענלעך צו די פּאַריזער בולווארן, אָדער צום ווינער רינג־פּלאַץ, אָבער אַלץ ווערט איינגעשלונגען פון ניו־יאָרק. די ברוקלינער טע־אַטערס, דער ברוקלינער מוזיי, ברוקלינער ביבליאָטעקן ווערן אַלץ באַטראַכט פאַר פּראָווינציעלע אינסטיטוציעס, מען האַלט זיי ווי אויף קעסט, כאָטש אין דער אמתן זיינען זיי נישט אויף אַ האָר קלענער, אָדער ערגער, ווי די ניו־יאָרקער אינסטיטוציעס.

ברוקלין וואָלט מיט רעכט געקענט פאַרכאַפּן די בכורה און ווערן די גרעסטע און אפשר די רייכסטע שטאָט פון לאַנד, אָבער אַזוי ווי זי איז בלויז אַ „באָראו״ פון ניו־יאָרק, קומט דער קרע־דיט דער „ניו־יאָרק־סיטי״.

די שטאָט ווענעדיק, אין איטאַליען, איז באַרימט צוליב אירע אינזלען, אָבער אין אמתן האָט נישט ווענעדיק אַפילו אַ זעקסטן חלק פון דער צאָל אינזלען, וואָס ברוקלין פאַרמאָגט. ווענעדיק האָט אַרום 36 אינזלען, בעת ברוקלין פאַרמאָגט איבער 200 אינזלען. נעמט למשל „סטעטען־איילאַנד״, אַ טייל פון ברוקלין. דאָרט וווינען איבער אַ פערטל מיליאָן מענטשן. „סיטי־איילאַנד״, האָט מען אַמאָל געמיינט, וועט ווערן אַ גרויסע האַפן־שטאָט. עס זענען פאַראַן אינזלען, וואָס ליגן צווישן ברוקלין און ניו־יאָרק און זע־נען באַרימט און וואָלטן אין איראָפּע געוואָרן שטעט פאַר זיך, אָבער דאָ ביי אונז שלינגט ניו־יאָרק זיי אַלעמען איין, און פאַר־טונקלט זיי. ווען קימערט דער בעדלאָ־אינזל, אויף וועלכן עס געפינט זיך די פרייהייט־געטין? ווען קימערט, למשל, „גאָווער־נאָרס־איילאַנד״, וועלכעס ווערט באַנוצט פון דער פעדעראַלער רע־גירונג פאַר מיליטערישע צוועקן? מיר האָבן מער געהערט פון „בלעקוועס־איילאַנד״, און אונז איז גוט באַקאַנט „קאָני־איילענד״, אָבער די פיל אַנדערע אינזלען זענען אונז אומבאַקאַנט און פרעמד,

באַמש זיי שפּילן אַ וויכטיקע געאָגראַפישע ראָלע און זענען פּשוט דער רוקן־ביין פון ניו־יאָרק.

די, וואָס קענען ברוקלין, וועלן אייך דערציילן מיט שטאָלץ, אַז „סיטי־איילאַנד", וואָס ליגט נישט ווייט פון „ראַק־איילאַנד", איז אין אמתן אַ שטאָט, וואָס האָט געפּלאַסטערטע גאַסן, פאַבריקן, אַפּאַרטאַמענט־הייזער, קינאָס, באַנק־הייזער, רעסטאָראַנען און אַמוזירונגס־פּלעצער, און איז ענלעך צו אַ קליינער שטאָט אין דייטשלאַנד אָדער עסטרייך, צוליב איר ריינלעכקייט. אָט דער קליי־נער אינזל האָט אַמאָל געטרוימט צו ווערן אַ זעלבשטענדיקע האַפן־שטאָט, מען האָט רעקלאַמירט די שטאָט און אפילו אויס־געבויט אַ בריק צו פאַרבינדן דעם אינזל מיט דער בראָנקס, אָבער עס האָט זיך אויסגעלאָזט, ווי אַלע טרוימען... דער אינזל האָט זיך געמוזט אונטערגעבן ניו־יאָרק. בלויז איין זאַך איז פאַרבליבן אין „סיטי־איילאַנד", און דאָס איז די אינדוסטרי פון בויען שיפן, און עס ווערט טאַקע פאַררעכנט אַלס דער צענטער פון דער וועלט פאַר בויען קלענערע שיפן.

און „האַי־איילאַנד", וואָס איז דער העכסטער פּלאַץ פון אַלע אַנדערע אינזלען, אַ חוץ „סטעטען־איילאַנד", איז פאַר פיל יאָרן געווען דאָס „מאָנטע־קאַרלאָ" פון די ניו־יאָרקער האַזאַרד־שפּילער און ספּאָרטס־לייט, ווייל אין „האַי־איילאַנד" פלעגן קומען די רעסטע אונטערוועלט־מענטשן צו פאַרברענגען. דאָרט איז גע־ווען אַ סאָרט קאַסינאָ, ווו די האַזאַרד־שפּילער פלעגן שפּילן אויף טיש און בענק. דאָס איז געווען אין יענע יאָרן, ווען די שטאָט ניו־יאָרק איז געלעגן אונטער דער הערשאַפט פון קאָרומפּירטע פּאָ־ליטיקער, ווען די פּאָליציי און די אונטערוועלט זענען געווען יד־אחת.

ברוקלין ווערט אָפּגעטיילט פון ניו־יאָרק דורך דעם איסט־ריווער, וואָס איז דער אויספלוס פון ים. ריזיקע בריקן פאַרבינדן ברוקלין מיט ניו־יאָרק. ברוקלין האָט 1.300 מייל גאַסן, אויף וועלכע עס וווינען איצט אַרום 2,581,000 נפשות.

XXI

# דאָס ייִדישע בראָנזוויל – די אַמעריקאַנער תּל־אָביב

בּראָנזוויל איז פאַר ניו־יאָרק כּמעט דאָס, וואָס תּל־אביב פאַר ארץ־ישׂראל. בּראָנזוויל ווערט פון יאָר צו יאָר אַלץ מער און מער ייִדישלעך, בּראָנזוויל ווערט ווי אַ מין פעסטונג פאַר ייִדישע אינדוסטרי און האנדל. די שטאָט איז כּמעט דער אויסדרוק פון ייִדישקייט אין אַמעריקע, און פּיטקין־עוועניו איז דער „אויס־שטעל־פענצטער" פון ייִדישן בּראָנזוויל.

בּראָנזוויל! דאָס איז דער גרעסטער בּאַווייז, וואָס ייִדן קאָנען אויפטון אויף אַלע געבּיטן, ווען זיי האָבּן דעם גוטן ווילן און די געלעגנהייט. אין די לעצטע צען יאָר האָט זיך די דאָזיקע שטאָט אַזוי שטאַרק אַנטוויקלט, אַז אויף מאַנכע גאַסן קען מען האָבּן דעם איינדרוק, אַז מען איז אויף אַ בּולוואַר אין פּאַריז, אָדער אויף טיימס־סקווער אין ניו־יאָרק.

פּיטקין־עוועניו איז פול מיט פיין געקליידעטע דאַמען און הערן, און די קראָמען זענען פול מיט קונים פון בּיידע געשלעכטער, וואָס רעדן ייִדיש, ענגליש און גאַנץ אָפט העבּרעיש אויך. ווען איר גייט אַריין אין קאַפע־הייזער און אין די אייז־קרעם־זאַלן, הערט איר העכסט אינטערעסאַנטע געשפּרעכן, אָפט הערט איר אין רעם ענגליש אַן עכט־ייִדישלעכן טאָן, און איר האָט הנאה דער־

פון. קינדערלעך רעדן אָפט העבּרעיש, כּדי זייערע עלטערן זאָלן זיי נישט פאַרשטיין.

אַמאָל איז בּראָנזוויל געווען דער צענטער פון „גרינע", איצט אָבער — איצט זענען פון די גרינע געוואָרן גאַנצע „יענקיס", זיי רעדן פון פוטבּאָל און טעאַטער, און דיסקוטירן וועגן די לעצטע פּאַסירונגען אין דער וועלט. ווי־נישט־ווי הערט איר נאָך גע־שפּרעכן וועגן וואָל־סטריט, און ווי־נישט־ווי הערט איר אַן עכט־יידישלעכן קרעכץ, אַ זיפץ אויף יידישע צרות אויף יענער זייט ים.

אומזיסט וועט איר זוכן גרינע היימישע יידן אין בּראָנזוויל, איר וועט זיי נישט טרעפן. זיי זיצן אין זייערע פיינע הייזער און הערן זיך איין צו די ראַדיאָ־קאָנצערטן, זיי זענען בּאַשעפטיקט מיט זייערע געשעפטן, און ווען זיי גייען אַרויס אויף אַ שפּאַציר אָדער איינקויפן, זעען זיי אויס ווי אמתע אַמעריקאַנער.

די יידישע שילדן פון אַמאָל זענען כּמעט ווי פאַרשוווּנדן. איר זעט העל־בּאַלויכטענע קראָמען מיט עלעקטרישע אַנאָנסן, וועלכע רייסן פּשוט די אויגן. די אַזוי־גערופענע אָרעמקייט איז ווי פאַר־שוווּנדן און מען זעט בּלויז מאָדערנע און פיין־איינגעריכטעטע געוועלבּער, און אפילו דעפּאַרטמענט־קראָמען, כּמעט ווי אין ניו־יאָרק. אַלץ, אַלץ אויף אַ גרויסן מאָסשטאַבּ.

אין בּראָנזוויל האָבן מיר איצט דריי מאָדערנע יידישע טעאַ־טערס, זיי שפּילן אין איין אָוונט פאַר מער יידן, ווי אין אַלע יידישע טעאַטערס אין וואַרשע, ווילנע אָדער לעמבּערג אין אַ מאָנאַט צייט.

עס האָט זיך אין בּראָנזוויל אָרגאַניזירט אַ בּראָנזווילער האַנדלס־קאַמער (טשעמבּער אָוו קאָמערס), וואָס נעמט אַרום פיר טויזנט מיטגלידער, מערסטנס יידישע געשעפטסלייט. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע ווערט בּאַטראַכט פאַר איינער פון די גרעסטע פון דעם מין אין בּרוקלין.

בּראָנזווילער בּאַנק־הייזער, בּראָנזווילער קראָמען ווערן פּאַט־ראָניזירט פון בּראָנזווילער איינוווינער אויס פּשוטע פּאַטריאָטישע מאָטיוון. זיי ווילן זען אַ גרויס בּראָנזוויל, אַ רייך בּראָנזוויל, און זיי זאָגן ווי די דייטשן: „בּראָנזוויל איבּער אַלעס". טוט עפּעס אַ בּראָנזווילער איינוווינער, ווען אפילו אויס געשעפטלעכע מאָ־

טיוון, דאָן באַטראַכטן עס די בראָנזווילער אַלס אַ גרויסן אויפטו, און זיי שטיצן די אונטערנעמונגג מיט אַלע זייערע קרעפטן.

בראָנזווילער חזנים, בראָנזווילער שולן שמ'עז איצט איבער גאַנץ ניו־יאָרק. אַמאָל האָט מען אין בראָנזוויל געזוכט צו נעמען אַ ניו־יאָרקער חזן, עס איז עפּעס געווען מער כּבוד, אָבער לעצטנס איז אַנדערש. אַמאָל, אַז אַ בראָנזווילער האָט געדאַרפט עפּעס קויפן, איז ער געפאָרן קיין ניו־יאָרק, איצט אָבער קויפט מען אַלץ אין בראָנזוויל, און די בראָנזווילער קרעמער פילן דאָס. איר זעט אויף פּיטקין־עוועניו די גרעסטע און שענסטע קליידער־מאַגאַזינען, די פיינסטע דאַמען־קליידער, די מאָדערנסטע מענער־קליידער, און וואָס אייער האַרץ גלוסט, געפינט איר איצט אין בראָנזוויל און אין ברוקלין.

אַמאָל האָבן יידן געדאַרפט פאָרן אין אַ „פּאַראַמאָונט־טעאַטער" אָדער „ראָקסי" אין ניו־יאָרק, אָבער די לעצטע יאָרן האָט ברוקלין באַקומען אַן אייגענעם „פּאַראַמאָונט־טעאַטער" און אַן אייגענעם „פאָקס־טעאַטער", וואָס דאַרפן זיך נישט שעמען לגבי די ניו־יאָרקער טעאַטערס. אייגענע דעפּאַרטמענטס־קראָמען, אייגענע טעאַטערס, אייגענע רעסטאָראַנען און אייגענע מאָדערנע מי־טינג־לאָקאַלן.

בראָנזוויל האָט צווישן אירע איינוואוינער אייגענע יידישע כּלל־טוער. זיי קומען זיך אָפט צונויף אויף פאַרזאַמלונגען און אונטערנעמונגען, וועלכע ווערן אַראַנזשירט לטובת די בראָנזווילער אַנשטאַלטן. דער ברוקלינער יידישער צענטער אויף איסטערן־פּאַרקוויי איז איינער פון די שענסטע מאָנומענטן, וואָס זענען אויפ־געשטעלט געוואָרן פאַר יידישקייט אין אַמעריקע.

איניקע אַנדערע אינסטיטוציעס זענען פאַראַן אין ברוקלין, וואָס פאַרדינען די גרעסטע אָנערקענונג. ברוקלין איז פול מיט יידי־שע אַנשטאַלטן, תּלמוד־תּורהס, שולן, צענטערס א. א. וו. און די בראָנזווילער יידן זענען שטאָלץ מיט זיי, און זיי מעגן שטאָלץ זיין, ווייל כאָטש זיי אַמעריקאַניזירן זיך, רייסן זיי אָבער נישט איבער דעם גאָלדענעם פאָדעם, וואָס פאַרקניפּט זיי מיט יידן. זיי

בויען יידישע אינסטיטוציעס און ווייזן דערמיט, אז מען קאָן פאַר־בינדן יידישע אידעאַלן מיט פּראַקטישער אַרבעט.

אָט האָט אַ בראָנזווילער ייד, דער באַקאַנטער כּלל־טוער דזשייקאָב לייכטמאַן, פּרעזידענט פון דער „מאָדערנער אינוועסט־מענט און לאָון־קאָרפּאָריישאָן", מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געגרינ־דעט אין בראָנזוויל די מאָדערנע ליי־אַנשטאַלט, וועלכע האָט איצט צווייגן אין פאַרשידענע טיילן אין ניו־יאָרק.

מר. דזשייקאָב לייכטמאַן האַלט, אַז בראָנזוויל איז איינע פון די בעסטע געשעפטס־שטעט אין אַמעריקע. ער איז איבערצייגט, אַז די בראָנזווילער יידן גייען אויפן ריכטיקן וועג, וואָס זיי פּאַטראָ־ניזירן בראָנזווילער אונטערנעמונגען; הגם דאָס קלינגט פּראָווינ־ציעל, איז עס אָבער פאָרט פּראַקטיש און נוצלעך פאַר דער אַנט־וויקלונג פון אַ קהלה.

עפּעס ענלעכס קאָן מען זאָגן וועגן אַ סך יידישע אינסטי־טוציעס אין ברוקלין. די ברוקלינער יידן האָבן לעצטנס אויס־געבויט אַ נייעם שפּיטאָל פאַר אומהיילבאַרע קראַנקע, לויטן פּלאַן פון דער „מאָנטעפיאָר־היים". עס פאַרשטייט זיך, אַז דער ברוק־לינער שפּיטאָל איז אַ ביסל קלענער פון דעם ניו־יאָרקער. דער אַנ־שטאַלט געפינט זיך אויף ראָטלענד־ראָוד, נעבן יוטיקאַ־עוועניו, אַנטקעגן דעם „קינגס־קאָונטי"־שפּיטאָל.

צווישן די אַנדערע וויכטיקע יידישע אַנשטאַלטן אין ברוק־לין פאָרדינט אויך דערמאָנט צו ווערן „די מנורה־היים פאַר אַל־טע". דער דאָזיקער אַנשטאַלט געפינט זיך אין בושוויק־עוועניו. יידן שטאָלצירן מיט דעם אַנשטאַלט, פּונקט ווי מיט אַלע אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס אין בראָנזוויל און ברוקלין.

אָט דאָס אַלץ באַווייזט, ווי שנעל און ווי שיין עס אַנטוויקלט זיך דאָס יידישע ברוקלין, און ווי שנעל און פּרעכטיק עס בויט זיך בראָנזוויל, אַלס אַ יידישע שטאָט.

מען דאַרף בלויז מאַכן אַ שפּאַציר אויף פּיטקין־עוועניו, מען זאָל גלייך דערזען, אַז די דאָזיקע גאַס איבערשטייגט די צווייטע עוועניו אין ניו־יאָרק. דאָרט, אין בראָנזוויל, זידט מיט לעבן. די קאַפע־הייזער זענען אָנגעפילט מיט לוסטיקע יונגע לייט, מענער און

פרויען, אין די קראָמען שווייבלט און גריבלט, און די הייזער זע־נען געדיקט באַוווינט.

מיר געדענקען נאָך, ווען עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק איז בראָנזוויל בלויז געווען אַ צענטער פאַר ריעל־עסטייט־ספּעקו־לאַציע. איצט איז עס אַ שטאָט מיט אַלע שטעט צוגלייך. בראָנז־וויל איז אַמאָל געווען אַרומגערינגלט מיט פעלדער און וועלדער, און מען פלעגט אהין פאָרן אויף וואַקאַציע, איצט אָבער איז יע־דעם שטיקל לאַנד פאַרבויט, און יידן האַלטן נאָך אין בויען, און האַלטן נאָך אין טרוימען, ווי צו מאַכן בראָנזוויל אַלץ שענער און שענער.

בראָנזוויל האָט אַנטוויקלט אַ נייעם דור, אַן אַמעריקאַנער יידישן דור. מיר זעען אויף פּיטקין־עוועניו, ווי יונגע יידישע מע־נער און פרויען שפּאַצירן זיך שטאָלץ און פילן זיך ווי ביי זייער „טאַטן אין ווייגאָרטן". פון דער ניו־יאָרקער איסט־סאַיד זענען יידן אַנטלאָפן אין דער בראָנקס און גאָט ווייסט ווו, אָבער די בראָנזווילער „גרינע" זענען געבליבן אויף זייער אָרט און פילן זיך היימיש אין בראָנזוויל.

בראָנזוויל רופט מען אויך איסט־ניו־יאָרק. דאָס איז, ווי גע־זאָגט, אַן אמתדיקע יידישע שטאָט, ווי תל־אביב אין ארץ־ישראל. דאָס איז אַ שטאָט, וואָס שפּאַרט אָן ביים סאַמע ראַנד, ווו ברוקלין גרענעצט זיך מיט דזשאַמעיקאַ. אויך אַ היפּש שטעטל, ווו יידן מערן זיך.

XXII

# קאָני־אײַלענד — דער פרייליכסטער אינזל אויף דער וועלט

פאַר מזרח־אייראָפּעיִשע לענדער איז אַמעריקע בכלל נאָך אַלץ אַ שטיק לעגענדע. אויף מיין רייזע איבער אייראָפּע איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין אַ גאַנצער ריי קור־ און באָד־פּלעצער, אָבער אין ערגעץ האָב איך נישט געפונען אַזאַ לוסטיקן, אַזאַ פריי־לעכן אינזל, ווי קאָני־אײַלענד.

אומעטום פאַרכאַפּט דער קאַפּיטאַליזם אַלע אוצרות פון דער נאַטור, אַלע קוואַלן פון היילונג, אָבער אין ערגעץ פילט מען נישט אַזאַ ברייטקייט, אַזאַ דעמאָקראַטיע, ווי אויף דעם פריילעכן אינזל קאָני־אײַלענד!

ווען מען רעדט וועגן אַ קור־אָרט ביים ים, האָבן אייראָפּייער אַ גאַנץ אַנדערן באַגריף, ווי מיר אין אַמעריקע. דאָרט, אין דער אַלטער וועלט, שטעלט מען זיך פאָר אַ קור־אָרט, אַלס אַן אָפּרו־פּלאַץ פאַר גבירים, וועגן וואָס דער מיטל־קלאַס קאָן אפילו נישט חלומען. אין אייראָפּע פאָרן צום ים געוויינלעך רייכע מענטשן, וואָס נויטיקן זיך אפילו נישט אין קיין קור. עס פאָרן רייכע דאַ־מען מיט גוווערנאַנטקעס צו די קינדער, כדי די מאַמעס זאָלן קע־נען שפּילן אין ראָלעט, אָדער טאַנצן ביינאַכט אין די קאַסינאָס.

גאַנץ אַנדערש איז אָבער אין קאָני־אײַלענד. דאָ וועט איר נישט געפינען קיין רייכע דאַמען מיט גוווערנאַנטקעס, דאָ וועט

איר נישט טרעפן די פּוסטע, אויסגעפּוצטע דאַמען אין די קאַסינאָס, ווייל דאָ טאַנצט דער עולם. דאָ מישן זיך צונויף רייך און אָרעם. דאָ זענען אַלע ווי פון איין ליים געקנאָטן. דאָ זענען אָרעמע אַרבעטער און זייערע פרויען די אָנגעזעענסטע געסט, סיי אין די רעסטאָראַנען, סיי אין די באָד־פּלעצער.

די פאָלקס־מאַסן, די האָרעפּאַשניקעס, זענען דאָ די הויפּט־געסט ביי די ברעגעס פון ים. די יידענע, וואָס וואָלט אין וואַרשע, לאָדזש אָדער לעמבערג געשלאָפן אין אַ קעלער־שטוב, אָן זון, אָן לופט, געניסט דאָ די פרייהייט פון ים. זי פילט זיך דאָ, אין קאָני־איילענד, ווי אַ קעניגין, ווי אַ פּרינצעסין. אין דער היים האָט זי געהייסן שיינדל, דאָ רופט זי זיך „זשעני״ און איז אַ גאַנצע „לײדי״ (דאַמע). מיר פאַרגינען איר די פרייד, ווייל מיר גלויבן אין דעמאָקראַטיע, אין פרייהייט.

שפּאַצירן דאָ איבער די טראָטואַרן אָרעמע אַרבעטער מיט זייערע פרויען און קינדער און פילן זיך פריי, גלייך מיט די סאַמע רייכסטע מענטשן. זיי שפּאַצירן איבער דער „הילצערנער פּראָמענאַדע״ („באָרדוואָק״), ווי זיי וואָלטן געווען די באַלעבאַטים פון אינזל, ווי זיי וואָלטן געווען אייגנטימער פון הייזער, ווי זיי וואָלטן געווען די סאַמע בויער פון דער ריזיקער „בריק״, וואָס ציט זיך ביים ברעג ים.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָרט, וווּ ס'פאָלק שפּילט די הויפּט־ראָלע, דאָרט ווערן אויך געשאַפן פאָלקס־פאַרווײלונגען. דאָ זענען נישטאָ קיין טייערע פאַרווײלונגען. דאָ קאָסט אַלץ 5 סענט. אַ טאַנץ 5 סענט. ווער אויף אַ קאַרוסעל, ווער אויף אַ וועגעלע, ווער אין אַ מיל־ראָד און ווער אויף אַ קינסטלעכן עראָפּלאַן, — אַלץ פאַר 5 סענט.

מען טרינקט, מען עסט, מען לאַכט און מען אַמוזירט זיך פאַר אַ קליינער סומע. דער צופאָר פון ניו־יאָרק קיין קאָני־איילענד קאָסט אויך נישט מער ווי 5 סענט. דאָס איז אַ לוסטיקער אינזל פאַרן פאָלק, וואָס קומט זיך אַמוזירן און געניסן פונם לעבן. מען שפּילט פאַרשידענע שפּילן, מען רעדט דאָ אַלע שפּראַכן: יידיש, ענגליש, איטאַליעניש, גריכיש, טערקיש, שפּאַניש און פּוי־

ליש, אן אמתער קאָך־קעסל פון דעמאָקראַטיע. דאָס איז דער אמתער שמעלץ־טאָפּ, ווו אַלץ ווערט צעמישט און צעקאָכט. אויף דער גאַנצער וועלט קענט איר נישט זען אַזא צעלאָזענע, אַזא צע־שויבערטע פרייהייט, ווי דאָ, אויף דעם לוסטיקן אינזל, וואָס רופט זיך קאָני־אײלענד און ליגט צעשפּרייט צופוסנס פון ניו־יאָרק. דאָ לעבן זיך אויס די גרעסטע קבצנים, ווי די גרעסטע גבירים. דאָס איז דער גרויסער נס־אַמעריקע!

אין אַ זונטאָג טרעפט איר ביז צוויי מיליאָן מענטשן ביי די ברעגעס פון ים. עס זשומעט, עס קרעכצט, עס הוידעט, עס וואַרפט. יעדע 5, אָדער 10 מינוט ברענגען די באַנען טויזנטער מענטשן, עס ווערט ענגער, אָבער — פרייליכער. עס שפּאַנען טויזנטער פיס, מען זעט שוין גאָרנישט מער, נאָר רוקנס און פיס.

עס יאָגן זיך אויטאָמאָבילן — געלע, רויטע, שוואַרצע, גרי־נע, איינער וויל איבעריאָגן דעם צווייטן. מענטשן שטופּן זיך איי־נער אויף דעם צווייטן. אַ שווערער ריח פון מענטשן־אָטעם, פון קנאָבל־ און ציבעלע־גערוך, פון ווינער ווורשטלעך. וווּהין דאָס אויג קוקט, דערזעט עס ווונדער... פאַרשוויצטע פּנימער, ווייבע־רישע פיס — גראָבע, קיילעכדיקע, אָדער דינע, שפּיציקע פיס, חוצפּהדיקע, צעשויבערטע פרויען, וואָס רייצן אייך. דאָס אַלץ לויפט פאַרביי אייער אויג, ווי אין אַ פילם.

קאָני־אײלענד איז ווי אַ מיל, עס דרייט זיך און איר דרייט זיך מיט. אַ געשריי, אַ טומל, אַ געפילדער ווי אויף אַן אייפּיקן יאַריד. אַז איר ווילט, קאָן מען אָנרופן קאָני־אײלענד דעם גרעסטן „עזות־פּנים" פון דער וועלט. דאָס גאַנצע שטעטל איז אַ קאָך־קעסל פון פאַרווייליגנ. דער „ווינער פּראַטער" איז ווי אַ קינדער־שפּיל אין פאַרגלייך מיט קאָני־אײלענד. דאָרטן, אין ווין, געפינען זיך די אַלע קונצן און „חדושים" אין אַ שיינעם, פרייען גאָרטן, וואָס טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַ גרויסער אויסשטע־לונג. איר קאָנט זיך אַמוזירן אין די ברייטע אַלייען פון די הונ־דערט־יעריקע לינדן, אָדער אַנדערע ביימער. אין קוני־אײלענד איז קיין זאַך נישטאָ וואָס צו זען, אַ חוץ די „חדושים", אַ חוץ די פאַרשידענע משונה־ווילדע מוזיים און שפּילעכלעך. איר ווערט

פאַרטויבט און פאַרפייניקט דורך די טויזנטער געשרייען, וואָס צופּן אייך און רייסן אייך אין אַלע זייטן. איר ווערט פּשוט פאַרכאַפּט פון דער כוואַליע מענטשן, פון די טויזנטער עלעקטרישע פייערן, וואָס מאַכן אייך אָפּט נערוועז. איר פאַרלירט אייער ווילן, איר ווערט אַריינגעכאַפּט פון אַ פרעמדער מאַכט, וואָס טראָגט אייך מיט זיך, וווּהין זי וויל, און טוט מיט אייך, וואָס זי וויל. איר זענט אין קאָני־איילענד. איר געפינט זיך אין אַ פאַרכּישופטן קרייז.

אָט דער גרויסער שפּיל־פּלאַץ איז אָבער דער נאָענטסטער צו ניו־יאָרק, ווו דער ים עפנט זיך פאַר אײַערע אויגן מיט זיין אומבּנדלעכער ווייט־ווייטקייט, מיט זיין פרישן, מונטערן זאַלץ־גערוך, מיט זיינע ריזיקע כוואַליעס, מיט זיין היילנדיקער קראַפט. אָט דער ים ציט אייך ווי מיט מיליאָנען מאַגנעטן צו זיך. דער ים פאַרענטפערט אַלץ!

די שטאָט האָט אויסגעבויט אַ גרויסע באָד, ווו דער גרויסער עולם קען אַריינקומען, זיך אויסטון, זיך מאַכן באַקוועם פאַר בלויזע צען סענט. עס זענען נאַטירלעך פאַראַן הונדערטער באָד־פּלעצער, וואָס זענען פּריוואַטע אונטערנעמונגען, אָבער אויך זיי זענען געגנוג ביליק פאַרן עולם, וואָס צעלייגט זיך ביי די ברעגעס פון ים, ווי ביי זיך אין דער היים. קינד און קייט באָדט זיך אין ים.

דאָ אין ים זענען נישטאָ קיין רייכע אָדער אָרעמע, דאָ זענען אַלע גלייכע יחסנים. דער ים געהער צו אַלע מענטשן.

אָט איז דער ים. די ברעגעס, דער וויים־געלער זאמד איז באַדעקט מיט מענטשן, ווי מיט מוראַשקעס, נישטאָ ווו זיך אַ ריר צו טון. פונדערווייטנס, פון דער „הילצערנער פּראָמענאַדע”, מאַכט עס אַ וווּנדערלעכן איינדרוק. פון אַלע פאַרשידענע מענטשלעכע באַוועגונגען ווערט איין און איינציקע, אַ מין ריטמישער טאַנץ. אַ געהיימער ריטואַל, אַ רעליגיעז־עקסטאַטישער. זיי פילן זיך אַליין נישט, אָט די ברוינע לייבער, — אָט די גרינע און געלע, רויטע, בלויע און שוואַרצע באָד־קאָסטיומען, אַז זיי זענען איין גאַנצעס. יעדער פון זיי מיינט טאַקע, אַז ער איז פאַר זיך, אַז אין אים שטעקט אַ מענטש מיט אַ ווילן, מיט אַ ציל, מיט אַן אייגענער

וועלט. זיי ווייסן נישט, אַז זיי האָבן אויסגעטון זייער אָרעם ביסל „איך" און איבערגעלאָזט אים אין דער קאַבינע אינאיינעם מיט זייערע קליידער. זיי ווייסן נישט, אַז זיי געהערן גאָרנישט זיך, נאָר דעם זאַמד און דעם ים און דעם הימל איבער זיי — זאַמד־קערנדלעך, וואָס באַוועגן זיך און טאַנצן אין ווינט...

פון ברעג און פון די געסלעך אין קאָני־איילענד — פון אַלע זייטן רופט מען, ווינקט מען. עס שרייען אַפילו די הילצערנע באַ־פּאַרבטע ברעטלעך. עס רופן עלעקטרישע שילדלעך — „האַט־דאָגס" (ווינער ווורשטלעך) — שרייט איינער. דער עולם שטופּט זיך אַרום דעם פּלאַץ און שלינגט הייסע ווורשטלעך מיט זויער־קרויט אָדער מושטאַרדע. מען הערט געשרייען פון קינדער: מאַ— אייז־קרעם (ליאָדעס). קינדערלעך קוויקן זיך מיט זיסקייטן.

נחס תּיבה — שרייט אַ מענטש אויף אַ סטענדער, אַ פּע־טער, אַ גלאַט־ראַזירטער מיט אַ רויט איריש פּנים. איר דערזעט אַ מין משונהדיקע הילצערנע שניי — דאָס איז נחס תּיבה! קוקן אַרויס פון דאָרטן קאָמישע געשטאַלטן. קעפּ, שוואַרצע נעגער־קעפּ, אַ פערדישער קאָפּ, אַ נאָז פון אַן עלפאַנט, אַ קאָפּ מיט אַ לאַנגער, קרומער נאָז. מענטשן לאַכן, שטופּן זיך. נישט ווייט פון נחס תּיבה הערט איר אַ פריש געשריי: שיסט! דער איינציקער שאַנס צו פאַרשפּילן 30, אָדער 40 סענט און צו געווינען אַ ליאַל־קע אָדער 5־סענטיקע טעלערלעך. מען שיסט, מען וואַרפט היל־צערנע באַלעמס, וואָס אַ יאַפּאַנער רוקט אייך אונטער מיט אַ זיסן שמייכל.

ווער וויל וויסן זיין מזל, זיין גורל, אַלץ, וואָס האָט מיט אים פּאַסירט און וועט פּאַסירן? — אַ הויכער, לאַנגער מאַן, וואָס איז געקליידט ווי אַן אינדיאַנער, גיט אייך די תּשובֿה פאַר בלויז צען סענט. איר געפינט זיך אין אַ סביבה פון קאָרטן־וואַרפערינס און טרעפערקעס. זיי ווייסן „אַלץ", אויב איר האָט נאָר צוטרוי צו זיי.

אָט דאָ נישט ווייט געפינט זיך דער באַרימטער „סיטפּעל־טשעים־פּאַרק". דאָס איז נישט קיין שפּאַציר־גאָרטן, נאָר פּונקט ווי אַ „לונאַ־פּאַרק", אַ פּלאַץ זיך צו פאַרוויילן. אַ ריזיקער ראָד,

אַ פלי־מאַשינדל, אַ בריקל אויף רעדלעך, אַ צירק, אין וועלכן איר זעט פרויען מיט 5 פיס, אַ האַלבע פרוי און אַ האַלבער מאַן, אַ קו מיט אַ מענטשלעכן קאָפּ, אַ שלאַנג, וואָס גייט אויף פיס, אַ פאַמיליע קאַליקעס. אַלץ וואָס איך דערמאָן דאָ, ווערט רעקלאַמירט אַלס דאָס גרעסטע, דאָס איינציקע ווונדער אויף דער וועלט.

אָט ווייזט מען אייך אַ מיידל מיט אַ באָרד. מערקט אייך, אַן אמת מיידל מיט אַן אמתער באָרד. זי ראַזירט זיך צוויי מאָל אַ טאָג, אָבער עס העלפט נישט! קומט אַריין, ווונדער איבער ווונדער! — שרייען צו אייך מענטשן פון אַלע ווינקעלעך. אָט שטייט אַ הויכער מאַן, אָנגעטון אין אַ רויטן צילינדער, אַ שוואַרצן פראַק, ווייסע הענטשקעס, שטיוול, האַלב־רויט, האַלב־גרין, און דער האַנט — אַ קאָלירט שטעקעלע, זיין שטים — אַ הייזעריקע, אַ פאַרשיכּורטע. דאָס רופט מען אין קאָני־איילענד אַ „באַרקער‟, אַ האָוקער, וואָס רופט די מאַסן, וואָס דרשנט...

אָט זעט איר אַ מיידלשן קאָפּ. ווו דער קערפּער? אויב איר ווילט עס אויסגעפינען, מוזט איר באַצאָלן צען סענט. ביידע אַמוזירונגס־פּאַרקן זענען ווי איינגעטונקט אין אַ ים מיט עלעקטריש ליכט, און זענען אָנגעפּיקעוועט מיט ווונדער איבער ווונדער.

עס ציט אייך פשוט ווי מיט אַ מאַגנעט אין יענע פּלעצער. ווער ווייסט, וואָס עס וואַרט דאָרט פאַר אייך אין דער שטאָט פון ליכט, וואָס פאַר אַ סודות עס זענען דאָרט באַהאַלטן. זענען דאָס סודות פונם ריז—ניו־יאָרק?

עס זשומעט, עס הוידעט זיך, מיליאָנען פליגן זשומען אַרום די עלעקטרישע לאָמפּן, פּונקט ווי די מענטשן ביי די ברעגעס פון ים. עס איז קאָני־איילענד! מען פליט אין דער לופטן! אויף עלעקטרישע הוידלקעס, אויף פערדלעך, אויף שיפלעך, וואָס גייען אַרויף אַ דראָט־באַן און גליטשן זיך דערנאָך מיט אַ בליץ אַראָפּ אין וואַסער אַריין.

געקינצלטע קוילן־מינעס. מען פירט אייך אין וועגעלעך דורך קרומע באַהאַלטענע וועגן. מיידלעך און יינגלעך לאָזן אַרויס קולות. מיידלעך לאַכן צעלאָזן. דאָס איז נישט קיין קוילן־מינע, דאָס איז אין אמתן אַ „משוגעים־גרוב‟, ווו מען באַהאַלט זיך פאַר ליטן.

אַט טאַנצט מען! פון אַלע זייטן קוויטשעט מען, מען שרייט, מען לאַכט. מידע מענטשן שלעפּן זיך צו די באַנען. פאַר 50 סענט נעמט אייך אַן אויטאָבוס קיין ניו־יאָרק. מענטשן פאָרן מיד און פאַרשלאָפן צוריק אין ריזיקן ניו־יאָרק. איז אַפילו דאָס אויך אינ־טערעסאַנט. עס איז אינטערעסאַנט צו זען, ווי אַ איינזאַמער מענטש קוקט אין ים אַריין, ווי ער וואָלט זוכן אַן ענטפער פון די ריזיקע, רוישנדיקע כוואַליעס.

ס׳איז אינטערעסאַנט צו באַקענען זיך מיט דער „הילצער־נער פּראָמענאַדע" (באָרדוואַק), וואָס איז קאַרגע 3 מייל לאַנג און 80 פוס די ברייט. די לאָמפּן, וואָס באַלייכטן דעם ריזיקן הילצער־נעם שפּאַציר־וועג, זענען די זעלבע ווי די, וואָס באַלויכטן אונזער 5־טע עוועניו אין ניו־יאָרק. דער דאָזיקער שפּאַציר־וועג ציט זיך פון „בּרייטאָן־בּיטש", אויך אַן אינזל, ווו אונזער פאָלק ישראל ווינטערט און זומערט אין די שענסטע, מאָדערנסטע הייזער, ביז „סי־געיט", אַ „פאַרשלאָסענע", קליינע שטאָט, וואָס איז אַמאָל געווען אינגאַנצן קריסטלעך און איז איצט אינגאַנצן יידיש.

אין יאָר 1898 האָט אַ ריעל־עסטייט־פירמע מיטן נאָמען „נאָרטאָנס פּאָינט לענד קאָמפּאַני" אָפּגעזונדערט דער דאָזיקן אינזל פון קאָני־איילענד, אים אַרומגערינגלט מיט קראַטעס, אוועק־געשטעלט אַ הויכן טורעם ביים אַריינגאַנג, און אַ נאָמען געגעבן דעם פּלאַץ סי־געיט.

אָפּגעזונדערט און אָפּגעשלאָסן פון רוישיקן, מיט ענערגיע־שטורעמדיקן קוני־איילענד, שפּרייט זיך ביים ברעג ים דאָס קליינע מלוכהלע פון אַריסטאָקראַטישן סי־געיט. אַ חנעוודיק שטעטל, מיט שטילע, צנועהדיקע הייזער, וועלכע באָדן זיך יעדן מאָרגן אין זון־אויפגאַנג און יעדן פאַרנאַכט אין זון־פאַרגאַנג.

מערסטנס וווינען אין סי־געיט געשעפטסלייט, פּראָפעסיאָ־נאַלן, מענטשן, וואָס אַרבעטן טעג אין ביוראָ, פלאָנטערן זיך אין געוועב פון ביזנעס־סיסטעמען, און אין אָוונט קומען זיי אַהיים רוען, אויסשטרעקן די מידע גלידער און הנאה האָבן פון דער שבתדיקער מנוחה, וואָס הענגט איבער דעם ים־שטעטל.

די יידן, וואָס וווינען דאָרט, האָבן אַריינגעבראַכט דאָרט דעם

באַזונדערן ייִדישן חן. פֿאַראַן דאָרט גענוג הייזער, וואָס פֿון זייע־רע פֿענסטער לויכטן אַרויס פּריוואַג אָוונט בענטש־ליכט, און אַ שול איז דאָרט פֿאַראַן, וואָס טראָגט אַריין אַן עכט־ייִדישן גייסט צווישן די דאָרטיקע איינוווינער.

כּנסת־ישׂראל — הייסט די סי־געיט־שול, און דאָס איז אַ מאָ־דערנע געבייִדע, וואָס שטייט אויף סי־געיט־עוועניו, פּונקט אַנט־קעגן ים.

האָבן אויך די קריסטן דאָרט זייער מקום־תּפֿילה, להבדיל, אַ קליינע געבייִדע, אַ „טשעפּעל" אַזאַ, וואָס שטייט פֿאַרלאָזן און פּוסט מיט שפּינוועבס אויף די פֿענסטער, און נאָר זונטיק אָדער עפּעס אַ פּייערטאָג קלינגט דער גלאָק פֿון יוצא וועגן און רופֿט צו תּפֿילה... זעט מען זיי אָבער נישט, די גאָט־דינער, זיי זאָלן שטראָ־מען פֿון די הייזער; קיין גלח אַפֿילו איז נישטאָ, וואָס זאָל כאָטש מיטטרויערן מיטן אומעט פֿון פֿאַרגעסענע איקאָנעס. און דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז, וואָס גראָד די פֿאַרלאָזענע געביי־דע, דער אַלטער „טשעפּעל", ווערט אויסגעהאַלטן פֿון די סי־געיט־אַססאָסיאיישאָן, וועלכער אַן אומגעהויער גרויסע צאָל ייִדן צאָלן שטייערן.

די „כּנסת־ישׂראל", די שול, וועלכע פֿאַרנעמט דעם סאַמע אויבנאָן אויף סי־געיט און נאַוטילוס עוועניו, און האָט אויסגעגעבן פֿון 25 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר, ווערט אויסגעהאַלטן פֿון אַרום 400 מיטגלידער. אָט די דאָזיקע שול איז פֿול מיט ייִדישקייט און אמונה. אַלט'ע ייִדן פֿאַרבּרענגען דאָרט גאַנצע טעג אין תּורה און תּפֿילה... אין שבתים קומט אויך יונגוואַרג אין שול אַריין. ביי „קריאה" שפּאַצירן זיי אַרום אין דרויסן פֿאַר דער שול, מיט טליתים — בר־מצווה־בחורימלעך און חתנים — און הערצער פֿון עלטערן ווערן פֿול מיט שטאָלץ און פֿרייד: זעט אונזער דור! זעט אונזער שול!

די גרינדער און בויער פֿון דעם אַריסטאָקראַטישן סי־געיט האָבן געוויס נישט געטרוימט, אַז אין זייער מלוכהלע וועט מען אַמאָל אויסבויען אַ שול, וואָס זאָל מיט זיך פֿאַרקערפּערן סיי אַ צענטער, סיי אַ תּלמוד־תּורה, וועלכע זאָל דערציִען דעם יונגן דור און אין אים איינפּלאַנצן ייִדישקייט לויט אַלע דינים.

XXIII

# אַמעריקע קאָנקורירט שוין אין יידישקייט מיט אייראָפּע

בײַ יידישע פאַרזאַמלונגען הער איך אָפט ווי מען באַקלאָגט זיך, אַז יידישקייט האַלט שמאָל אין אַמעריקע. מען שילדערט די אָרעמקייט און דעם דלות פון אונזערע רעליגיעזע אינסטיטוציעס, און מ'וויינט אויף גלות־אַמעריקע.

קוקט מען זיך אָבער צו מיט אָפענע אויגן, זעט מען, אַז די גאַנצע מעשה איז אַ סך איבערגעטריבן, אַז אונזער געטריישאַפט צו יידישקייט און זאָרג פאַר קהלשע ענינים האָט אונז ווייט נאָך נישט פאַרלאָזן. עס זענען דאָ זיכערע באַראָמעטערס, וואָס ווייזן פונקט דעם היפוך, אַז יידישקייט אין אַמעריקע איז אַ לעבעדיקע זאַך.

פאָרט מען איבער אַמעריקע, זעט מען, אַז אַ „כּלי־קודש", אַ רב, אַ חזן, אַ שוחט, אַ מוהל, אַ שמש, אַ מסדר־קידושין, איז אַ לפי־ערך גוט־באַצאָלטע פּראָפעסיע. עס זענען פאַראַן רבנים, וועלכע קריגן גוטע שכירות, און עס זענען פאַראַן אַ גרויסע צאָל חזנים, וועלכע מאַכן אַ פיין לעבן.

איך האָב געטראָפן אין אַ סך שטעט און שטעטלעך אין אַמעריקע מוהלים און חזנים, וועלכע האָבן זייערע אייגענע הייזער און אויטאָמאָבילן. ס'איז אמת, אַז די לאַגע פון טייל ישיבות און תּלמוד־תּורהס איז נישט קיין גינסטיקע, אָבער זיי פירן דאָך זייער

אַרבעט ווייטער צו שפּינען דעם גאָלדענעם פאָדעם פון רעליגיעזן יידנטום. יערנפאַלס שטייט עס פיל בעסער מיט די „כּלי־קודש" דאָ, ווי אין אייראָפּע.

אין אייראָפּע איז שמשות אַן אָרעמע פּרנסה. דאָרט איז דער שמש דער קנעכט פון יעדן באַלעבאָס. ער קריגט נישט מער, ווי די בּרעקלעך פונם קהלשן טיש.

אין אַמעריקע איז דער שמש אַ חשובער מענטש, אַ וויכטי־קער טייל אין דעם רעליגיעזן בנין. פון די טעמפּלען איז דאָך שוין אָפּגערעדט. דאָרט גייט דער שמש אָנגעטון אין אַ פראַק און אַ צי־לינדער און איז אַ גאַנצער יחסן.

די, וועלכע באַהויפּטן, אַז די יידישע כּלי־קודש זענען אָפּגע־שטאַנען און באַגרייפן נישט דעם גייסט פון דער מאָדערנער צייט, האָבן אַ גרויסן טעות. אָט האָבן, למשל, די כּלי־קודש געלערנט דעם גרויסן ווערט פון אָרגאַניזאַציע. זיי לאָזן פילן זייער איינפלוס אין אַלע ווינקעלעך פון דעם יידישן לעבן.

די אייגנטימער פון ספרים־קראָמען זאָגן, אַז אין אַמעריקע פאַרקויפט מען איצט מער טליתים, תּפילין, מזוזות, ספרי־תּורות, ווי איבער דער גאַנצער וועלט.

מיר האָט אַ פרומער ייד, אַן אייגנטימער פון אַ ספרים־קראָם, פאַרטרויט, אַז אין אַמעריקע מאַכט מען איצט בעסערע טליתים ווי אין אייראָפּע. ער האָט צוגעגעבן, אַז דאָ ווערן אויך געדרוקט די פיינסטע ספרים און מ'דאַרף נישט, חלילה, מורא האָבן, אַז יידיש־קייט גייט דאָ אונטער.

פאַרנדיק איבער אַמעריקע האָב איך באַמערקט, ווי עס ווערן געבויט שולן און טעמפּלען, און ווי מען פירט אַריין ספרי־תּורות, ווי אין די אַלט'ן גוטע צייטן, — מיט פּאַראַד און מוזיק.

אין קלענערע שטעטלעך, וווּ עס זענען נישטאָ קיין ספרים־קראָמען, איז טאַקע נישטאָ קיין קאָבּ'נדיק יידיש לעבן, אָבער די יידן אין די שטעטלעך בלייבן נישט אָן טליתים אָדער תּפילין. זיי האָבן אַפילו מזוזות אויף זייערע טירן און פירן זיך דווקא עכט־יידיש. עס פאַרשטייט זיך, אַז איבעראַל זאָגן יידן, אַז ניו־יאָרק איז די „ירושלים" פון אַמעריקע.

יידישקייט איז פעסט איינגעפונדעוועט אין אַמעריקע. דאָ פאַרקויפט מען, דאָ מאַכט מען די בעסטע יידישע כּלי־קודש־פּראָדוקטן. פון אַמעריקע שיקן מיר מצות קיין אייראָפּע. דאָ מאַכט מען כּשרע זייפן, דאָ וועבן יידישע וועבער די בעסטע טליתים און דאָ ווערן געדרוקט דרוש־ספרים אויף יידיש, און דאָ זענען פאַראַן הונדערטער טויזנטער יידן, וואָס היטן אָפּ כּשרות.

איך האָב אָנגעטראָפן יידן, וואָס קענען נישט קיין יידיש רעדן, אָבער זיי היטן אָפּ שבת, זיי גייען אין שול. אין זייערע היימען האָב איך באַמערקט ביכער אין ענגליש איבער יידישע פראַגן.

די אָרטאָדאָקסישע יידן איבער אַמעריקע מאַכן נישט קיין טומל. זיי רופן נישט אין שול אריין, ווי אין אייראָפּע. אָבער די שולן זענען גאַנץ גוט באַזוכט, און אויך דורך אַ היפּש ביסל יונגע מענער און פרויען. כּמעט יעדער ייד, מאַן אָדער פרוי, צי זיי רעדן יידיש, צי ענגליש, ווייסן שוין היינט, אַז ארץ־ישראל, אָדער ווי טייל רופן עס „פּאַלעסטיין", איז אונזער יידיש היימלאַנד, און אַז מיר מוזן אַלע העלפן בויען דאָס לאַנד.

אין ניו־יאָרק גופא האָבן מיר אַ גרויסע צאָל כּלי־קודש־קראָמען, וועלכע מאַכן ריזיקע געשעפטן. עס איז געוואָרן אַן אַמעריקאַנער געשעפט, אָרגאַניזירט און געפירט לויט אַמעריקאַנישע מעטאָדן. עס זענען דאָ „האָלסיילערס", „דזשאָבערס", „ריטיילערס" און אפילו פאַבריקאַנטן.

קומט איר אריין אין די דאָזיקע ספרים־קראָמען, האָט איר דעם איינדרוק, אַז איר זענט אין וואַרשע, ווילנע אָדער קראָקע. איר האָט דעם דאָזיקן איינדרוק, נישט אַזוי פון די סחורות, וואָס איר זעט אין דער אָדער יענער ספרים־קראָם, ווי פון דעם אופן, ווי די סחורות זענען אויסגעלייגט, — מערסטנס, אָן אַ טאָלק, אַ הויפן מיט ספרים דאָ, עטלעכע טליתים צעוואָרפן דאָרטן, מזוזות און תּפילין צווישן די ספרים, און דער באַלעבאָס, אַ ייד מיט אַ שיינער באָרד און קלוגע אויגן, קומט אייך אַנטקעגן, איז גרייט אייך צו פאַרקויפן, דערקלערט, גיט עצות, און איר הערט קלוגע יידישע ביישפּילן, דורכגעפלאָכטן מיט ווערטלעך פון גמרא און פּוסקים, פון תּנ"ך.

אזוי איז עס דאָ אין ניו־יאָרק, און אזוי איז עס כמעט אין אַלע ספרים־קראָמען איבער אַמעריקע. סיי אין לאָס־אַנדזשעלעס, סיי אין שיקאַגאָ, סיי אין סעינט־לואיס, — די דאָזיקע ספרים־קראָמען זענען פאַר די אָרטאָדאָקסישע יידן אַ סאָרט „בירזשע", ווו זיי קומען הערן יידישע נייעס פון ניו־יאָרק. אין די קראָמען קומען אָן העברעיִשע און יידישע צייטונגען און זשורנאַלן, דאָ דיסקוטירט מען וועלטלעכע און יידישע ענינים.

בין איך געוווּיר געוואָרן פון אָט די אייגנטימער פון די ספרים־קראָמען, אַז מ'אַרבעט איצט „אָוועטרטיים" אין דער כּלי־קודש־אינדוסטרי, אַז ניו־יאָרקער ספרים־קראָמען און טליתים־פאַבריקאַנטן צעשיקן זייערע פּראָדוקטן איבערן גאַנצן לאַנד.

עס איז איצט אַן אָפענער סוד, אַז אַמעריקע קאָנקורירט אויף דעם געביט מיט אייראָפּע. עס ווערן געדרוקט אין אַמעריקע ש"סן, וואָס זענען פּונקט ווי די ווילנער ש"סן און משניותן, פּונקט ווי די אַלטע משניותן און די חומשים און תנ"כן מיט די זעלבע שריפטן פון רש"י און תּרגום, ווי אין די טראַדיציאָנעלע אייראָפּעיִשע ספרים. דאָס זענען ווירקלעך גראַפישע קאָפּיעס פון די אַלטע ספרים. עס ווערט אויך געדרוקט אין אַמעריקע אַן אַמעריקאַנער אויסגאַבע פון דער גמרא, חומשים און סידורים, וועלכע זענען אויסגעזעצט געוואָרן אין אַמעריקאַנער יידישע דרוקערייען.

אויסער דעם ווערן געדרוקט אין אַמעריקע אַ גרויסע צאָל סידורים, מחזורים, חומשים און אַנדערע ספרים מיט ענגלישע איבערזעצונגען.

עס האָט זיך אויך אַנטוויקלט אַן אינדוסטרי פון היי־געמאַכטע מענטעלעך פאַר ספרי־תּורות, פּרוכתן, מנורות א. א. וו. עס זענען געקומען אהער ארץ־ישראלדיקע יידן, וועלכע קענען די אָריענטאַלישע אַרבעט פון אויסנייען מיט זילבערנעם פאָדעם אָדער אויסהאַמערן קופּערנע און זילבערנע מנורות און אַנדערע כּלי־קודש. זיי פאַרנעמען זיך איצט מיט דעם און פּראָדוצירן מענטעלעך, פּרוכתן, וואָס וואָלטן באַטראַכט געוואָרן אַלס וווּנדער אין די בתּי־מדרשים פון דער אַלטער היים.

ספרי־תּורות און מזוזות ווערן נאָך אַלץ אימפּאָרטירט פון

איירָאפּע. ווען איך בין געווען אין פּוילן, האָב איך אין וואַרשע געטראָפן אַ סופר, וועלכער האָט מיר דערציילט, אַז זינט נאָך דער מלחמה זענען אַלע ספרי־תּורהס, וואָס ער האָט געשריבן, פאַרקויפט געוואָרן קיין אַמעריקע. ער שרייבט דורכשניטלעך דריי ספרי־תּורות אַ יאָר. אין וואַרשע האָב איך אויך געטראָפן עטלעכע אַזעלכע סופרים.

מגילות ווערן אויך רעפּראָדוצירט דורך פאָטאָגראַפישע פּלאַטן, אַז זיי זאָלן אויסזען פּונקט ווי די אַלטע מגילות, און וועלכע סופרים האָבן אַריינגעלייגט אַזוי פיל פרומע אַרבעט, מיט גע־קינצלטע אותיות אויף פאַרמעט. און עס ווערן פאַרקויפט אַלערליי מגילות אין די ניו־יאָרקער ספרים־קראָמען, ביליקע — אויף פּאַ־פּיר, און קאָסטבאַרע — אויף נאָכגעמאַכטן אָדער ראַיעלן פאַרמעט.

די אַמעריקאַנער „קאָנגרעגיישאָנס" (קהלות) און איבער־הויפּט אַזעלכע, וואָס זענען האַלב־בית־מדרש און האַלב־טעמפּל, זוכן איצט אַמעריקאַניזירטע רבנים. זיי ווילן, אַז דער רב זאָל רעדן זייער שפּראַך — ענגליש. זיי זאָגן, אַז זיי דאַרפן דעם רבס רעלי־גיעזע פירערשאַפט נישט אַזוי פאַר זיך, ווי פאַר דעם יונגן דור, אַז זייערע קינדער זאָלן צוגעצויגן ווערן צו יידישקייט. זיי ווילן אַ ראַבאַי, וואָס זאָל קענען רעדן צו זייערע אַמעריקאַנער קינדער, פירן אַ „סאָנדעי־סקול" און זען, אַז עס זאָל זיין אַ גוטע „לײדיעס־אָוקזילערי", וואָס זאָל טון אַרבעט ווייל די „לײדיעס־אָוקזילערים" מיט זייערע אונטערנעמונגען האַלטן אָפט אויף די טעטיקייט אַרום דער קאָנגרעגיישאָן.

די היימישע רבנים פילן שטאַרק די פאָדערונג פון דער צייט איצט, און זיי באַמיִען זיך צו האַלטן דרשות, וואָס זאָלן פאַראינ־טערעסירן די אַמעריקאַנער. זיי ווייסן, אַז די אַמעריקאַנער פּרעזי־דענטן און וויים־פּרעזידענטן פון די שולן זענען נישט קיין לומדים, און אַז אַ היימישע, רבנישע דרשה איז ביי זיי נישט אַזאַ גוטע סחורה. זיי זוכן משלים, מעשהלעך, אַנעקדאָטן פאַר זייערע דרשות, וועלכע זאָלן זיין צוגעפּאַסט פאַר זייער אַמעריקאַנער פּוב־ליקום.

אין ליכט פון דעם אַלעמען, וואָס איך האָב פאַר איך גע־

שילדערט, קאָן דאָך קיין רייד ניט זיין, אַז יידישקייט האַלט שמאָל אין אַמעריקע; עס איז אויך כּדאי צו דערמאָנען, אַז כּמעט אין יעדער שטאָט אָדער שטעטל האָב איך געהערט, ווי מען גרייט זיך צו בר־מצוה־,,פּאַרטיעס'', וואָס דאָס איז אַ באַווייז, אַז די יוגנט אין אַמעריקע קריגט אַ יידישע דערציאונג. מיר האָט אַ מוכר־ספרים געזאָגט אין סאַן־פראַנציסקאָ, אַז די גרעסטע ביזנעס מאַכט ער פון די דאָזיקע ,,בר־מצוה־פּאַרטיעס''.

מ'הערט אויך אָפט, ווי רייכע, אויפגעקומענע יידן גיבן גרויסע סומעס געלט צו בויען תּלמוד־תּורהס. זיי העלפן אויך זייערע שולן און טעמפּלען, און אויף אַזאַ אופן ווערט יידישקייט אַלץ מער און מער איינגעפונדעוועט אין אַמעריקע. אָט דעם דאָזיקן געפיל האָב איך באַקומען רייזנדיק איבער דער לענג און ברייט פון אַמעריקע.

XXIV

# אַ רייזע איבער אַמעריקע אין אַן אויטאָבוס („באַס")

24 שטאַטן פון די פאַרייניקטע שטאַטן האָב איך באַרייזט אין אַן אויטאָבוס. עס איז אָנשטרענגענדיק, אָבער באַלערנדיק און אינ־טערעסאַנט. און איך וועל פּרובירן זיך טיילן מיט מיינע איינ־דרוקן.

דער אויטאָמאָביל בליט איבער גאַנץ אַמעריקע, דאָס ווייסן שוין אַלע, ווייל עס איז אין אמתן נישטאָ מער קיין אונטערשיד פון שטאָט און דאָרף — אומעטום די זעלבע אויטאָמאָבילן, די זעלבע „באָסעס", די זעלבע מענטשן, די זעלבע וועלט — און או־מעטום, וווּ נאָר דער אויטאָמאָביל פאָרט דורך, ווערן די שטילסטע געגנטן פאַרוואַנדלט אין טומלדיקע גאַסן. עס איז כמעט נישטאָ מער קיין גרענעץ פון קליינעם שטעטל, דערפל אָדער ווילד פאַרם־לאַנד אויפן וועג. פון ביידע זייטן וועג ווערט שנעל פאַרבויט. פירמעס פון רעסטאָראַנען בויען אויס גרויסע רעסטאָראַנען מיטן זעלבן אויסזען אויף די אויטאָמאָביל־וועגן. אפילו גראָסעריס, דראָג־סטאָרס און וואָס נישט זעט איר איצט, וווּ עס זענען ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק געווען פאַרמס. דעם איינפלוס פון אויי־טאָמאָביל איז נישט צו מעסטן און נישט אָפּצושאַצן.

דער „באָס" און דער אויטאָמאָביל זענען געוואָרן די ריזיק־סטע קאָנקורענטן פון דער אייזנבאַן. און נישט אומזיסט האַלט

מען די אויטאָמאָביל־אינדוסטרי פאַר דער וויכטיקער אין לאַנד. די אינדוסטרי, מיט וועלכער מען מעסט די פּראָספּעריטי פון לאַנד.

די ריזיקסטע בערג האָט מען באַזייטיקט, כּדי צו מאַכן אויטאָמאָביל־וועגן, און ווען איר צירקלט אַרום די דאָזיקע בערג טראַכט איר אייך, אַז גערעכט זענען די אַמעריקאַנער מיט דעם ווערטל: מיר זענען אויף דעם סאַמע שפּיץ פון דער וועלט. פאַרנדיק, זאַפּט איר אין זיך איין די באַרג־לופט און איר באַוווּנדערט די טעכניק, וואָס קאָן באַזיגן אַזעלכע ריזיקע בערג.

פעריען־רייזעס זענען איצט איינע פון די גאָר גרויסע געשעפטן אין אַמעריקע.

עס ווערט אויסגערעכנט, אַז אַמעריקאַנער גיבן אויס פון פיר ביז פינף מיליאָן דאָלער אַ יאָר אויף פעריען־רייזעס, און טייל גלויבן אַפילו, אַז פעריען אַלס אינדוסטרי איז אַ גרעסער געשעפט, ווי די אויל־אינדוסטריע, די קינאָ־ביזנעס, די שטאָל־אינדוסטריע א. א. וו. מיט איין וואָרט — גרעסער פון אַלע ריזיקסטע אינדוסטריעס אין לאַנד.

אַפילו דער האַנדלס־דעפּאַרטאַמענט אין וואַשינגטאָן נעמט שוין אין באַטראַכט, ווי וויכטיק עס זענען די פעריען בכלל און די רייזעס בפרט פאַר דער ביזנעס־פּראָספּעריטי פון לאַנד. דער „סעקרעטאַרי אָוו קאָמערס" האָט לעצטנס אין אַ רעדע אין ראַדיאָ דערקלערט, אַז די פעריען־ביזנעס איז איצט איינע פון די סאַמע וויכטיקסטע אינדוסטריעס אין לאַנד און איז עקאָנאָמיש אַזוי וויכטיק, ווי די פיר אָדער פינף גרעסטע אינדוסטריעס. די מיליאָנען מענטשן, וואָס „גייען אויף וואַקיישאָן", גיבן אויס געלט, וועקן אויף ביזנעס־טעטיקייט אין אַלערליי געגנטן, קויפן אַלערליי קליידער, ספּאָרט־אַרטיקלען און אַלערליי אַנדערע נויטווענדיקייטן פאַר אַ וואַקיישאָן־רייזע, גיבן צו לייזן האָטעלן, רעסטאָראַנען און בענזין־סטאַציעס.

אין די לעצטע עטלעכע יאָר האָט אַמעריקע אָנגעהויבן צו קאָנקורירן מיט אייראָפּע. דאָס שלאָג־וואָרט: „זע אַמעריקע צו־ערשט" — האָט געהאַט אַ צויבערנדיקע ווירקונג, און דערצו האָט

מיטגעהאָלפן דאָס פאַלן פון אַמעריקאַנער דאָלער אין אייראָפּע און די פאַרשידענע פּאָליטישע קאָמפּליקאַציעס, אַזוי, אַז אין אַמעריקאַנער קעשענעס פאַלט איצט אַריין דער גרעסטער טייל פון די געלטער, וואָס ווערן אויסגעגעבן פון אַמעריקאַנער טוריסטן אויף וואַקאַציעס.

די אייזנבאַנען, די אָמניבוסן אַנאָנסירן אַלערליי טורס אין דער וועסט, ווי: יעלאָו־סטאָן־פּאַרק, קאַליפאָרניע, און די פאַרשידענע נאַטור־וווּנדער־געגנטן, אין וועלכע אַמעריקע איז אַזוי רייך. זיי אָרגאַניזירן טורס און גרופּעס צו ספּעציעלע פּרייזן, רייזעס אויף איין וואָך, אויף צוויי וואָכן און אויף חדשים.

די אייזנבאַן און שיפס־געזעלשאַפטן האָבן אויך אַנטוויקלט נייע וואַקיישאָן־פּלעצער, ווי: אין אַמעריקאַנער קאָנען פּאָרן: האַוואַנאַ, קובאַ, בערמודאַ. דאָס זענען אַלץ נאָענטע פּלעצער. לעצטנס איז מעקסיקע אויך אַריין אין דער קאָנקורענץ פאַר די ביזנעס פון אַמעריקאַנער טוריסטן. די מעקסיקאַנער רעגירונג האָט אָרגאַניזירט אָפּיציעל אַ ספּעציעלע רעגירונגס־אָפּטיילונג צוצוציִען אַמעריקאַנער ,,וואַקיישאָניקעס" און טוריסטן אַמעריקאַנער פּאָרן, אויב נישט קיין מעקסיקע־סיטי, איז כאָטש אויף איינציקע טעג קיין טיאַוואַנאַ און קאַליענט, וואָס געפינען זיך אינגאַנצן צוויי שעה רייזע פון סאַן־דיעגאָ (קאַליפאָרניע).

פון דעם קאַרגן מיליאָן מענטשן, וואָס האָבן שוין באַזוכט די סאַן־דיעגאָ־אויסשטעלונג, זענען די גרעסטע צאָל אַריינגעפאָרן אין די גרענעץ־שטעטלעך פון מעקסיקע, ווו מען קאָן הוליען אויף וואָס די וועלט שטייט. טיאַוואַנאַ איז אַ קליין מאָנטע־קאַרלאָ, און די אַמעריקאַנער פאַרשפּילן דאָרט אויף די רולעטקע־טישן שווערע טויזנטער דאָלער.

וואַקיישאָן איז געוואָרן אין אַמעריקע אַ נויטווענדיקייט.

דער געדאַנק ווענן אַ וואַקיישאָן איז נישט אַזוי אָפּצורוען זיך פון דער אַרבעט, ווי צו לעבן, פילן און פירן זיך גאַנץ אַנדערש, ווי אַ גאַנץ יאָר.

פאָרט מען אָבער איבער אַמעריקע דערזעט מען, אַז מען דאַרף נישט פאָרן קיין אויסלאַנד; איר זעט אַלץ אין אַמעריקע.

אַלץ איז דאָ אין אַמעריקע. אַלץ־אַלץ, וואָס אייער האַרץ גלוסט. איר דאַרפט נישט פאָרן אין דער שווייץ צו זען ריזיקע בערג. ווען איר פאָרט מיט אַ „באָס" קיין קאַליפאָרניע, דערזעט איר בערג, וואָס איבערשטייגן אייער רייכסטע פאַנטאַזיע. און ווילט איר זען אַ וועלט־שטאָט, איז נישטאָ קיין גרעסערע, קיין אינטע־רעסאַנטערע ווי ניו־יאָרק.

דאָס גיבן צו מענטשן, וועלכע האָבן באַרייזט די וועלט דורך דער לענג און דורך דער ברייט. דער רעזולטאַט איז, אַז טויזנטער און טויזנטער מענטשן קומען אויף זייער וואַקיישאָן קיין ניו־יאָרק.

אויף דעם געביט פון טראַנספּאָרט, פּאַרקער־מיטלען, וועל־כע פירן די פּאַסאַזשירן און פראַכטן פון איין פּלאַץ אויף דעם צווייטן, קומט איצט פאָר אַ גאַנצע איבערקערעניש. די איבערקער־עניש איז נישט בלויז אַ לאָקאַלע אין איין שטאָט, אָדער אין איין לאַנד. די ענדערונג אין דעם געברויך פון פּאַרקער־מיטלען קומט פאָר פּאַקטיש אין אַלע לענדער. עס איז, אויב איר ווילט, אַ וועלט־רעוואָלוציע, פאַר וועלכער עס ציטערן אַפילו די מעכטיקע פּאַרקער־מאַגנאַטן, די אייגנטימער פון קאַרס און עלעווייטאָרס און אַפילו די מעכטיקע אייזנבאַן־געזעלשאַפטן. די דאָזיקע „רעוואָלו־ציע" אין טראַנספּאָרט־מיטלען האָבן געמאַכט די „באָסעס".

ביז מיט איניקע יאָר צוריק וואָלט קיינעם נישט איינגעפאַלן צו פאָרן מיט אַן אָמניבוס ערגעץ אין אַ ווייטער שטאָט. ווער וואָלט זיך דאָס אונטערגענומען צו פאָרן מיט אַ „באָס" אַפילו קיין באָסטאָן, קליוולאַנד, אָדער שיקאַגאָ? איצט פאָרט מען מיט „באָ־סעס" איבער גאַנץ אַמעריקע און מען האָט אַפילו איינגעאָרדנט „פּולמאַן־באָסעס", וווּ איר קאָנט שלאָפן און האָבן אַלע באַקוועמ־לעכקייטן ווי אויף דער באַן. די באָסעס, וואָס פירן אייך קיין קאַ־ליפאָרניע, האָבן בעטלעך, וואַש־צימערן און איר זעט אַלע שיינ־קייטן און אַלע אוצרות פון דער נאַטור דורך די אָפענע פענסטער פון באָס, ווי אויף אַן „אָבזערוויישאָן־קאַר" אין אַ לוקסוס־באַן.

דעם לעצטן יאָר זענען אויף „באָסעס" געפאָרן 578 מיליאָן פּאַסאַזשירן אין פאַרשידענע ריכטונגען פון אַמעריקע.

די באָסעס, הייסט עס, קאָנקורירן זייער שטאַרק מיט די אייזנבאַנען אַזוי, אַז געוויסע צייטן קריגט מען אויך „וואַקיישאָן־טריפּס" אויף די באַנען פאַר גאָר ביליקע פּרייזן. און כאָטש עס איז אָנשטרענגענדיק צו מאַכן אַ רייזע אויף אַ „באָס" ביז לאָס־אַנדזשעלעס, אָדער סאַן־פראַנציסקאָ, איז עס אָבער ביליקער און זיכער אינטערעסאַנטער.

דער באָס בויט ממש איבער גאַנץ אַמעריקע. אומעטום, פון איין עק לאַנד צום צווייטן, ווערן געבויט נייע אויטאָמאָביל־שאָסייען, נייע טונעלן אונטער דער ערד, מען שניידט דורך די ריזיקסטע בערג, צו מאַכן פּלאַץ פאַרן אויטאָמאָביל, און ווו נאָר אַ „באָס" פליט פאַרביי, דאָרט רופט עס אַרויס ביזנעס־טעטיקייט און לעבעדיקייט. פון דערפלעך ווערן שטעט און ביזנעס־צענטרען. פעלדער און וועלדער ביי די זייטן פון די שאָסייען ווערן פאַרבויט מיט בענזין־סטאַציעס און רעסטאָראַנען. די „הייוועיס", די ריזיקע שאָסייען און וועגן, ווערן פאַרוואַנדלט אין טומלדיקע ביזנעס־גאַסן, און עס וועט נישט זיין איבערגעטריבן, ווען מיר וועלן זאָגן, אַז אַמעריקע גייט איצט אויף רעדער.

און קומט איר קיין לאָס־אַנדזשעלעס אָדער סאַן־פראַנציסקאָ, דערזעט איר די אָרעמסטע אַרבעטער פאָרן אין אויטאָמאָבילן. אמת, זיי האָבן נישט קיין „לינקאָלן־קארס", אָבער זיי האָבן אייגענע מאַשינדלעך, אין וועלכע זיי מאַכן אויספלוגן אין די פאַרשידענע פּאַרקס און צו פיל ביטשעס, וואָס רינגלען אַרום די שיינע בערגיקע שטעט. אויף די סטריט־קאַרס און לאָקאַלע „באָסעס" פאָרן בלויז טוריסטן, וואָס האָבן נישט קיין באַקאַנטע אָדער קרובים מיט אויטאָמאָבילן.

מיר ווייסן נישט גענוי, צי אַלע, וואָס פאָרן, לערנען עפּעס פון זייערע רייזעס, אָבער אַז זיי זעען נאַטור־וווּנדער, וואָס בלייבט איינגעקריצט אין זייערע הערצער, — וועגן דעם איז קיין ספק נישט.

XXV

# דער שטאַט ניו־דזשוירזי

ניו־דזשוירזי איז איינע פון אונזערע קלענסטע שטאַטן, וואָס פאַרמאָגט מער איינוואוינער, ווי וועלכער עס איז פון אונזערע גרעס־טע שטאַטן. ניו־דזשוירזי איז פאַר ניו־יאָרק־שטאַט, וואָס די או־קראַינע איז פאַר רוסלאַנד.

ניו־דזשוירזי האָט אַ סך באַקאַנטע שטעט, ווי, למשל, פּע־טערסאָן, נוארק, האָקענסאַק מיט אַ הויפּט־שטאָט טרענטאָן, ווו עס איז פאָרגעקומען דער סענסאַציאָנעלער פּראָצעס פון ריי־טשארד בּרונאָ הויפּטמאַן, וועלכער האָט „געקידנעפּט" דאָס לינד־בערג־קינד. טרענטאָן האָט אַ באַפעלקערונג פון איבער הונדערט טויזנט איינוואוינער.

פּעטערסאָן איז באַרימט צוליב די וועבערייען. טויזנטער יידישע אימיגראַנטן פון לאָדזש האָבן זיך דאָרטן באַזעצט. אין נוארק, וואָס איז פאַרבונדן מיט ניו־יאָרק דורך דעם „האָדסאָן־טו־נעל" וווינען טויזנטער און טויזנטער יידן. די שטאָט האָט אַפילו אַ יידיש טעאַטער. דער יידישער קוואַרטאַל אין נוארק איז שטאַרק ענלעך צום יידישן קוואַרטאַל אין ניו־יאָרק, כאָטש עס פעלן דאָרט די ריזיקע וואָלקן־קראַצערס.

ניו־דזשוירזי פאַרמאָגט אַרום און אַרום איבער 4 מיליאָן איינוואוינער, און צוליב דעם גוטן פאַרקער צווישן ניו־יאָרק און ניו־דזשוירזי, וואַקסט דער שטאָט פון יאָר צו יאָר.

זינט ניו־דזשוירזי עקזיסטירט האָט ער זיך געפונען אין שאָטן פון, און אין מורא פאַר זיינע צוויי גרויסע שכנים: ניו־יאָרק און

פענסילווייניא. ניו־דזשוירזי איז געווען איינע פון די ערשטע קאָ־
לאָניעס, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דער רעוואָלוציאָנערער
באַוועגונג, אָבער ווען עס איז געקומען צו ראַטיפיצירן די קאָנסטי־
טוציע, האָט ניו־דזשוירזי זיך נישט געאיילט. דער שטאַט, צוזאַמען
מיט די אַנדערע קלענערע שטאַטן, האָט געזוכט זיך צו באַוואָרענען,
ער זאָל נישט מאַיאָריזירט ווערן פון די גרויסע שטאַטן. ניו־דזשויר־
זי האָט פאָרזיכטיק געהיט זיין זעלבשטענדיקייט. און דאָך, קיין
אַנדער שטאַט, אַפילו נישט דער פּיצעניוטינקער רהאוד־איילענד,
איז נישט ווייניקער זעלבשטענדיק ווי ניו־דזשוירזי. ניו־דזשוירזי
איז דער וואַסאַל, באַזונדערס אין עקאָנאָמישן זין, פון די צוויי
שכנישע שטאַטן, וועמענס ים־ברעג ער האָט פאַרכאַפּט.

ווי געזאָגט, איז ניו־דזשוירזי איינער פון אונזערע באַפעל־
קערטסטע שטאַטן. ער פאַרמאָגט מער איינוווינער, ווי אַ סך פון
אונזערע גרעסערע שטאַטן, ווי מיזורי, צום ביישפּיל. ס'איז אָבער
דאָ אַ גרויסער אונטערשיד צווישן מיזוריער איינוווינער און ניו־
דזשוירזער איינוווינער. מיזוריער איינוווינער זענען טאַקע מיזו־
ריער, בעת פיל ניו־דזשוירזער איינוווינער וווינען בלויז אין
ניו־דזשוירזי, אָבער זיי לעבן אין ניו־יאָרק, אָדער אין פילאַדעלפיע.
יעדן פרימאָרגן ציען זיך פון בעיאָן, פון פּעטערסאָן, פון ניו־יאָרק,
פון עליזאַבעטה, פון דזשוירזי־סיטי אוודאי, אַ כּסדרדיקער מענטש־
לעכער שטראָם קיין מאַנהעטען; ער דערמאָנט אַן ענלעכן שטראָם
פון בראָנקס, און פון ברוקלין, און פון קווינס. כּדי צו זאָרגן פאַר
אָט דעם שטראָם זענען געגראָבן געוואָרן טונעלן אונטערן האָד־
סאָן־טייך, די וואַשינגטאָן־בריק איבערן האָדסאָן, און אַ גאַנצער
פלאָט פּראָמען האַלטן אין איין לויפן הין און צוריק. אין דרום־
טייל פון שטאַט, ביי קעמדען, עקזיסטירט אַן ענלעכע פאַרהעלטניס
פון דזשוירזער באַפעלקערונג צו פילאַדעלפיע. גאַנצע שטעט און גע־
מיינדעס, וועלכע שטימען אין ניו־דזשוירזי, געהערן באמת צו
פילאַדעלפיע.

ניו־דזשוירזי האָט אין סאַמע אָנהויב פון דער קאָלאָניעס־
אַנטוויקלונג פאַרלאָזט די אַגריקולטור און אַריבער צו דער אינ־
דוסטרי. די שיף־אינדוסטרי פון נוּאַרק האָט געהאַט איר אָנפאַנג

אין 1680. אין 1728 איז אין עליזאַבעטה געגרינדעט געוואָרן א פּאַפּיר־פאַבריק. היינט צו טאָג איז ניו־דזשוירזי מער אינדו־סטריאַליזירט ווי ניו־יאָרק אַפילו. פאַרקערט, אַגריקולטור געפינט זיך אין ניו־דזשוירזי אויף א פּיל נידעריקערער שטופּע ווי אין ניו־יאָרק. די גאַנצע פאַרם־פּראָדוקציע פון שטאַט, שוין איינשליסנדיק מילכיקס און גרינס, באַטרעפט ווייניקער ווי הונדערט מיליאָן דאָלאַר א יאָר. ניו־דזשוירזי שפּילט א גרויסע ראָליע אין דער מינעראַל־פּראָדוקציע. דער שטאַט איז רייך אין אייזן, צינק און פאָרצעליי־ליים. ער פּראָדוצירט אַרום א פערטל פון דער לאַנד־פּראָ־דוקציע פון מאַגנעטיט. עס איז אָבער א גרויסע סברא, כאָטש קיין פּאַטריאָטישער ניו־דזשוירזער וועט עס נישט צוגעבן, אַז די רעזאָרטן באַדייטן מער פאַר שטאַט, ווי זיין אַגריקולטור און מי־נעראַל־פּראָדוקציע צוזאַמען.

ניו־דזשוירזי איז אינדוסטריאַליזירט. זיינע מאַנופאַקטור־פּראָדוקטן ווערן געשאַצט אין דריי און א האַלב ביליאָן דאָלאַר א יאָר, א העלפט אַזוי גרויס ווי פּענסילווייניאַס, אונזער צווייטער אינדוסטריעלסטער שטאַט, וועלכער פאַרמאָגט מער ווי צוויי מאָל אַזוי פיל איינוווינער ווי ניו־דזשוירזי. נואַרק איז איינע פון די אינדוסטריעלסטע שטעט ביים אַטלאַנטישן ברעג, און פּעטערסאָן דערמאָנט אָן פאָל־ריווער און אָן בעדפאַרד. ניו־דזשוירזי פאַר־נעמט א מזרח־פּלאַץ אין דער אַמעריקאַנער טעקסטיל־אינדוסטריע. בלויז זייד ווערט אין אים פּראָדוצירט אויף דעם ווערט פון צוויי הונדערט מיליאָן דאָלאַר א יאָר. די ווערט פון זיין וואָלנס באַ־טרעפט נאָך הונדערט מיליאָן, פון באַוול־געוואַנט אַרום 50 מי־ליאָן; דאָס פאַרבן און אַרויסענדיקן די טעקסטיל־פּראָדוקטן באַ־טרעפט נאָך הונדערט מיליאָן. עס איז אַפילו אמת, אַז סטאַטיסטיש געהערן די ערשטע פּלעצער צווישן ניו־דזשוירזיס אינדוסטריען נישט טעקסטיל, נאָר דער ליטערונג פון נאַפט און שמעלצונג פון קופּער. צוזאַמען באַטרעפן זייערע פּראָדוקטן מער ווי א האַלבן בי־ליאָן דאָלאַר א יאָר. אָבער דאָס וויכטיקסטע אין אַן אינדוסטריע איז נישט אַזוי דער ווערט פון פאַרענדיקטן אַרטיקל, ווי די צאָל מענטשן, וואָס זי באַשעפטיקט. און אורטיילנדיק פון דעם שטאַנד־

2-1

פונקט זענען נאפט־לייטערונג און קופער־שמעלצונג פון קנאפער באדייטונג. צוזאמען גיבן זיי באשעפטיקונג קוים צוועלף טויזנט מענטשן. די זייד־אינדוסטריע, וואס אירע פראדוקטן האבן דעם ווערט פון קוים צוויי הונדערט מיליאן, קען זייערע קנאפע זעקס הונדערט מיליאן, גיט באשעפטיקונג גאנצע דרייסיק טויזנט.

אין בילדונג און דערציאונג שטייט ניו־דזשוירזי, ווי אלע אטלאנטישע שטאטן, גאנץ הויך. דער שטאט איז באזונדערס שטאלץ מיטן פרינסטאן־יוניווערסיטי, וועלכער רעכנט זיך צווישן די סאמע בעסטע און יחוסדיקסטע אין אמעריקע. אין ניו־בראנז־וויל געפינט זיך נאך אן אנגעזעענער אוניווערסיטעט מיט אן אל־טער טראדיציע, ראטגערס יוניווערסיטי. און עס זענען אויך דא אנדערע אנשטאלטן פאר הויכער בילדונג.

דער אמעריקאנער הומאריסט וויל ראדזשערס האט אמאל גע־זאגט, אז א חוץ ניו־יארק קוקן אויס אלע אמעריקאנישע שטעט, ווי בריטשפארט. דאס איז אפשר אמת בנוגע דעם אויסזען פון די שטעט, אבער נישט בנוגע דער נשמה פון יעדער שטאט און זי־כער נישט בנוגע דער יידישער באפעלקערונג פון יעדער שטאט.

מיר איז אויסגעקומען צו וווינען א קורצע צייט אין פעטער־סאן, וואס ווערט גערופן „דאס לאדז פון אמעריקע" צוליב די זייד־וועבערייען, וואס געפינען זיך דארטן.

די מאיאריטעט יידן זענען ארטאדאקסן, אדער בעסער גע־זאגט: זיי זענען אונטער דעם איינפלוס פון ארטאדאקסן צוליב דער בשר־כשר־פראגע. יידן זענען נישט פרום; יידן אין אמעריקע דאווענען נישט; אבער זיי עסן. און אז עס קומט צום עסן, איז מען ארטאדאקסיש. ס'איז א פראגע פון כשר פלייש. און איבער כשרות האבן צו זאגן די ארטאדאקסן.

עס זענען דא פיר ארטאדאקסישע שולן, איין טעמפל, און א צווייטער טעמפל, וואס איז האלב־טעמפל און האלב־בית־מדרש. עס זענען דא 9 שוחטים. צוויי משגיחים. און אכט און צוואנציק יידישע כשרע יאטקעס. א חוץ די כשרע דעליקאטעסן־קראמען.

מען קאן זאגן, אז ס'איז נישטא קיין איין יידיש שטעטל אין אמעריקע, ווו עס פלאקערט נישט אויף פון צייט צו צייט א קאמף

צוליב כשר פלייש און שוחטים. אין דער קלענסטער ביז דער גרעסטער יידישער קהלה איז כסדר צרות מיט דעם דאָזיקן פלייִשיקן ענין. פעטערסאָנער אָרטאָדאָקסיש יידנטום ווייס פון דעם נישט.

אין אַלע יידישע קהלות זענען די אָרטאָדאָקסישע יידן קודם־כּל פאַראינטערעסירט צו דערציען זייערע קינדער אין יידישן גייסט. צוערשט ווערן געבויט תּלמוד־תּורהס, מען שטעלט אָן לערער, פּרינסיפּאַלס, און עס קערט אַ וועלט מיט דער תּורה. די תּורה איז די ערשטע זאַך.

אַז די תּורה איז באַזאָרגט, נעמט מען זיך ערשט צו בויען שפּיטאָלן און אַנדערע אינסטיטוציעס.

אין פּעטערסאָן איז פאַרקערט: די פּעטערסאָנער יידן האָבן אַ שפּיטאָל און אַ היים פאַר אַלטע לייט און פאַר יתומים. דער שפּיטאָל און די היים פאַר אַלטע און פאַר יתומים זענען איינגעאָרדנט און ווערן געפירט אויף אַ גרויסן מאָסשטאַב.

אין פּעטערסאָן, צוליב דער וועבעריי־אינדוסטרי, האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן די בונדיסטן און בונדיסטקעס פון די לאָדזשער און ביאַליסטאָקער וועבערייען.

די בונדיסטן, וועלכע האָבן מיט צוואַנציק יאָר צוריק איבערגעקערט אַ וועלט אין לאָדזש און אין ביאַליסטאָק, וועלכע האָבן אַלס מוטיקע און באַגייסטערטע אידעאַליסטן זיך געוואָרפן אין פייער פון דער רוסישער רעוואָלוציע, זענען איצט אין פּעטערסאָן גאַנץ רואיק און בעלי־הבתּיש. זיי „קאָכן" זיך ווייניקער און זאָרגן פאַר זיך. די אַמאָליקע רעוואָלוציאָנערן זענען געוואָרן פּשוטע קלייני־בירגער.

פּעטערסאָן, פּונקט ווי נוארק, איז אָבער אַ פאַרהעלטניסמעסיק גרויסע שטאָט, וואָס פאַרמאָגט גרויסע באַזאַרן, און דאַרף נישט אָנקומען צו ניו־יאָרק ביים איינקויפן.

ניו־דזשוירזי האָט איצט בכּלל קאָלאָסאַלע פאַרבינדונגען מיט ניו־יאָרק, כאָטש די שטעט האָבן אייגענע טעאַטערס, אייגענע קראָמען און אַפילו נאַכט־לאָקאַלן, וווּ צו הוליען. אויטאָס פאַרבינדן ניו־דזשוירזי מיט ניו־יאָרק.

דער האָלאַנד־טונעל, וואָס פאַרבינדט ניו־יאָרק און ניו־דזשוירזי, ציענדיק זיך פון קאַנאַל־סטריט, אונטערן גרויסן טייך „האָדסאָן", האָט געקאָסט 48 מיליאָן דאָלאַר און האָט זיך אָפּי־ציעל געעפנט דעם 13־טן נאָוועמבער 1927. דאָס איז אַ ריזיק־גרויסער טונעל, וועלכער מאַכט אַ וועג פאַר אַלערליי פורן און אויטאָמאָבילן, און דאָס בויען האָט געדויערט אַכט יאָר.

דער טונעל באַשטייט אייגנטלעך פון צוויי טונעלן, אָדער רי־זיקע רערן. איינער פירט פון ניו־יאָרק קיין ניו־דזשוירזי, און דער צווייטער פון ניו־דזשוירזי קיין ניו־יאָרק. דער טונעל איז באַ־שטימט אויסשליסלעך פאַרן פאַרקער פון וועגענער און אויטאָמאָ־בילן, פאַר קיין פוסגייער האָט דער טונעל נישט קיין פּלאַץ.

דער דאָזיקער טונעל האָט פּשוט רעוואָלוציאָניזירט דעם פאַר־קער צווישן ניו־דזשוירזי און ניו־יאָרק.

דער נאָמען „האָלאַנד־טונעל" איז אים געגעבן געוואָרן צוליב דעם הויפּט־אינזשיניער, קליפאָרד ה. האָלאַנד, דעם בויער פון טו־נעל. האָלאַנד האָט נישט דערלעבט צו זען די פאַרענדיקונג פון טונעל, וואָס איז איינע פון די גרעסטע אינזשיניערן־אַרבעטן אין דער געשיכטע. ער איז געשטאָרבן אין 1924.

זיין פּלאַץ איז פאַרנומען געוואָרן פון אַ צווייטן אינזשיניער מיטן נאָמען מילטאָן ה. פרימאַן. אָבער פרימאַן האָט זיך אויך נישט געהאַלטן לאַנג. אין איניקע מאָנאַטן אַרום איז ער גע־שטאָרבן.

ביידע אינזשיניערן, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע לעבנס אין פאַרלויף פון דעם טונעל־בוי, וועלן דערפאַר האָבן זייערע נעמען פאַראייביקט. האָלאַנד דורך דעם, וואָס דער טונעל ווערט גע־רופן אויף זיין נאָמען, און פרימאַן דורך דעם, וואָס דער אַריינ־פאָר אין טונעל אויף דער ניו־יאָרקער זייט וועט גערופן ווערן פרימאַן־סקווער.

די אַרבעט פון טונעל איז פאַרענדיקט געוואָרן פון דעם אינ־זשיניער אָל סינגסטאָר, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין נאָר־וועגיען.

איינע פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון די אינזשיניערן

איז געווען צו מאַכן די גהעריקע איינריכטונגען פאַר דער ווענ־טילאַציע פון דעם טונעל. אזוי ווי דער טונעל ווערט דער עיקר גענוצט פון אויטאָמאָבילן, וועלכע לאָזן פון זיך אַרויס גיפטיקע גאַזן, וואָלט עס געקאָנט פירן דערצו, אַז די לופט זאָל דאָרט ווערן אַזוי פאַרגיפטעט, אַז מען זאָל איינפאַך נישט קאָנען פאָרן דורכן טונעל. מענטשן וואָלטן דערשטיקט געוואָרן.

די איינריכטונג איז אָבער אַזאַ, אַז די לופט ווערט שטענדיק געביטן, אַזוי, אַז מען וועט אָטעמען ווייניקער מיטן „קארבאָן דיאקסייד״, דעם גיפטיקן גאַז, וואָס די אויטאָמאָבילן לאָזן אַרויס, ווי אין גאַס.

פיר באַזונדערע געביידעס זענען געבויט געוואָרן, אין וועל־כע עס געפינט זיך די מאַשינעריע צו האַלטן ריין די לופט אין די צוויי טונעלן. פאַר יעדן פון די רערן זענען באַשטימט צוויי גע־ביידעס פון ביידע זייטן טייך.

עס זענען אויך געמאַכט געוואָרן ספּעציעלע איינריכטונגען צו באַלייכטן דעם טונעל.

דער טונעל איז נישט פריי, פאַר יעדן אויטאָמאָביל און פור דאַרף מען צאָלן.

די פרייזן זענען פון 25 סענט פאַר אַ מאָטאָציקל ביז צוויי דאָלאַר פאַר אַ שווערן וואָגן.

אַן אויטאָמאָביל פון זיבן פּאַסאַזשירן צאָלט פופציק סענט, אַ באָס אָדער אַ מיטעלער טראָק אַ דאָלאַר.

אין ביידע רערן זענען פאַראַן פּלאַץ פאַר צוויי רייען אויטאָ־מאָבילן. די לייכטערע און שנעלערע גייען אין איין ריי, און די שווערערע און לאַנגזאַמערע אין אַ צווייטער ריי.

דער טונעל האָט זייער פיל בייגעשטייערט צום עקאָנאָמישן לעבן פון ביידע שטאָטן.

פראַכטן, וואָס זענען ביז איצט געפירט געוואָרן אין וואַגאָנעס, געשלעפּט געוואָרן אויף לאַנגזאַמע שיפן, ווערן איצט געשיקט דורך דעם טונעל.

אין זיין טיפסטן פּלאַץ ליגט דער טונעל 72 פוס אונטערן וואַסער.

XXVI

# פילאַדעלפיע – די שטאָט, ווו עס איז געבוירן געוואָרן די אַמעריקאַנער פרייהייט

פילאַדעלפיע איז די גרעסטע שטאָט פון שטאַט פענסילווייניא. די דריט־גרעסטע שטאָט אין די פאַרייניקטע שטאַטן. א שטאָט, ווו עס איז געבוירן געוואָרן די אמעריקאנער פרייהייט.

די שטאָט ליגט צווישן די ביידע טייכן, דעלעווער און סקולקיל, און אומגעפער ביי א הונדערט מייל פון אטלאנטישן אָקעאַן, צוויי שעה רייזע פון ניו־יאָרק און בלויז א שעה רייזע פון פילאַדעלפיע קיין אטלאנטיק־סיטי, וואָס איז דער גרעסטער שפיל־פלאַץ אין דער וועלט. א שטאָט, וואָס האָט דעם ים ביי דער זייט, א שטאָט, וואָס איז פון 1780 ביז 1790 געוועזן די הויפּט־שטאָט פון די פאַרייניקטע שטאַטן צוליב דעם, וואָס דאָרט איז געבוירן געוואָרן און אונטערגעשריבן געוואָרן דער היסטאָרישער דאָקומענט, די „אומאָפּהענגיקייט־דעקלאַראַציע". אָט אַזאַ שטאָט מעג שטאָלצירן לגבי אַנדערע שטעט אין אמעריקע.

דאָך איז די שטאָט ווי א מין „שלאָף־צימער" פון אמעריקע. א שטאָט מיט אַזוי פיל היסטאָרישע געביידעס, מיט צוויי מיליאָן איינוווינער, איז באַקאַנט אלס די שטאָט פון „ברודער־ליבע", פון שטילקייט.

אַזאַ מזל האָט שוין פילאַדעלפיע, אַז יעדער חכמהט זיך אויף איר חשבון. דאָס איז דערפאַר, וואָס זי ליגט צו נאָענט צום וועלט־

ריז ניו־יאָרק. אָט די ריזיקע צווייבער־שטאָט ניו־יאָרק פאַרשלינגט אַלע אַנדערע שטעט, ספּעציעל פילאַדעלפיע, נואַרק און די אַרומיקע שטעטלעך, וועלכע וואָלטן אין אייראָפּע באַטראַכט געוואָרן פאַר „קראַך־שטעט".

די איינוווינער פון פילאַדעלפיע זענען זייער באַשיידן, אַזוי, אַז שטילערהייט האַלטן זיי זיך פאַר „פּראָווינצלער", נישט געקוקט דערויף, וואָס פילאַדעלפיע פאַרמאָגט ריזיק־שיינע שפּאַציר־גערט־נער, פּיינע, ברייטע גאַסן, ריזיקע באַזאַרן און האָטעלן, וועלכע וואָלטן געווען אַ צירונג, אַן אַטראַקציע פאַר די גרעסטע הויפּט־שטעט פון אייראָפּע און אַפילו פאַר אַמעריקע.

די שטאָט פילאַדעלפיע איז געגרינדעט געוואָרן פון דעם האָ־לענדישן קאַפּיטאַן, וויליאַם מאַרקהעם, אין יאָר 1681. ער האָט די שטאָט גערופן „וויקעקאָ". אַ יאָר שפּעטער איז אַהין געקומען וויליאַם פּען, וואָס האָט, אַלס אַרכיטעקט, געשאַפן דעם פּלאַן פון דער איצטיקער גרויסער שטאָט, און איר אַ נאָמען געגעבן: פילאַ־דעלפיע (די שטאָט פון ברודערלעכע ליבע). דער ערשטער קאָנ־טינענטאַלער קאָנגרעס איז דאָרט אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין יאָר 1774, איינס פון די היסטאָרישע יאָרן אין דער אַנטוויקלונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָרט האָט אויך דער ערשטער אַמעריקאַנער פּרעזידענט, דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, איבערגענומען די קאָמאַנדע איבער דער דעמאָלסטיקער אַמעריקאַנער אַרמיי, און דאָרט איז אויך פאַרפאַסט געוואָרן די אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע.

דאָרט געפינט זיך נאָך איצט, אין דער היסטאָרישער געביידע „אינדעפּענדענס האָל", דער טיש און דאָס בענקל, וועלכע וואַשינג־טאָן האָט באַנוצט.

די געביידע שטייט אין אַ גאָרטן, וואָס הייסט „אינדעפּענ־דענט־סקווער". דאָרט, אין דער געביידע, וואָס איז געמויערט גע־וואָרן פון רויטן ציגל, באַפּוצט מיט ווייסע, מאַרמאָרנע שמיינער, איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער ערשטער אַמעריקאַנער קאָנגרעס, און וואַשינגטאָן האָט דאָרט צום צווייטן מאָל אָפּגעגעבן די שבועה אַלס פּרעזידענט. דאָס איז אָבער נישט די איינציקע היסטאָרישע גע־ביידע. נישט ווייט פון דאָרט געפינט זיך דער „קאַרפּענטער־האָל",

וואָס האָט געדינט פאַר אדמיניסטראַטיווע צוועקן. איר קאָנט נאָך זען דאָס הויז פון „בעטסי ראָוז", ווו עס איז מאָדעלירט געוואָרן די ערשטע אַמעריקאַנער פאָן, וואָס איז מיט קליינע ענדערונגען פאַרבליבן ביז אין היינטיקן טאָג.

איז אייך דאָס נישט גענוג, קאָנט איר זען דעם „קריימט־משווירטש־סעמעטער". ווו עס ליגט באַגראָבן דער באַרימטער אמע־ריקאַנער דערפינדער און שטאַטסמאַן, בענדזשאַמין פרענקלין און זיין פרוי. די מצבות זענען די ערשטע ביים אריינגאַנג פון היסטאָ־רישן בית־עולם.

אָט די אַלע היסטאָרישע פּלעצער דינען איצט אַלס היסטאָ־רישע מוזעאומס, ווו יעדער איינער קאָן אריינקומען און אַלץ באַ־טראַכטן. איר קאָנט זען דעם ערשטן גלאָק, וואָס האָט אויסגעקלונ־גען פרייהייט פאַר אַמעריקע. אָט דער גלאָק, וואָס איז איצט גע־שפּאָלטן, פאַרנעמט אַ גרויסן פּלאַץ ביים אריינגאַנג פון „אינדע־פּענדענס־האָל". אָט די אַלע היסטאָרישע געביידעס, ווי אויך די מאָ־נומענטן, מאָלערייען און צייכענונגען, זענען פון גרויס וויכטיקייט פאַר מענטשן, וועלכע ווילן זיך באַקענען מיט דער אַנטוויקלונג פון אַמעריקע. אויב מען וויל, קאָן מען אָנרופן פילאַדעלפיע דעם שפּיגל פון אַמעריקע.

פילאַדעלפיע איז אין אמתן אַ „גלגול־שטאָט", ווייל זי איז נישט איין שטאָט, נאָר אַ גלגול פון פיר פאַרשידענע שטעט. די פיר גלגולים, וועלכע פילאַדעלפיע האָט דורכגעמאַכט, זענען פאַר־שידנאַרטיק. .זי האָט געביטן איר פּנים פון אַ הויפּט־שטאָט ביז אַ זייטיקער שטאָט פון ניו־יאָרק. זי איז איצט אַ מאָדערנע שטאָט מיט אַלערליי אינדוסטריעס און יאָגט זיך איבערצושטייגן שיקאַגאָ, וואָס האָט ביי איר צוגענומען די ירוין, אַלס די צווייטע שטאָט פון לאַנד. פאַרגעסן אָבער אַלע, אַז שיקאַגאָס גרויסקייט באַשטייט אין איר וווּיטקייט פון ניו־יאָרק; פילאַדעלפיעס „קליינקייט" באַ־שטייט אין איר נאָענטקייט צו ניו־יאָרק; קיין שיקאַגאָ פאָרט איר צוויי טעג, און קיין פילאַדעלפיע קוים צוויי שעה.

פילאַדעלפיע איז צוזאַמענגעשטעלט פון אַ סך דערפלעך און ציט זיך אויף אַ שטרעקע פון 38 מייל צו צפון און דרום פון טייך

דעלעווער, און צו מזרח ביז מערב פון טייך סקולקיל. זי איז אויס־געלייגט ווי א שאך־ברעט. די צוויי גרויסע טייכן זענען דער פונ־דאמענט פון פילאדעלפיעס גרויסקייט.

די טייכן באפרוכפערן א גרויסן שטח, וואס ציט זיך צפון און מערב, צו די בערג, אין וועלכע עס זענען פארבארגן די גרויסע נא־טירלעכע אוצרות פון פענסילווייניא, ווי האלץ, אייזן, קופער, אייל און קוילן. די צוויי גרויסע טייכן און די פענסילווייניא־באנען האבן געבראכט צום לעבן גרויסע אינדוסטריעלע צענטערס, וואס זייערע אדערן ציען זיך צו פילאדעלפיע־צענטערס, וועלכע ווארפן אפ שווערע מיליאנען הכנסה אויף טשעסטנאט־סטריט. פון דער צפון־מערב־זייט ליגט טרענטאן, וואס האט אין 1933 געליפערט פראדוקטן אין ווערט פון 46 מיליאן דאלאר, פון צפון־אלענטאן, מיט 49 און א האלבן מיליאן דאלאר פראדוקטן א יאר, בעטהעלעם מיט איר שטאל־אינדוסטרי, איסטאן און רעדינג מיט טשעסטער און ווילמינגטאן פון מערב־זייט, און אביסל ווייטער מיט פאטסוויל, הייזעלטאן, שעמאקין, סקרענטאן, ווילקסבערי, לענקעסטער, יארק און העריסבורג.

אט די אלע אויסגערעכנטע שטעטלעך זענען ווי א קוואל פאר פילאדעלפיע, וועלכע ווערט באטראכט פאר זייער הויפטשטאט. זיי, די איינוווינער פון די צענדליקער שטעט, קומען קיין פילאדעלפיע פונקט ווי די פילאדעלפיער קומען קיין ניו־יארק. לויט אן אפשא־צונג, וואס איז לעצטנס געמאכט געווארן, ווערט אנגעוויזן, אז איבער צוויי מיליאן מענטשן באשעפטיקן זיך מיט 320 פארשי־דענע פאכן אין 5600 פאבריקן, וואס האבן אין 1934 פראדוצירט ארטיקלען אין ווערט פון א ביליאן מיט הונדערט מיליאן דאלאר. אין דעם ווערן נישט אריינגערעכנט די אנדערע פרנסות ווי קונסט, וויסנשאפט, פרייע פראפעסיעס, האנדל און פינאנץ. דער אינדו־סטריעלער שטח פון פילאדעלפיע איז אזא גרויסער, אז ער פאר־נעמט 3,643 קוואדראט־מייל, אריינגעמענדיק אין זיך אכט גאנצע געגנטן, פינף פון זיי, פענסילווייניער, און דריי פון ניו־דזשוירזי. דאס איז דער דריטער גרעסטער אינדוסטריעלער שטח פון דעם אינדוסטריעלסטן פאלק אין דער וועלט. דאס אליין וואלט שוין גע־

קאָנט געבן פּילאַדעלפיע עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג. אָבער עס זענען דאָ נאָך פיר גרויסע סיבות, וועלכע מאַכן פון פילאַדעלפיע איינעם פון די וויכטיקסטע פּלעצער אין אַמעריקע. ערשטנס איז נישטאָ נאָך אַ געגנט אין אַמעריקע, אפשר מיטן אויסנאַם פון דער ניו־יאָרקער, וווּ אַ גרויסע צאָל אינדוסטריען זאָלן האָבן דערגרייכט, נישט קוקנדיק אויף דער שאַרפער קאָנקורענץ, מיט וועלכער זיי זענען אַרומגערינגלט, דעם ערשטן אָדער צווייטן ראַנג. אַ חוץ דעם איז פילאַדעלפיע די גרעסטע קאָנסומענט־שטאָט אין אַמעריקע.

דער עיקר איז די געאָגראַפישע סביבה פון דער שטאָט אַן אומפאַרגלייכבאַרע, ווייל דורך אַ נאַכט־רייזע מיט אַן אויטאָ, אָדער באַן אויף דער שטרעקע פון הונדערט מייל אַרום דעם מאַגיסטראַט, געפינען זיך 14 פּראָצענט פון אַמעריקאַס איינוואוינער, 10 פּראָצענט פון אַמעריקאַס היימען, 16 פּראָצענט פון אַמעריקאַס ראַדיאָ־היימען און 30 פּראָצענט פון אַמעריקאַס הורט־פּאַרקויף, אויף אַ שטח פון דריי הונדערט מייל קאָן פילאַדעלפיע דערגרייכן די וויכטיקסטע געשעפט־צענטערס פון די פאַרייניקטע שטאַטן.

פילאַדעלפיע פאַרמאָגט אַ סך וויכטיקע, גרויסע ענגלישע צייטונגען און זשורנאַלן. זי האָט אויך פּרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען, צווישן זיי יידישע צייטונגען, אַ לאָקאַלע צייטונג „די יידישע וועלט" און די ניו־יאָרקער צייטונגען. די שטאָט האָט גרויסע אוניווערסיטעטן און הויך־שולן, וועלכע האָבן אַ שם אין אַמעריקע.

פילאַדעלפיע ווערט אין דער אמתן באַטראַכט פאַר אַ גרויסן אינדוסטריעלן צענטער אין אַמעריקע. זי פאַרנעמט דעם ערשטן פּלאַץ אין דער פּראָדוקציע פון שיפן, לאָקאָמאָטיוון, שטאָל־אויס־אַרבעטונגען, טעקסטיל און טראַמווייען. 60 פּראָצענט פון אַלע מעדיצינישע און כירורגישע אינסטרומענטן ווערן דאָרט אויסגע־אַרבעט.

נישט געקוקט דערויף ווערט פילאַדעלפיע געהאַלטן פאַר אַן אַלטע שטאָט, פאַר דער „באָבע" פון אַמעריקע, און עס איז נישט קיין ווונדער, ווייל פילאַדעלפיע איז איינע פון די עלטסטע שטעט אין אַמעריקע.

פילאַדעלפיע שפּרודלט מיט „אַלטקייט". עס מאַכט דעם

איינדרוק, ווי אַלע היסטאָרישע סודות זענען איינגעוועבט אין די געביידעס. עס רעדט צו אייך אַ פאַרגאַנגענהייט. אויב אַלטקייט איז אַ קרוין, קאָן מען דאָס פון פילאַדעלפיע אַזוי לייכט נישט צונע־מען, זי איז דאָס וויגעלע פון אַמעריקאַס פרייהייט.

די אַלע וויכטיקע זאַכן, וואָס האָבן געהאָלפן צו שאַפן און אויסבויען די גרויסע אַמעריקאַנער נאַציע, זענען צוערשט געשאַפן געוואָרן אין פילאַדעלפיע. די „דעקלערײשאָן אָוו אינדעפּענדענט״, די קאָנסטיטוציע, דער ערשטער זיץ פון דער רעגירונג, פון קאָנ־גרעס, פון העכסטן געריכט, זיי זענען אַלע אַרויסגעצויבערט גע־וואָרן צום לעבן אויף יענעם שטיקל פּלאַץ, וואָס רופט זיך „אינ־דעפּענדענט־סקווער״, אין יענע פּאָר געביידעס, וועלכע ווערן אָפּ־געהיט פאַרן אייביקן אָנדענק, אַלס געבורטס־פּלאַץ פון דער גרויסער, פרייער אַמעריקע.

צווישן די איבער צוויי מיליאָן איינוואוינער אין פילאַדעלפיע געפינען זיך אַן ערך דריי הונדערט טויזנט יידישע איינוואוינער, וועלכע פילן זיך היימיש, זיי זענען איינגעבירגערט אין דער אַמע־ריקאַנער פּאָליטיק. די יידן דאָרט, פונקט ווי אין ניו־יאָרק, קליוו־לאַנד, אָדער אַנדערע שטעט, זענען אָרגאַניזירט אין חברות און לאַנדסמאַנשאַפטן. די שטאָט האָט אייניקע שולן. דאָרט איז געבוירן געוואָרן דער באַקאַנטער ברודער־אָרדן „ברית־שלום״, און דאָך איז דאָס יידישע לעבן נישט ווירקזאַם. די יידן דאָרט זענען היים־זיצערס, זיי גייען אַפילו זעלטן אין טעאַטערס, ווייל נאָך גיין אַזייגער ביינאַכט איז פילאַדעלפיע פּשוט אַ טויטע שטאָט. עס גע־פינט זיך דאָרט אַ יידיש טעאַטער, וווּ מען שפּילט נישט ערגער און זיכער נישט בעסער ווי אין אַנדערע שטעט אין אַמעריקע.

זונטאָג איז אין פילאַדעלפיע שטיל, ווי אין אַ „קלויסטער״. אַלץ צוגעמאַכט, מען טאָר, לויטן געזעץ, אַפילו קיין טעאַטער נישט שפּילן. די שטאָט האָט נישט קיין קאָפּע־הייזער, ווי ניו־יאָרק אָדער שיקאַגאָ, ווייל דאָרט פירט מען זיך, ווי עס פּאַסט פאַר „קוועי־קערס״, וועלכע זענען „פּוריטאַנער״ (אַ סאָרט רעליגיעזע סעקטע), מיט אַן אַמעריקאַנער אונטערשלאַק. זונטאָג איז אַ רו־טאָג אין פולן

זין פון ווארט, און אין קיין שטאט ווערט עס נישט אזוי אפגע־היט ווי אין פילאדעלפיע.

די דאזיקע שטילקייט הערשט אבער נישט נאר זונטאג, נאר איר פילט זי אפילו אין וואכן־טעג, נאך ניין אזייגער אין אוונט. די לעבעדיקסטע גאסן, ווי „מארקעט" אדער טשעסטנאט־סטריט, זע־נען אין די אוונטן, ווי אפגעשטארבן. די מענטשן זיצן אין זייערע שיינע רויט־ציגלדיקע הייזער, און טאקע דערפאר רופט מען די שטאט: דאס „שלאף־צימער פון אמעריקע".

ווי מיר האבן שוין באמערקט, האט די שטאט גרויסע פארקן; דער גרעסטער און דער שענסטער איז „פעירמאנט־פארק", מיט וועלכן פילאדעלפיע שטאלצירט, פונקט ווי מיט אירע היסטארישע געביידעס. דער פארק איז ווירקלעך שיין און האט ברייטע אלייען, איבער וועלכע עס לויפן טויזנטער אויטאמאבילן.

די הויפט־שטאט, דאס הייסט, דער „קעפיטאל" פון פענסיל־ווייניע־שטאט, איז „העריסבורג". א שטאט מיט איבער 80 טויזנט איינוואוינער, וואס איז ארומגערינגלט מיט די „אלאגעיני־בערג", און האט א גרויסע צאל יידישע איינוואוינער, וועלכע שעפן זייער גייס־טיקע נארונג פון פילאדעלפיע. דארט ווערן געמאכט די געזעצן פארן שטאט. די שטאט איז פאר פילאדעלפיע דאס, וואס די שטאט אלבאני פאר ניו־יארק, דארט געפינט זיך דער גאווערנאר, די שטאטס־געביידע, וווּ עס שאלטן און וואלטן די געזעץ־מאכער פון שטאט פענסילווייניא.

פילאדעלפיע איז ארומגערינגלט מיט פיינע, בליענדיקע שטעט־לעך, וועלכע וואלטן אין איירָאפּע געווען א צירונג, א „קראך", פאר זיך. אט נעמט אטלאנטיק־סיטי, דאס איז א שטאט פון פאר־געניגן און לייכטזין. אין אטלאנטיק־סיטי, פונקט ווי אין „קאני־איילאנד" ביי ניו־יארק, ווערן ערנסטע מענטשן לייכטזיניק און לוסטיק. דארט באהערשט אייך דער לוקסוס פון לעבן און איר וווּנ־דערט זיך איבער דעם משונה־ווילדן קאנטראסט צווישן פילאדעלפיע, די שטאט, וואס האט ווינער געמיטלעכקייט, אן דער ווינער סביבה, אן דער ווינער עלעגאנץ; און אטלאנטיק־סיטי, די שטאט פון לייכט־זין און ראפינירטקייט. נאך מער ווונדער איז, וואס די זעלבע

מענטשן, וועלכע זענען רואיק און האַלב־פאַרשלאָפן אין פילאַדעלפיע, ווערן פלוצלינג אויפגעלעבט און לוסטיק, ווען איר דערזעט זיי אין אַטלאַנטיק־סיטי.

באַלד, ביי דער צווייטער זייט, צווישן פילאַדעלפיע און העריסבורג, „דערשמעקט" איר דאָס שאָקאָלאַדן־שטעטל, וואָס רופט זיך „הוירשי", לויטן נאָמען פון דעם באַרימטן שאָקאָלאַדן־פאַבריקאַנט מ. ס. הוירשי. דאָס שטעטל האָט נישט מער ווי צוויי טויזנט איינוווינער, און ערשט 33 יאָר אַלט. דאָס שטעטל רופט מען: דאָס שאָקאָלאַדן־קעסטעלע פון די פאַרייניקטע שטאַטן. עס איז אַ חנעוודיק שטעטעלע, וואָס ליגט אין אַ טאָל און פאַרפומירט די גאַנצע געגנט מיט אַ שאָקאָלאַדן־ריח. טויזנטער מענטשן קומען באַזוכן דאָס שטעטל, וואָס איז אויפגעבויט לויטן מאָדערנעם מוסטער פון אַרכיטעקטור, און מאַכט דעם איינדרוק פון אַ „באָמבאָניערקע", אַ שאָקאָלאַדן־קעסטעלע.

XXVII

# באָסטאָן – די פעסטונג פון פּוריטאַניזם

באָסטאָן איז די הויפּט־שטאָט פון מאַסאַטשוזעטס־שטאַט, וואָס האָט נישט מער ווי 800 טויזנט איינוואוינער און ווערט באַטראַכט פאַרן יורד צווישן די שטאַטן.

דאָך איז באָסטאָן איינע פון די אינטערעסאַנטסטע שטעט אין אַמעריקע. זי איז באַקאַנט אַלס אַ היסטאָרישע שטאָט, פּונקט ווי פילאַדעלפיע.

באָסטאָן איז, אַזוי צו זאָגן, דאָס וויגעלע פון אַמעריקאַנער פרייהייט, זי איז די ערשטע שטאָט אין אַמעריקע, וווּ עס האָבן זיך באַזעצט די מרגלים. די אַמעריקאַנער רעוואָלוציע האָט זיך דאָ אָנגעהויבן.

מיר האָבן צווייערליי באָסטאָנס, אָדער מיט אַנדערע ווערטער: באָסטאָן איז צוויי־פּנימדיק. די ערשטע געשיכטע דערציילט אונז וועגן באָסטאָן, וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער אַבאָליציאָנס־באַוועגונג פאַר דעם בירגער־קריג, און אַפּטאָן סינקלער שילדערט, אין זיין בוך וועגן סאַקאָ און וואַנצעטי, דאָס איצטיקע באָסטאָן, וואָס איז דער ווידערשפּרוך פון אַמאָליקן באָסטאָן, דאָס וויגעלע פון פרייהייט.

קומט מען קיין באָסטאָן, וויל מען נאַטירלעך אָנקוקן די היס־טאָרישע פּלעצער, דענקמעלער און היסטאָרישע טאַבעלן, וועלכע

דערציילן געשיכטעס פון די יונגע יאָרן פון דער אַמעריקאַנער גע־שיכטע.

איך געדענק באָסטאָן פון מיינע „גרינע יאָרן". דאָס איז גע־ווען מיט 32 יאָר צוריק. דאָס איז געווען די ערשטע שטאָט אין אַמע־ריקע, וווּהין איך בין אַריינגעפאָרן. עס זענען נאָך דאַן נישט גע־ווען קיין באַן־עלעוועיטאָרס (הויך־באַנען) און קיין טונעלן. די שיינע בולוואַרן און אַנדערע איינריכטונגען, וואָס באַשיינען איצט די שטאָט, זענען דאַן נישט געווען. באָסטאָן האָט אָבער דעמאָלט שטאָלצירט מיט איר רייכער געשיכטע, מיט אירע העלדישע אויפ־טואונגען אין דער רעוואָלוציע קעגן ענגלאַנד.

מיינע אויסגעגרינטע קרובים האָבן באַלד מיר גענומען ווייזן די היסטאָרישע פּלעצער אין באָסטאָן און מיר דערציילט וועגן זייער אינהאַלט.

אויף סיילער־סטריט, וווּ יידן האָבן קראָמען, האָט מען מיר אָנגעוויזן אויף דער קירכע אין יענער גאַס, וועלכע שטייט נאָך פון פאַר דער רעוואָלוציע. אויף דעם שפּיץ פון יענער קירכע האָט מען אָוועקגעשטעלט אַ לעמפּל אָנצווייזן דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי וווּ דער שונא געפינט זיך.

מען האָט מיר געוויזן דעם פעניועל־האָל. דאָס איז דער זעל־ביקער זאַל, וווּ דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, דער ערשטער פּרעזידענט פון אַמעריקע, האָט אָפּגעהאַלטן מיטינגען, וווּ מען האָט געפּלאַנע־וועט די רעוואָלוציע. די „אָלד סאַאוט מיטינג האַוז" אויף וואַ־שינגטאָן־סטריט, וווּ די באָסטאָנער רעוואָלוציאָנערן האָבן אָפּגע־האַלטן אַ מיטינג און באַשלאָסן דורכצופירן די באַרימטע באָסטאָ־נער „טיי־פּאַרטי". זיי האָבן אַריינגעוואָרפן אין ים די טיי, וואָס איז אָנגעקומען פון ענגלאַנד.

דעם 17־טן יוני איז אַ גרויסער יום־טוב אין באָסטאָן. אין דעם טאָג פייערט מען דעם אָנדענק פון דער שלאַכט אויף „באָנ־קער היל". מען האָט מיך געפירט קיין טשאַרלסטאָן. דאָ האָב איך געזען די גרויסע פּאַראַדן, די פייערווערק און דעם גרויסן הויכן דענקמאָל, וואָס איז געשטעלט געוואָרן צום אָנדענק פון יענער שלאַכט אין אָנהויב פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע.

מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער פּייערט מען מיט גרויס פּאַראַד דעם יום־טוב פון 4־טן יולי. דער 4־טער יולי ווערט באַטראַכט פאַר אַ נאַציאָנאַלן יום־טוב אין אַמעריקע, אָבער אין קיין שום שטאָט פּייערט מען נישט דעם יום־טוב מיט אַזאַ צעפלאַקערטקייט, ווי אין באָסטאָן.

באָסטאָן איז אָנגעפּיקעוועט מיט דענקמעלער פון אַמעריקאַנישע פרייהייטס־קעמפּער. אָט איז דער דענקמאָל פון טאָמאַס פּעין. איך האָב שוין דערמאָלט אַ סך געהאַט געהערט און געלייענט פון טאָמאַס פּעין, זיין ביכל: „ריינער פאַרשטאַנד" האָט מיך פּשוט אָנגעצונדן. לאַנג האָב איך געקוקט אויף דער סטאַטוע. דאָס איז געווען פּעין, וואָס האָט דער ערשטער אין אַמעריקע דערקלערט: „די וועלט איז מיין פאָטערלאַנד". ער איז געווען אַן אמתער פרייהייטס־קעמפּער, וואָס האָט ליב געהאַט אַלע מענטשן.

מאַסאַטשוזעטס, די היים פון יענקי, די פעסטונג פון פּוריטאַניזם, דער געבורטס־שטאָט פון אוניטאַריאַניזם, איז געוואָרן אַ קאַטוילישע פירשטנטום מיט אַ קאַטוילישן קאַרדינאַל אַלס פירשט. דאָס דערקלערט פיל פון דער ירידה פון מאַסאַטשוזעטס. דאָס דערקלערט פאַרוואָס באָסטאָנער ביבליאָטעקן האַלטן נישט קיין ביכער וועגן דער שפּאַנישער אינקוויזיציע. דאָס דערקלערט פאַרוואָס מאַסאַטשוזעטס האָט אַזאַ שטרענגע צענזור אויף ביכער און אויף טעאַטער. דאָס דערקלערט אַפילו די ביטערע באַנעמונג פון מאַסאַטשוזעטס צו סאַקאָ און וואַנזעטי, ווייל אין די אויגן פון דער מאַסאַטשוזעטסער אַריסטאָקראַטיע, וועלכע האָט פאַראורטיילט סאַקאָן און וואַנזעטין, זענען די צוויי מענער געווען עפּעס מער ווי בלויז אַנאַרכיסטן. זיי האָבן מיט זיך רעפּרעזענטירט דעם קאַטוילישן ערב־רב, וועלכער נעמט איבער די הערשאַפט איבערן שטאָט.

דאָס זענען איינדרוקן, וועלכע איך באַקומט ווען איך באַקענט זיך נענטער און טיפער מיטן לעבן און ווירקן פון די איינוווינער אין באָסטאָן און מאַסאַטשוזעטס בכלל.

באָסטאָן, פּונקט ווי די מערסטע אַמעריקאַנישע שטעט, איז אַרומגערינגלט מיט אַ סך קלענערע שטעטלעך, איינס פון זיי איז אַ ייִדיש שטעטל, וואָס הייסט „ט ש ע ל ס י", דאָס איז

פונקט ווי בראָנזוויל נעבן ניו־יאָרק, דאָרט וווינען יידישע אַרבעטער און קרעמערלעך. באָסטאָן האָט אויך שיינע פּאַרקן, פיינע ים־פּלעצער, וווּ דער עולם באָדט זיך זומער, פונקט ווי די ניו־יאָרקער אין קאָני־איילענד.

באָסטאָן איז אויך באַוווּסט מיט אירע קרומע און שמאָלע גאַסן.

די קרומע גאַסן, האָט מען מיר דערציילט, האָבן זיך גענומען פון דעם, וואָס די אַמאָליקע יענקים פּלעגן שיקן זייערע קי זיך פּיטערן אויפן „באָסטאָן קאָמאָן". דאָס איז דער גרויסער פּאַרק אינמיטן שטאָט. די קי האָבן אויסגעטראָטן די גאַסן פאַר די שפּעטערדיקע איינוווינער פון באָסטאָן.

באָסטאָן האָט אויך שיינע גאַסן. דאָרט וווינען די רייכע. קאָמאָנוועלט־עוועניו איז איינע פון די שענסטע גאַסן אין דער וועלט. דאָס איז אַ ברייטע גאַס. שיינע הייזער, מיט אַ פּאַרק, וועלכער ציט זיך אין צענטער פון גאַס מיט שורות פון ביימער. היסטאָרישע דענקמעלער ציען זיך איבער דער לענג פון דער גאַס. עס זענען דאָ נאָך אַזוינע שיינע גאַסן, וווּ די רייכע וווינען.

עס איז שיין און אַנגענעם צו שפּאַצירן איבער די גאַסן פון באָסטאָן און לייענען די אויפשריפטן אויף די דענקמעלער און טאַבעלן, וועלכע דערציילן אייך פון די הויכע אידייען, וואָס די גרינדער פון אַמעריקע האָבן געהאַט. אויף אַ זאַל אין אַפּעלטאָן־סטריט איז דאָ אַ ביוסט פון טאָמאַס פּעין, איינער פון די ערשטע קעמפער פאַר אַמעריקאַנער פרייהייט. אויף אַ טאַבעלע דערנעבן זענען אויסגעקריצט זיינע ווערטער: „די וועלט איז מיין פאָטערלאַנד, און מון גוטס איז מיין רעליגיע".

אויף קאָמאָנוועלט־עוועניו געפינט זיך דער דענקמאָל פון גרויסן קעמפער קעגן שקלאַפעריי, וויליאַם לאָיד גערריסאָן. ער זיצט אויף אַ שטול, און זיינע ווערטער זענען אויסגעקריצט אויף דעם דענקמאָל, וואָס דאַרף זיין אמת היינט, ווי דעמאָלט. דאָס זענען ליבע, האַרציקע ווערטער: „מיין לאַנד איז די גאַנצע וועלט, מיינע לאַנדסלייט — די גאַנצע מענטשהייט".

דאָס זענען געווען די ווערטער פון דעם קעמפּער פאַר גלייכ־הייט פון מענטשן, אָן אונטערשייד פון קאָליר און ראַסע.

איך פלעג לייענען די ווערטער און נאָכזוכן די פּאַסירונגען אין די געשיכטע־ביכער. מיין פאַנטאַזיע פלעגט מיך אַוועקטראָגן צוריק צו יענעם שיינעם באָסטאָן, אין וועלכן יענע פריהייט־קעמפער האָבן געלעבט.

פון די ערשטע ביכער, וואָס איך האָב געלייענט אין ענגליש, איז געווען בעלאַמיס באַרימט בוך: „לוקינג בעקוואַרד״ (קוקנדיק צוריק), ווו עס ווערט דערציילט, ווי אַזוי אַ מאַן איז אַפּגעשלאָפן אַ הונדערט יאָר, איז דערנאָך אויפגעשטאַנען און האָט געפונען באָסטאָן איינגאַנצן אַן אַנדערע. אָנשטאָט די ענגע טענעמענט־הייזער האָט ער געפונען שיינע, געראַמע הייזער, מיט גערטנער אַרום יעדן הויז. גליקלעכע מענטשן אומעטום. נישטאָ קיין אָרעמ־קייט און קיין עקספּלואַטאַציע. אַלץ איז געווען געענדערט. דאָס איינציקע, לויט וואָס ער האָט דערקענט באָסטאָן, איז געווען דער טשאַרלס ריווער, וואָס איז געבליבן ווי געווען. דער העלד אין בוך, מר. וועסט, געפינט אויס, אַז דאָס איז געווען נישט מער ווי אַ חלום. ער פרעגט זיך אָבער, פאַרוואָס קאָן אין דער ווירקלעכ־קייט נישט זיין אַזאַ שיין באָסטאָן, ווי ער האָט געזען אין חלום?

דאָס בוך האָט אויף מיר געהאַט אַ גרויסע ווירקונג, און איך האָב אָפט געטראַכט וועגן דעם, ווי שיין באָסטאָן וואָלט געקאָנט זיין, ווען מען וואָלט געקאָנט אויפלעבן די אַלטע טראַדיציעס פון דער שטאָט און דורכפירן די אידעען פון די פיליפּסעס, גע־ריסאָנס און פּעינס.

אַלץ ענדערט זיך און פון באָסטאָנס אמאָליקן רום איז גע־בליבן בלויז דער נאָמען און די היסטאָרישע געביידעס און סטאַ־טועז.

בלויז די שאָלעכץ פון אמאָליקן מאַסאַטשוזעטס עקזיסטירט. ווי לאַנג צוריק איז באָסטאָן געווען דאָס אַטען פון אַמעריקע! אין די זיבעציקער יאָרן איז באָסטאָן געווען די היים פון דער גרעסטער גרופּע שריפטשטעלער, וואָס אַמעריקע האָט ווען פאַרמאָגט: טיקנאָר, באַנקראָפט, פּאַרקמאַן, עמערסאָן, לאָנגפעלאָו, האָלמס,

ווהיטיער. פאַר זיי האָבן אין באָסטאָן געוווינט דער גרויסער היי־סטאָריקער פּרעסקאָט און דער גרויסער נאָוועליסט האַוטהאָרן; נאָך זיי זענען געקומען: טשאַרלס עליאָט, וויליאַם דזשיימס האָועלס און אַנדערע. באָסטאָן איז דאַן געווען אַ צענטער פאַר טעאַטער און קונסט. היינט באַלעבאַטעוועט איבער באָסטאָן די גרעסטע רעאַקציע. מען האָט מורא פאַר אַ נײַ וואָרט. טאָמאַס פּעין איז טריפה. ער איז צופיל רעוואָלוציאָנער.

אַלץ האָט זיך אין מאַסאַטשוזעטס געביטן, און האַלט נאָך ער־היום אין איין ביטן זיך. וועלדער זענען פאַרניכטעט געוואָרן, צו מאַכן פּלאַץ פאַר פאַרמס, פאַרמס זענען פאַרניכטעט געוואָרן, צו מאַכן פּלאַץ פאַר שטעט. אַרום און אַרום געפינען זיך היינט אין מאַסאַטשוזעטס בײַ צוויי און דרייסיק טויזנט פאַרמס, וואָס זייער גאַנצע גערעטעניש האָבן נישט דעם ווערט פון זעכציק מיליאָן דאָ־לער אַ יאָר. פינף און ניינציק פּראָצענט פון דער מאַסאַטשוזעטסער באַפעלקערונג וווינען אין שטעט. מאַסאַטשוזעטס איז אַן אינדו־סטריעלער שטאַט; ער עקזיסטירט אין גאַנץ אַ גרויסער מאָס פון טעקסטיל־פּראָדוקציע. לעצטנס, זינט די טעקסטיל־אינדוסטריע האָט אָנגעהויבן זיך אַריבערקלייבן קיין דרום, הערשט אין מאַ־סאַטשוזעטס וואָס מיר וואָלטן געקאָנט אָנרופן אַ פּסרדיקיר עקאָנאָמישער קריזיס. עס נייט אָן אַן איביקע סדרה פון שטרייקן, לאָקאַוטן און קאַמף. צו דער קולטורעלער ירידה איז צוגעקומען אַן עקאָנאָמישע ירידה.

מאַסאַטשוזעטס איז אַ יורד, און אַ שטאַט אַ יורד איז אפשר אַ נאָך מער נעבעכדיקע זאַך, ווי אַ מענטש אַ יורד.

באָסטאָן איז בכלל אַרומגערינגלט מיט וואונדערבאַרע שטעט און שטעטלעך. ווען איר פאָרט מיט דער באַן פון ניו־לאָנדאָן, קענעטיקוט־שטאַט, קיין ווגסטער, מאַסאַטשוזעטס, קומט איר אַריין אין אַ גרויסן פאַבריק־צענטער. דאָרט, אין ווגסטער, גלייען זודי־קע קעסלען, מעטאַלן ווערן דאָ געשמאָלצן און איבערגעשמאָלצן, געגאָסן און געפורעמט. שטאָל, צין, קופּער, אייזן! ווגסטער איז איינע פון די וויכטיקסטע פאַבריק־שטעט פון ניו־ענגלאַנד־שטאַטן.

נאָך איידער איר קומט אַריין אין שטאָט, דערזעט איר שוין הויכע קוימענס; ווי העלזער שטעקן זיי אַרויס צום הימל. איר זעט דאָ טעקסטיל־פאַבריקן. איר הערט דאָס זשומען פון די מאַשי־נען. אין דער שטאָט וווינען איבער דריי הונדערט טויזנט איינ־וווינער. אָט אַזעלכע שטעט פאָרט איר פאַרביי אויפן וועג פון ניו־יאָרק קיין באָסטאָן.

# XXVIII

## פלאָרידע — די אַמעריקאַנער ריוויערע

פלאָרידע! מיליאָנען מענטשן חלומען וועגן דעם גן־עדן אויף דער וועלט. וויסן מעגט איר, אַז אַמעריקע איז נישט נאָר רייך און גרויס, נאָר דאָס לאַנד האָט אַלערליי קלימאַטן, אַלערליי ערד־, וואַלד־ און וואַסער־פאָרמאַציעס, פון די העכסטע בערג ביז די פלאַכסטע און איינגעקאָרטשעטסטע קאַקטוס־ביימ׳זר. אַלץ איז פאַראַן אין אונזער לאַנד. ווילסטו, קאָנסטו אין ווינטער טראָגן זומער־קליידער, זיך באָדן אין ים. דאָס איז אַ נס! דאָס איז אַ וווּנדער! אַכט שעה אין אַן אַעראָפּלאַן פון ניו־יאָרק ביסטו אין מיאַמי־ביטש און זעסט ווי מענטשן געניסן די שיינקייט פון אייביקן זומער.

קיין פלאָרידע קאָן מען פאָרן מיט באַנען, שיפן און אַעראָפּלאַנען, מ׳קען פאָרט אויך מיט אויטאָבוסן, מיט אויטאָמאָבילן. אַלע וועגן פירן אייך אין דעם פּרעכטיקן גאָלדענעם פלאָרידע.

עס פאַרשטייט זיך, אַז מען קאָן נישט באַשרייבן אַלע וווּנדער פון אַמעריקע, ווייל אַמעריקע פאַרמאָגט נאַציאָנאַלע שטאָטישע פּאַרקן, נאַציאָנאַלע וועלד׳ער. און וואָס נישט? ווינטע׳ר, ווען די „איסט” ווי ניו־יאָרק, אָדער שיקאַגאָ, וואָס איז שוין די מיטל־וועסט, ווערט געפרוירן פון קעלט, קאָן מען זיצן אונטער פּאַלמען און קאַקטוסן, און איינזאַפּן אין זיך טראָפּישע לופט, טרינקען פרישע אָראַנזשען־זאַפט און זיך וואַרעמען אין די שטראַלן פון

דער זון. די נאַטור אין פלאָרידע, די לופט, איז מילד, אַזוי מילד, אַז איר פילט אַפילו נישט די ים־לופט. אַלץ איז דאָ מערקווירדיק און מיר דוכט, אַז די בלומען אין פלאָרידע גיבן אויך נישט אַרויס קיין שום דופט, ווייל אַלץ שמעקט, אַלץ צערטלט אייך און לאַשטשעט אייער נשמה. אַלץ איז דאָ „שטום" און „טויב", כאָטש אויסגעפּוצט ווי אַ כלה־מויד, וואָס גייט צו דער חופה. דאָ איז אייביק יום־טוב! דאָ איז אייביק זומער — אייביק יונג! די פּאַל־מען זענען אַלע מאָל טרוקן און דאָך שיין און באַצויבערנדיק.

אין פלאָרידע וועט אייך די נאָז נישט דינען אַלס וועג־ווייזער. ווי שאַרף אייער חוש זאָל נישט זיין אַנטוויקלט, קאָנט איר זיך דערוויף נישט פאַרלאָזן, אַז דער חוש זאָל אייך פירן, למשל, צום ים אָדער וועלדלעך, ווי דאָס איז, למשל, דער פאַל אין קאָני־איילענד, אָדער אין אַטלאַנטיק־סיטי, וווּ אייער נאָז „פירט" אייך צום ים. איר דערשפּירט דעם ים מיילן ווייט, בעת אין פלאָרידע „עסט" די לופט אַלץ אויף. די שטראַלן פון דער זון טריקענען און „פּאַרמישן" אַלע גערוכן אין אַ מילדער לופט.

דאָס איז אַזוי מערקבאַר, אַז אַפילו די עקזאָטישע פּרוכט פון פלאָרידע, די באַרימטע און שטאַרק־רעקלאַמירטע „פּאַפּאַיאַ", האָט אויך קוים־קוים וועלכן עס איז דופט. די הויפּט־אינדוסטריע פון פלאָרידע איז קלימאַט און וואַסער, דאָס זענען די רעלסן, וועל־כע פירן אַלץ און אַלעם.

איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך, פּונקט ווי מיליאָנען אַנ־דערע מענטשן, זענען פאַרליבט אין דער דאָזיקער געגנט, וווּ פון דער ערד קוקט אַרויס שפע און זאַטקייט און דער מענטש איז דאָרט אַ חלק פון דער ערד. ער ווערט באַלוינט פאַר דער פּראַצע, וואָס ער לייגט אַריין אין דער ערד אין פלאָרידע. אַזעלכע זאַטע, רייכע, שיינע, בליִענדיקע געגנטן זענען פאַראַן אַ סך אין פלאָ־רידע, פּונקט ווי אין קאַליפאָרניע אָדער טעקסעס, וווּ די פעלדער בליִען שטענדיק, וווּ עס וואַקסן פּרוכטן און בליִען ביימער.

פאַראַן צוויי פלאָרידעס: איינע, וועלכע איז, ווי מען זאָגט, אַ רעקלאַמירטע פלאָרידע, און אַ פלאָרידע, וואָס אַרבעט און אַקערט מיט דער נאָז צו לעבן. איר טרעפט דאָ אַ גרויסע צאָל

אָרעמע מענטשן. ווי זאָגט מען דאָס, — פלאָרידע איז אַ וועלט פאַר זיך, אָבער אַן אָרעמע וועלט. פלאָרידע לעבט פון די געסט, וואָס קומען אהער ווינטער פון יענעם טייל אַמעריקע, ווו עס איז קאַלט. זיי, די געסט, קומען אהער זיך וואַרעמען, רוען און זיך היילן. זעען טאַקע די שטעט אויס צוגעפּוצט, די בעלי־הבתים, ווי די אָנגעשטעלטע פון די „פּאַנסיאָנען" און האָטעלן, ווי די קעלנער אין די קאַפע־הייזער און רעסטאָראַנען, זענען גרייט צו באַדינען די „פרעמדע", — אַלץ שטייט דאָ אויף די שפּיץ־פינגער פאַר די פרעמדע, פאַר די געסט.

ארום די וואָקזאַלן אין די פאַרשידענע שטעטלעך אין פלאָרידע איז שטענדיק ווי אַ יאַריד, מענטשן קומען און פאָרן אַוועק. עס טומלט זיך ווי אויף אַ קליינשטעטלדיקער חתונה... די געסט זעען בלויז דאָס שיינע, דאָס בליִענדיקע פון פלאָרידע. מענטשן, וואָס קוקן ווייטער, ווי זייער שפּיץ־נאָז, זעען עפּעס מער, ווען זיי פאָרן צווישן די פאַרמער, וואָס אַרבעטן. דאָרט באַמערקט מען שוין אַן אַנדער פלאָרידע, דאָרט זעט מען דלות און טרויער, ווייל דאָס זענען מענטשן, וואָס זענען געקומען אַרבעטן, זייערע עלטערן זענען געווען פּיאָנערן, וואָס האָבן אויסגעוואָרצלט די ביימער, אויסגערייניקט די ווילדע געוויקסן. זיי האָבן צוגעגרייט שפּייז פאַר די „געסט", וואָס קומען רוען און וואַרעמען זיך אין פלאָרידע. אַזוי איז עס און אַזוי וועט עס זיין. איר זעט דאָ קליינע הייזער, וועלכע די פאַרמער האָבן מיט זייערע אייגענע הענט געבויט און זיי זעען פלאָרידע מיט אַנדערע אויגן...

מיר איז אויסגעקומען צו רעדן מיט אַן אייזן־אַרבעטער, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין מיאַמי, ער האָט זיך, זייט ער לעבט, נישט מער ווי צוויי מאָל געבאָדן אין ים. ביי מיר איז דאָס נישט קיין אַטראַקציע, — האָט דער יונגער, מוסקוליעזער אַרבעטער דערקלערט. ער זעט דעם ים שוין 45 יאָר, ער איז געבוירן ביים ים, ער וווינט און לעבט ביים ים, און ער זעט נישט קיין וווּנדער אין דעם אַלעמען, וואָס מיר פון דער איסט באַוווּנדערן...

קומט איר אַריין אין מיאַמי־ביטש, וואָס ליגט איבער אַ בריק, ווי, למשל, קאָני־איילענד ביי ניו־יאָרק. מיאַמי, דאָס איז די שטאָט,

און מיאַמי־ביטש איז דער אינזל, וווּ מען קומט זיך באָדן און אַמוזירן.

דער צענטער פון מיאַמי־ביטש איז ווי אַ ליאַלקע, אויסגעפּוצט פאַר די געסט און טוריסטן, אָבער ווען איר פאַרבלאָנדזשעט אין זייטיקע געסלעך, דערקענט איר נאָך שפּורן פון דער שפּאַנישער קולטור און סטיל. נישט מער, וואָס אָנשטאָט לעבנסלוסטיקע און פלינקע שפּאַניער, שטויסט איר זיך אָן אין פוילע נעגער און דיקע נעגערינס. דער נעגער־קוואַרטאַל אין מיאַמי־ביטש איז אפשר דער אָרעמסטער, וואָס עס קומט אויס צו זען, ווען מען פאָרט איבער אַמעריקע. דאָ זענען די נעגער אָפּגעזונדערט פון די ווייסע און מען זעט זייער דלות און נויט אַזוי בולט, אַז ממש עס שטעכט די אויגן.

ווי מען זאָגט אונז אין די שול־ביכער, איז דזשעקסאָנוויל דער טויער פון פלאָרידע, פונקט ווי „עלים־איילאַנד" איז באַקאַנט אַלס דער טויער צו אַמעריקע. דער אמת איז, אַז פון דזשעקסאָנוויל הויבט זיך אָן דאָס לאַנד פון שטענדיקער זון און פון אייביקער פראַכט. די שטאָט איז אָבער ענלעך צו אַלע אַנדערע שטעט אין פלאָרידע און די גרעסטע אַטראַקציע זענען די פּאַלמע־ביימער, וועלכע זענען נידעריקע ביימער, וואָס וואַקסן ביי דער ערד און הויכע ביימער, וואָס שפּרייטן אויס זייערע בלעטער ווי אָדלערס זייערע פליגל. דאָ זענען די ביימער נישט קיין נאָווינע. דאָ זעט איר די ביימער גאַס־איין און גאַס־אויס.

איר פאָרט פון שטאָט צו שטאָט אין פלאָרידע; איר גייט פון קוואַרטאַל צו קוואַרטאַל, אומעטום זעט איר שיינע ווילעס, שיינע ביימער, טראָפּישע פלאַנצן, רייכע רעסטאָראַנען און אויסער די שטייט, דערזעט איר די אָרעמע נעגער־קוואַרטאַלן, חורבות, האַלב־געבוידעס, בודקעס, רויטע ציגלנע קאַזאַרמעס, מיט צעלעכערטע ווענט, מיט צעבראָכענע שויבן, מיט שמוציקע הילצערנע שטיגן ווי איר זעט עס אין די דערפער פון פוילן אָדער ליטע.

די דאָזיקע קאָנטראַסטן צווישן רייכטום און לוקסוס און נויט און עלנט זעט איר איבער גאַנץ פלאָרידע, וואָס ווערט רעקלאַמירט אַלס דאָס לאַנד פון פּאַלמען און זון־שטראַלן. דאָ איז

כאראקטעריסטיש פאר גאנץ אמעריקע, ווּ רייכטום און דלות רייבן זיך די עלנבויגנס. אָט זעט איר אַ ים מיט קאָלירן, בלומען, פּאַלמען, פּאַלאַצן, אַ דופּטנדיקע לופט, אַ הערלעכע זון — אַ גן־עדן אויף דער ערד. איר געפינט זיך אין אַ קעניגרייך פון בלומען. איר זעט דעם שענסטן ים, וואָס איר האָט ווען געזען. און גלייך נאָך די אַלע שיינקייטן און רייכטימער דערזעט איר אָרעמקייט און גרויע נויט, וועלכע דערוועקט אין אייך רחמנות צו די אָרעמע מענטשן, וואָס לעבן אין אַ לאַנד פון אייביקן זומער אַ „שטענדיקן ווינטער"...

איר זעט גרופּן שוואַרצע מענער און פרויען, איינגעוויקלט אין טראַנטעס. זיי שטייען ביי די פּריזבעס פון די צעבראָכענע הייזער, גרופּן שפּאַצירן אין די גאַסן און אַפילו אין זייער לאַבן דערהערט איר טענער פון טרויער...

מיאַמי־ביטש, פּונקט ווי דזשעקסאָנוויל, אָדער סט־פּעטערס־בורג, האָט רייכע קוואַרטאַלן. איר זעט דאָ הייזער איינגעטונקען אין בלומען און אַרומגערינגלט מיט פּאַלמען־ביימער, איר זעט גלאַנצנדיקע אויטאָמאָבילן איבער די גאַסן. מען זעט דאָס שענסטע און דאָס רייכסטע. איר זעט ווי מען באָדט זיך אין רייכטום, מען טרינקט שאַמפּאַניער אונטערן קלאַנג פון גרויסע אָרקעסטערס, און 20 מינוט מיט אַן אויטאָמאָביל, דערזעט איר שוין די נעגער־קוואַר־טאַלן. איר דערזעט אָרעמקייט און גרויע נויט. פלאָרידע איז די אַמעריקאַנישע ריוויעראַ, נאָר אויף דעמאָקראַטישע יסודות, דאָ מישט זיך לוקסוס מיט דלות, „שטויב" מיט זונענשיין...

ווען מ׳איז קומט אין „מיאַמי־ביטש", אָדער אין אַנדערע שטעט, באַווייזן זיך גלייך הײמישע יידן, וואָס ווייזן אייך אַלץ, זיי לאָזן נישט דורך קיין ווינקעלע, זיי ווייסן אַלץ, זיי ווייסן וועגן יעדן בוים, זיי פירן אייך ווייזן זעלטענע פּאַלמעס און די משונה־דיגסטע פלאַנצן. עס איז דאָ וואָס צו ווייזן און עס איז דאָ אויף וואָס צו קוקן. מען נעמט אייך אין אַ געגנט, וואָס הייסט „קאָראַל־גייר־בעלס", דאָס איז אַ פאַנטאַסטיש־שיין מעשהלע, אַ גן־עדן אין אַ גן־עדן, אַ כשוף־פּלאַץ, ווּ עס לעבן די רייכע אין צעלאָזענעם ווילטקייט. פּאַלאַצן, ווילעס, איינע שענער פון צווייטן. פאַרשידענע

סטילן, אָריענטאַלישע און שפּאַנישע, גאָטישע און רוימישע, נאָר נישט קיין אַמעריקאַנישע. מיר זעען דאָ יאַפּאַנעזישע און װענעציאַנישע גערטנער. דאָ שפּילט זיך און טאַנצט די אַמעריקאַנישע יוגנט אין אַ װילדן געמיש פון קאָלירן...

דאָס אַלץ איז פּשוט אומבאַשרייבלעכער פּראַכט, אומבאַגרייפּבאַרער לוקסוס. עס איז פּשוט אַ גן־עדן פאַר די פּוסט־און־פּאַסניקעס פון אונזער גרויסן און רייכן לאַנד אַמעריקע. די, װאָס װוינען אין ניו־יאָרק, אָדער אין אַנדערע שטעט, קאָנען זיך נישט פאָרשטעלן, אַז פלאָרידע האָט אין זיך באַהאַלטענע נאַטור־אוצרות, װעלכע מענטשן אין דער איסט אָדער װעסט קאָנען זיך אין זייער רייכסטער פאַנטאַזיע נישט פאָרשטעלן. פלאָרידע איז אַ ריזיקער נאַטור־פּאַלאַץ פאַר רייך און אויך פאַר אָרעמע. די רייכע קומען אַן אויף אַעראָפּלאַנען, שיפן, אויטאָמאָבילן, אָנגעגורט מיט אַלע מכשירים, װי גאָלף־שטעקנס, װענטקעס צו כאַפּן פיש א. אַ. װ. אין די װאַסערן פון פלאָרידע זענען דאָ 630 מינים פיש. קיין פלאָרידע קומען מיליאָנען באַזוכער יעדן װינטער. פאַר זייער באַקװעמלעכקייט זענען גרייט 1,435 האָטעלן מיט 70,456 צימערן, 5,386 אַפּאַרטעמענטס מיט 123,912 צימערן, 7,735 רעסטאָראַנען מיט 227,201 פּלעצער צום זיצן און צענטליקער טעאַטערס, קאַבאַרעטן, װיין, שאַמפּאַניער און פרויען. ס'פאָרן אַהין פאַרשידענע קלאַסן מיליאָנערן, גבירים, האַזאַרד־שפּילער, גנבים, פּראָסטיטוטקעס, שרייבערס, פּרינצן און פּרינצעסינס. אַרבעטער, אַרבעטלאָזע און אָרימע מענטשן.

אַהין קומט מען נישט פאַסטן קיין תעניתים, מ'זן קומט לעבן אַ גוטן טאָג. כדי נישט צו שטערן דעם פאַרגעניגן פון די בערזע־ספּעקולאַנטן זענען אין פלאָרידע דאָ 16 „שטאָק־עקסטשעינדזש"־צװייגן פון װאָל־סט. די באַנקירן שפּילן גאָלף און שפּילן גלייכצייטיק אויף דער בערזע. זיי פאַרבינדן „פאַרגעניגן" מיט „אַרבעט", זאָגן זיי.

אויב עמעצער פאַרבענקט זיך נאָך בראָדװיי, דאַרף ער נישט פאָרן קיין ניו־יאָרק. די גרעסטע אַקטיאָרן זענען דאָרט גרייט צו פאַרשאַפן פאַרגעניגן די רייכע. עדי קאַנטאָר, סאָפי טאָקער,

אויִרל קאראָל, דזשאָן באַרימאָר, זיי זענען אַלע דאָרט. אונטערן שאָטן פון פאַלם־בוימער שפּייזט מען און מען טרינקט. מען טאַנצט מיט פרויען אונטערן קלאַנג פון די גרעסטע אָרקעסטערס. דאָרט איז דאָס לעבן דער הערשער איבער אַלץ, ווייל דאָרט איז אייביקער זומער, די אַמעריקאַנער ריוויערע!

אַ „רחמנות" איז נאָר אויף אונזערע יידישע גבירים, ווי זיי „קרימען" נאָך די רייכע, די זאַטע אַמעריקאַנער. די יידישע גבירים, וועלכע אַנטלויפן פון ווינטער, פון איסט און וועסט, פילן זיך ווי פאַרלוירענע צווישן די אמת רייכע, צווישן די מיליאָנערן, וועלכע זענען די אמתע הערשער פון האַנדל און אינדוסטריע. אונזערע יידן ווערן אין פלאָרידע געוווּיר, אַז זיי זענען „קרעמער" אין פאַרגלייך צו די אַמעריקאַנישע מיליאָנערן, וועלכע ליגן צעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט ביי די ברעגעס פון בלויען פלאָרידע־ים.

האָבן דעריבער אונזערע יידן „דעראָבערט" מיאַמי־ביטש און אַ שטיקעלע מיאַמי, זיי האָבן דאָ פאַרוואַנדלט מיאַמי־ביטש אין אַ קאָני־איילענד. עס זענען דאָ פאַראַן האָטעלן, וואָס ווען איר קומט אין זיי אַריין, האָט איר דעם איינדרוק, אַז איר זענט אין דעם אָרעמען טייל פון קאָני־איילענד. איר דערזעט מענטשן פון די אָרעמע טענעמענט־הייזער פון ניו־יאָרק, שיקאַגאָ, באַלטימאָר, קליוולאַנד, פּיטסבורג, אָדער פילאַדעלפיע. פלאָרידע, מיר מיינען מיאַמי־ביטש, איז געוואָרן אַ יידישע מדינה. עס איז אַ ליכטיקע וועלט, ווייל קבצנישע יידן באָדן זיך אין דעם זעלביקן ים און וואַרימען זיך אין די זעלבע זון־שטראַלן, ווי די סאַמע רייכסטע אַמעריקאַנער. עס איז אַמעריקאַנישע דעמאָקראַטיע...

פאַרבענקטע נשמות, צעבראָכענע מענטשן, איינזאַמע און פאַרביטערטע הערצער קריגן טרייסט אין דער אַמעריקאַנישער „ריוויערע", אין פלאָרידע. דאָ קריגט יעדער מער רייץ, מער לעבנס־לוסט אַן דאָ קאָן מען קוקן דער זון אין פּנים אַריין... מיאַמי־ביטש איז אַ שטאָט פאַר זיך אַליין. זי האַלט די אַלט־שטאָט מיאַמי אַלס אַ קאָרידאָר, אַלס אַן אַריינפאָר־טויער צום פּרעכטיקן בלויען ים, וועלכער באַצויבערט אייך מיט דעם רעגנבויגן־קאָליר, ווען די זון איז איבער איר צעשפּרייט.

מיאַמי־ביטש איז נאָך אַ יונגע שטאָט, קוים 30, אָדער 40 יאָר אַלט, און דאָך פאַרמאָגט זי שוין אַלץ, ווי אַן אַלטע שטאָט. זי האָט צוויי גרויסע שולן, אַן אייגענעם רב, אַן אייגענעם חזן, און צענדליקע שוחטים. זי האָט, ווי אַלע יידישע שטעט, אַלערליי בטלנים, שלים־מזלניקעס, חסידים, בעלי־גאוהניקעס, מה־יפיתניקעס, פּאָליטיקער, כּבוד־זוכער, צבועקעס, עמי־ארצים און זיידענע יונגעלייט, וואָס גלויבן, אַז נאָר צוליב זיי, נאָר אין זייער זכות אַנטוויקלט זיך מיאַמי־ביטש. מיר האָבן דאָ שומרי־שבתניקעס, כּשרע רעסטאָראַנען און באָרדינג־הייזער, קצבים און יאַטקעס. זיי האָבן אַלץ, אַפילו „רעכטע" און „לינקע" און רפואות מיט אייגענע מכּות, און דער פּרעזידענט פון אַ אידישער באַנק איז אויך דער פּרעזידענט פון דער שול.

מיאַמי־ביטש איז אין אמתן אַן אייגנאַרטיקע שטאָט. דאָרט טרעפט איר מיטגלידער פון דער שול, וועלכע פירן די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס. דאָרט אַנטוויקלט זיך אַ קאָכעדיק יידיש לעבן לויטן מוסטער פון ניו־יאָרק. דאָרט האַנדלט מען מיט אַלץ, מיט הייזער, מיט קליידער, מיט רעסטאָראַנען, מיט אויטאָמאָבילן, מיט האָטעלן און מיט יידישקייט... עס איז אַ לעבעדיקע וועלט! מיאַמי־ביטש האָט אירע מעלות און אויך אירע חסרונות, פּונקט ווי אַלע אַנדערע שטעט. זי האָט אָבער איר אייגענעם צויבער... גאָט האָט אין דעם ווינקעלע אַריינגעוועבט אַזוי פיל אוצרות, אַז ממש איר ווערט ווי צערודערט, ווען איר טראַכט דערפון. דער אייביקער פרילינג און דער טיפער העל־בלויער הימל מיט דער באַשטענדיקייט פון קלימאַט, פון אייביקער וואַרעמקייט נעמט אייך דורך און איר בלייבט ווי אַ „געפאַנגענער" אין די ריזיקע אומזיכטבאַרע נאַטור־הענט...

איצט מוז מען אויך צוגעבן, אַז מיאַמי־ביטש איז נישט די איין־און־איינציקע יידישע שטאָט אין פלאָרידע. פאַר אונזערע אויגן אַנטוויקלט זיך אויך אַן עכט יידיש לעבן אַלאַ מיאַמי־ביטש: אין סעינט־פּעטערסבורג, וווּ עס וווינען אַרום 48 טויזנט איינוווינער, אַ חוץ די טוריסטן, וועלכע קומען אַהין צום ווינטער־סעזאָן. די דאָזיקע שטאָט רופן די אַמעריקאַנער די שטאָט פון זון. דאָרט שיינט

די זון 365 טאָג אין יאָר. די שטאָט איז אַזוי זיכער מיט איר זון, אַז די ענגלישע צייטונג, וואָס דערשיינט יעדן נאָכמיטאָג, גאַראַנטירט, אַז עס וועט שיינען די זון, טאָמער נישט, דאַן קריגט איר די צייטונג אומזיסט. מען טיילט די צייטונג אין גאַס אַלס שטראָף, וואָס די זון האָט זיך באַהאַלטן אונטער די כמאַרעס. די צייטונג מאַכט גוטע געשעפטן און עס קאָן פּאַסירן, אַז מען קריגט די צייטונג צוויי מאָל אין יאָר אומזיסט.

די ברייטע גאַסן אין סעינט־פּעטערסבורג זענען געפּלאַסטערט מיט רויטע ציגל, און אויף די ברייטע טראָטואַרן שטייען בענק אונטער פּאַלמען־ביימער און דער עולם זיצט און וואַרעמט זיך אין די שטראַלן פון דער זון, וועלכע רייסט זיך דורך די דיקע בלעטער פון די ביימער...

אין מיטן שטאָט געפינט זיך דער „וויליאַמס־פּאַרק", וווּ מען גיט פרייע קאָנצערטן. דער עולם דאָרט פילט זיך היימיש פּונקט ווי אין מיאַמי־ביטש, דזשעקסאָנוויל, אָדער פּאַלם־ביטש. אויך דאָ זענען פאַראַן צוויי שולן מיט רבנים, חזנים און שוחטים, פּונקט ווי אין מיאַמי־ביטש, דאָ האָבן די רעפאָרמירטע יידן אַ שול און אַ ראַבאַי, פּונקט ווי די יידן אין מיאַמי.

די יידישע שטענדיקע באַפעלקערונג אין סעינט־ פּעטערסבורג איז פיל קלענער ווי אין מיאַמי־ביטש, וווּ עס שוועבלט און גריבלט מיט יידישע געשעפטן.

סעינט־פּעטערסבורג איז אין אמתן אַ שטאָט פון קלויסטערס, די קריסטן האָבן דאָרט אַרום 70 קלויסטערס און קריסטלעכע קלובן. עס פאַרשטייט זיך, אַז יעדער קלויסטער האָט איר גלח און יעדער מאָנאַסטיר אירע מנישקעס און אָפט פּלאָנטערן זיי זיך אונטער אייערע פיס, זיי מאַכן פאַרשידענע זאַמלונגען...

מען „שנאָרט" פאַר הייליקע צוועקן און מען רייסט די טוריסטן ביי די פּאָלעס אַ סך מער ווי אין אַנדערע שטעט. די גלחים און די מנישקעס פאַרנעמען דאָ דעם אויבן אָן, ווייל די קלויסטערס זענען צעשפּרייט איבער דער שטאָט.

דאָ זעט מען ווייניק אָן די ראַדיקאַלע עלעמענטן, זיי קאָנצענטרירן זיך מער אַרום מיאַמי־ביטש און מיאַמי־שטאָט. עס איז

פאַראַן אַ קליינע צאָל מיטגלידער פון אַן „אַרבעטער־רינג־בּרענטש", זיי האָבּן אָבּער נישט קיין צענטער און בּלאָנדזשען...

די טוריסטן זענען דאָ פון די סאַמע עלטערע. איר זעט דאָ אַלטע צעבּראָכענע מענטשן מיט געבּויגענע רוקנס, צעקנייטשטע פּנימער. דער יונגער דור קומט נישט אַהער, ווייל דאָ איז נישט אַזוי פריילעך ווי דאָרט אין מיאַמי־בּיטש, וווּ עס זענען שוין פאַראַן נאַכט־קלובּן און קאַבּאַרעטן, ווי אין סאַמע „טיימס־סקווער" אין ניו־יאָרק.

איבּער מאַנכע זייטיקע גאַסן פון סעינט־פּעטערסבּורג ליגט אַ טויטע שטילקייט, וועלכע רייסט זיך אַרויס פון די קלויסטערס. דאָס איז אַזאַ מין ציכטיקייט און אַ סאָרט זונטאָג־גייסט, וואָס איר פילט נישט אין מיאַמי־בּיטש, וווּ דאָס רוישיקע לעבּן שטראָמט אַריבּער אַלע גרענעצן...

פון מיאַמי־בּיטש פאָרט מען קיין האַוואַנאַ, קובּאַ, קיין נאַסאַן און בּערמיודאַ, די ענגלישע אינזלען, וווּ אַמעריקאַנער פאָרן הו־ליען...

די פלאָרידער געשעפטסלייט און ספּאָרטסלייט ווילן אָבּער, אַז די טוריסטן זאָלן איבּערלאָזן זייער געלט אין שטאָט פלאָרידע און זיי טוען אַלדאָס מעגלעכע צו מאַכן זייערע שטעט אינטערע־סאַנט און לעבּעדיק, שפּאַנענד און רייצנד.

איז טאַקע פאַראַן אין פלאָרידע אַ שטאָט „טאַמפּאַ", וועלכע מען רופט אָן „קליין־קובּאַ". האַוואַנאַ, זאָגט מען אייך, איז די שוועסטער פון טאַמפּאַ און אויבּ איר ווילט זיין אין האַוואַנאַ דאַרפט איר נישט פאָרן קיין קובּאַ, איר קאָנט אַריינפאָרן אין טאַמפּאַ און איר פילט זיך ווי אין קובּאַ. אַזוי זאָגן די פלאָרידער בּיזנעסלייט.

טאַמפּאַ איז אין אמתן אַרום 70 פּראָצענט קובּאַניש. די אי־בּעריקע 30 פּראָצענט זענען אויך נישט פון די גרויסע מיוחסים. זיי זענען קובּאַנער, וועלכע ליגן אין די הענט פון אַמעריקאַנער „ספּאָרטסמען". דאָרט, אין טאַמפּאַ־פלאָרידע, רעדט מען אַ סך שפּאַניש, אָבּער דאָס איז מערסטנס לשם געשעפט, מען וויל אייך מאַכן גלויבּן, אַז איר זענט אין קובּאַ...

אין טאמפּאַ געפינען זיך טויזנטער יונגע מענער און פרויען. אויטאָמאָבילן אויף שריט און טריט, מען זינגט און מען ליאַרעמט, ווי אין קאָני־איילענד ביי אַ שענקל. עס טומלט זיך, אָבער איר ווייסט, אַז דאָס איז אַלץ לשם ביזנעס... אָנשטעל...

פלאָרידע האָט אַ סך חידושים, איין וווּנדער איבערשטייגט דעם צווייטן, און איר וועט זיך נישט גלויבן, אַז יעדן טאָג דערזעט איר דאָרט אַנדערע וווּנדער. דאָס וואָס איז געווען שיין און מערק־ווירדיק היינט, ווערט מאָרגן פון אַ צווייטן וווּנדער ווי פאַרטונקלט. איר בלייבט פּשוט, ווי פאַרגליווערט, ווען איר זוכט ווערטער צו באַשרייבן די הערלעכקייטן פון פלאָרידע. איר ווייסט נאָר איין זאַך, אַז אַמעריקע מיט איר פלאָרידע, מיט איר טעקסעס און קאַליפאָר־ניע איז דאָס ריזיקסטע וווּנדער פון אַלע אַנדערע וועלט־טיילן...

פלאָרידע איז געוואָרן באַרימט אין די מלחמה־יאָרן, ווען דער עולם, די רייכע מאַסן, האָבן נישט געקאָנט פאָרן קיין אייראָפּע, זענען זיי געפאָרן קיין פלאָרידע און געוואָרן אַנטציקט.

XXIX

# ניו־אָרליענס – דאָס פּאַריז פון אַמעריקע

ניו־אָרליענס איז איצט איינע פון די שענסטע שטעט אין לואיזיאַנאַ־שטאַט. אַמאָל איז די שטאָט געווען איינגעטונקט אין זינד... זי איז געווען באַהערשט פון ים־רויבער, שמוגלער און האַזאַרד־שפּילער. איצט איז ניו־אָרליענס אַ שטאָט מיט איבער פיר הונדערט טויזנט איינוווינער, ליגט ביי דער לעפצונג פונם גרעסטן טייך אין אַמעריקע, פון מיסיסיפּי.

ניו־אָרליענס געהער צו יענע שטעט, וועלכע קריצן זיך איין אין אייער זכרון, זי האָט עפּעס אַן אייגענע פיזיאָנאָמיע, אַן אייגן פּנים און אַ געוויסן קאָליר. ניו־אָרליענס איז איינע פון די עלטסטע שטעט אין לאַנד טראָצדעם, וואָס דעם גרונדשטיין האָבן געלייגט די פראַנצויזן מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק. די שטאָט איז איינגעוויקלט אין געשיכטע און אַלץ איז דאָ עפּעס ווי אין אויסלאַנד. מיר דוכט, אַז אַלץ איז אונטערן איינפלוס פון פראַנקרייך. די הייזער געבויט אין פראַנצויזישן סטיל און די מענטשן באַוועגן זיך דאָ ווי פראַנצויזן, נישט ווי אַמעריקאַנער, און מאַכן דעם איינדרוק פון מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין זאָרגן...

אין אַנדערע שטעט פון לואיזיאַנאַ־שטאַט זעט מען אַ גרויסע צאָל נעגער, וועלכע וואַלגערן זיך אין די פאַרשידענע שטאָטישע שפּאַציר־גערטנער, זיי ווערן אָנגערופן: פוילענצער... אין ניו־אָר־ליענס באַגעגנט איר מחנות ווייסע לײדיק־גייער, זיי וואַלגערן זיך

אויף די בענק, אין די „פּאַרקס" (גערטנער), ווי מען זעט עס אין פּאַריז און אין אַנדערע אייראָפּעאישע שטעט. איר הערט ווי די ווייסע לידיק־גייער און פּוסטע־פּאַסניקעס רעדן צווישן זיך פראַנ־צויזיש, טראָצדעם, וואָס זיי זענען געבוירענע אַמעריקאַנער...

אין ניו־אָרליענס איז פאַראַן אַ גרויסע יידישע באַפעלקערונג. מיר האָבן דאָרט געזען אַ יידישן צענטער, וועלכער וואָלט געווען אַ צירונג צווישן די גרויסע יידישע אַנשטאַלטן אין ניו־יאָרק. דער דאָזיקער צענטער איז באַקאַנט אַלס „יאָנג מענס־היברו־אַסאָסי־איישאָן". אין דער ריזיקער שיינער מאַרמאָר־געביידע געפינט זיך אַ טעאַטער און אַ גרויסער זאַל מיט אַ באָד פאַר די יידישע יונגע־ליט, וועלכע געהערן צו דער אינסטיטוציע. דאָרט ווערן אָפּגע־האַלטן פאַרזאַמלונגען און קאָנצערטן. זיי האָבן פּלאַץ פאַר אַלץ.

נישט ווייט פון דעם יידישן אַנשטאַלט געפינט זיך דער רי־זיקער מוזעאום צום אָנדענקען פון די קאָנפעדערירטע העלדן אין בירגער־קריג. דאָס איז שוין איינמאָל אַ מוזעאום! אַלץ איז דאָרט פּרעכטיק צוזאַמענגעשטעלט. אַלץ ווערט דאָרט אָפּגעהיט מיט גרויס יראת־הכבוד. דאָרט היט מען אָפּ אַפילו דעם שטויב אויף די פאַר־שידענע זאַכן, ווייל דאָרט שפּילט טראַדיציע אַ וויכטיקע ראָלע, און דעריבער ווערט אַלץ געטון מיט ליבע און מיט פאַרזיכטיקייט. איר זעט דאָרט אַלערליי בילדער, פאָטאָגראַפיעס פון סאָלדאַטן און אָפי־צירן. וויזיט־קאַרטלעך, קנעפּלעך, אוניפאָרמען, שטיקלעך פּאַפּיר, שיך, זאָקן, היטלען, שווערדן, איסגעשאָסענע קוילן, רוימיע און בלויע רעקלעך, פאָנען, זאָטלען פון פערד, פאַרשידענע מעלדונגען וועגן קריג, צייטונגס־אויסשניטן און פאַרשידענע שריפטן. איר זעט אין דאָזיקן מוזעאום די געשיכטע פון ניו־אָרליענס. איר קוקט אויף די אַלע קליינקייטן, דערוועקט עס אין אייך זכרונות פון אַמעריקאַ־נער העלדישקייט און פון אַמעריקאַנער העלדן. עס ווערט דעריבער קלאָר, פאַרוואָס מיר האָבן אַזוי ליב דאָס לאַנד, וועלכעס איז אָנ־געזאַפּט מיט בלוט פון העלדן.

די יידן אין ניו־אָרליענס האָבן אַפילו אַ ציוניסטישע באַוועג־גונג, און זיי האָבן אויך „לינקע" און „רעכטע" פּונקט ווי אין ניו־יאָרק, אָבער די רעפּאָרמירטע יידן שפּילן די הויפּט־ראָלע. די

יידן לעבן זיך פריינטלעך מיט די איינוווינער, וועלכע באַשטייען פון פראַנצויזן, שפּאַניער און אַנדערע פון דער לאַטיינישער ראַסע. אַ גרויסע צאָל פון די פראַנצויזן און שפּאַניער פירן אָן די נישט „זויבערע" געשעפטן. זיי, די פראַנצויזן און שפּאַניער, קוקן אויף פּראָסטיטוציע און „האַזאַרד" אַנדערש ווי די אַנגלאָ־זאַקסן. זיי באַטראַכטן אוממאָראַלישקייט אַלס אַן אומפאַרמיידלעך שלעכטס, וועלכעס מען דאַרף האָבן אין דער געזעלשאַפט צו האַלטן געשפּאַנט דעם אינטערעס פון לעבן...

איר דערשפּירט דעם צעשויבערטן גייסט פון לעבן אין ניו־אָרליענס און נישט אומזיסט רופט מען אָן די שטאָט: פּאַריז אין אַמעריקע. דאָ זענען לוסטיקייט און אויסגעלאַסנקייט לייבלעכע שוועסטער...

אַלץ גייט דאָ צוזאַמען. צייט־פאַרטרייב, לוסטיקייט און פאַרגעניגן איז געוואָרן דער ריכטיקער „דריי־בונד" אין ניו־אָרליענס: דער „סאַלון" (דער שענק), דאָס טעאַטער, דער קאַבאַרעט, די לוסטיקע מיידלעך, דאָס אַלץ איז איין זאַך און ביזן מיטן פון דעם ניינצנטן יאָר־הונדערט, איז אויסגעלאַסנקייט אין ניו־אָרליענס געווען אָן שום קאָנטראָל. יעדער איינער האָט זיך געקאָנט עפענען אַ „שאַנד־הויז", אַ לוסטיק הייזל צו שפּילן אין קאָרטן און שיכורן...

ערשט ביים סוף פון 19־טן יאָרהונדערט איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָנטראָל, אָבער מען פילט נאָך אַלץ יענעם גייסט פון אויסגעלאַסנקייט, נאָר אונטער אַ דורכזיכטיקן פאָרהאַנג. די שטאָט־רעגירונג קאָנטראָלירט די דאָזיקע געשעפטן...

נאָך איצט ווייסט מען, אַז „בייסין־סטריט" איז אַמאָל געווען דורכגעדרונגען מיט אוממאָראַלישקייט. מען זינגט נאָך איצט לידער וועגן די לוסטיקע הייזער פון „בייסין־סטריט". אין די שאַנד־הייזער פון ניו־אָרליענס פלעגט מען פירן די שטאָט־פּאָליטיק און ביז אַ געוויסן גראַד ווערט עס נאָך אפשר איצט געטון, ווייל אין ניו־אָרליענס ווערט פּראָסטיטוציע נישט אינגאַנצן „באַטראַכט" פאַר קיין פאַרברעכן. עס איז אַ „ביזנעס"...

דעם דזשעז־מוזיק צושטאנד קאָן מען אילוסטרירן דורך פאָלגנדער געשיכטע, וועלכע איז, דוכט מיר, א בלעטל היסטאָריע אין דעם לעבן און אין דער אנטוויקלונג פון דער שטאָט ניו־אָרליענס. אין יאָר 1934 האָבן די איינוווינער פון ניו־אָרליענס געזען א גרויסע לויה זיך ציען דורך זייטיקע גאסן. דער אָרון איז געווען באפוצט מיט בלומען, אויטאָמאָבילן זענען געפאָרן אין א לאנגער שורה, נאָר די מענטשן, וואָס זענען געזעסן אינעווייניק האָבן געהאט א מאָדנעם אויסזען: דאָס זענען געווען אויסגעטריקנטע, אלטע מיט פארגעלטע פנימער. די פרויען זענען געווען ווולגאר אָפּגע־פארבט אזוי, אז יעדער איינער האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן און מיט וווּנדער באטראכטן די דזשאזיקע „לייט", ווייל זיי האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן געקומען פון אן אנדער וועלט...

דאָס איז געווען די לויה פון א פרוי, וואָס האָט יאָרן־לאנג געהאלטן אן אויסגעלאסן הויז, זי איז געשטאָרבן אין טיפן עלטער און די אלע זענען עס געווען אירע פריינט, אירע באקאנטע פאר פיל יאָרן. זיי האָבן זיכער געדענקט די צייט, ווען ניו־אָרליענס איז געווען א שטאָט, ווו מען האָט געקאָנט א לעב טון, ווען זי איז געווען דער ערדישער גן־עדן — דאָס פאריז אין אמעריקע.

עס זענען נאָך זיכער פאראן א סך אלטע לייט אין יענער שיינער, ווייטער שטאָט, וואָס געדענקען בייסין־סטריט, וועלכע איז שוין פארשוווּנדן פון דער וועלט. אָט די דזשאזיקע גאס איז עס געווען דער „רויטער דיסטריקט" פון ניו־אָרליענס, דאָרט האָט איר געקאָנט זען די שענסטע און רייכסטע הייזער. דאָס איז גע־ווען אין מיטן דער שטאָט, ווו עס איז אָנגעגאנגען דער האנדל, ווו די שטאָט־רעגירונג האָט געהאט אירע הויפט־געביידעס. עס איז אָבער קיינעם נישט איינגעפאלן, אז פירן פראָסטיטוציע איז א פארברעכן...

אן אמעריקאנער שרייבער, הערבערט עסבערי, האָט גע־שריבן א בוך וועגן דער אונטערוועלט פון ניו־אָרליענס. ער רופט זיין בוך „דער פראנצויזישער קוואַרטאַל". דאָס בוך שילדערט די פארברעכנס און די זינד פון ניו־אָרליענס. דער שרייבער ווייזט

אָן, אַז ווען די שטאָט האָט זיך געגרינדעט אין אָנפאַנג פון אַכצנטן יאָרהונדערט, האָט דער טייל פון דעם צפון־אַמעריקאַנער קאָנטינענט, וואָס ליגט ביי די ברעגן פון מיסיסיפּי־טייך, געהערט צו פראַנקרייך. ניו־אָרליענס האָט זינט איר גרינדונג אַ רעפּוטאַציע אַלס אַ שטאָט פון זינד און פאַרברעכן, טראָץ דעם, וואָס איצט איז רינאָ (נעוואַדאַ־שטאָט), די פאַבריק פון זינד און פאַרברעכנס. ניו־אָרליענס איז אָבער נאָך אַלץ אַ לוסטיקע שטאָט, פול שטראָמעדיקן לעבן...

נאָכדעם, ווי די פאַרייניקטע שטאַטן האָט אָפּגעקויפט די לואיזיאַנאַ־טעריטאָריע פון פראַנקרייך (ניו־אָרליענס געפינט זיך אין לואיזיאַנאַ), האָט זיך די לאַגע נישט פיל געענדערט. די אַמע־ריקאַנער רעגירונג האָט זיך דעמאָלט ווייניק־וואָס אינטערעסירט מיט דער מיטעל־וועסט, און דערצו איז לואיזיאַנאַ געלעגן אויפן גרענעץ פון דער דעמאָלסטדיקער מעקסיקע און עס איז לייכט גע־ווען פאַר פאַרברעכער אַריבערצולויפן פון איין לאַנד אין צווייטן.

און דאָס אַלץ האָט מיטגעבראַכט, אַז ניו־אָרליענס איז אַ צייט־לאַנג געווען דער וויכטיקסטער שמוגל־האַפן אין אַמעריקע. דורך ניו־אָרליענס פלעגן אַריינגעשמוגלט ווערן נעגער־שקלאַפן נאָכדעם, ווי דער אימפּאָרט פון נעגערס איז פאַרבאָטן געוואָרן. אין ניו־אָרליענס פלעגן די פּיראַטן (ים־רויבער) ברענגען זייערע סחורות צו פאַרקויפן. פון ניו־אָרליענס פלעגן אַרויספאָרן די רויב־עקספּעדיציעס צו באַפאַלן די פאַרשידענע אינזלען אין דער־בייאיקן ים (די אינזלען, וואָס האָבן דעמאָלסט געהערט הויפּט־זעכלעך צו שפּאַניען).

אַזוי איז ניו־אָרליענס געוואָרן די היים און דער זאַמלונגס־פּלאַץ פון אַלערליי פאַרברעכער. צוזאַמען מיט די פאַרברעכער זע־נען אַהין געקומען אַלע אַנדערע סאָרטן אונטערוועלט־מענטשן: האַזאַרד־שפּילער, פּראָסטיטוטקעס און סתם אויסוואורפן.

ניו־אָרליענס איז אויך געווען אייגנאַרטיק אין דעם צוזאַ־מענשטעל פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. די ערשטע קאָלאָ־ניסטן, וואָס האָבן זיך דאָרטן באַזעצט, זענען געווען פראַנצויזן. שפּעטער זענען געקומען שפּאַניער, און נאָך שפּעטער אַמעריקאַ־

נער. צווישן די עלטערע פראַנצויזן און די שפּעטערדיקע אַמעריקאַנער האָט געהערשט אַ מין יחוס־קאָנקורענץ. די פראַנצויזן (צוזאַמען מיט די שפּאַניער) האָבן זיך געהאַלטן פאַר גרעסערע יחסנים, ווי די אַמעריקאַנער, און די אַמעריקאַנער האָבן זיך געפילט געקרענקט פון דעם. וויכטיק דערבײַ איז דאָס, אַז די פראַנצויזן און שפּאַניער זענען געווען נישט נאָר עלטער אין לאַנד, נאָר אויך רײַכער אין געלט. זייער יחוס איז געווען אַ דאָפּלטער, אַ יחוס, וואָס קומט פון אָפּשטאַמונג, און אַ יחוס, וואָס קומט פון רײַכטום.

אַ וויכטיקער עלעמענט פון דער ניו־אָרליענסער באַפעלקערונג זענען אויך געווען די נעגערס. אַ טייל פון די נעגערס זענען געווען פרייע און אַ טייל שקלאַפן. די פרייע נעגערס האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דער שטאָט. די מערסטע פון זיי האָבן געהאַט באַציונגען מיט די ווייסע און די שטאָט איז געווען פול מיט מולאַטן און מולאַטקעס: מאַנכע האָבן געהאַט אין זיך אַ פערטל ווייס בלוט, מאַנכע אַ העלפט, מאַנכע דריי פערטל, און פיל האָבן אויסגעוויזן אינגאַנצן, ווי ווייסע. די שענסטע פרויען אין שטאָט זענען געקומען פון אָט די מולאַטן־פאַמיליעס.

די אונטערוועלט פון ניו־אָרליענס האָט אָנגענומען פאַרשידענע פאָרמען אין פאַרשידענע צייטן. אין די גאָר ערשטע צייטן איז זי באַשטאַנען, הויפּטזעכלעך, פון ים־רויבער און שמוגלער; שפּעטער איז זי באַשטאַנען אַממייסטנס פון האַזאַרד־שפּילער און האָלד־אָפּניקעס; נאָך שפּעטער איז זי באַשטאַנען פון „גענגסטערס", וועלכע זענען געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט קאָרופּטע פּאָליטיקער, און אין די לעצטע יאָרן איז זי באַשטאַנען אַממייסטנס פון פרויען־הענדלער, פּראָסטיטוטקעס און אייגנטימער פון שאַנד־הײַזער.

איצט, אין 1937 און 1938, איז ניו־אָרליענס אַ ריזיקע גרויסע שטאָט, וועלכע לעבט נאָך אַלץ אונטער דער השפּעה פון די פראַנצויזן. עס איז דאָרט לעבעדיק און לוסטיק און איר באַקומט

דעם איינדרוק, אַז איר זענט אין פראַנקרייך. די שטאָט איז אָנ־
געפּיקעוועט מיט גרויסע קאַבאַרעטן, מיט טעאַטערס און מיט ריזי־
קע קראָמען, רעסטאָראַנען און קאַפע־הייזער. די שפּייזן זענען
מערסטנס פראַנצויזישע און דער עולם טרינקט דאָרט וויין ביים
מיטאָג, פּונקט ווי אין פּאַריז, ווייל ניו־אָרליענס איז דאָס פּאַריז
פון אַמעריקע...

# XXX

## על־פּאַסאָ און סאַן־אַנטאָניאָ — צוויי גרויסע שטעט אין טעקסעס

צו אַלע וואונדער, וואָס אַמעריקע פאַרמאָגט, מוז מען צורעכענען „על־פּאַסאָ“, די שטאָט, וואָס איז דער טויער צו מעקסיקע. די שטאָט ליגט אין טעקסעס און אַ בריק פאַרבינדט זי מיט מעקסיקע. אויף איין זייט, ביי דער בריק אין על־פּאַסאָ, שטייען אַמעריקאַנער סאָלדאַטן, און אויף דער צווייטער זייט שטייען מעקסיקאַנער סאָלדאַטן.

על־פּאַסאָ, טעקסעס, איז אָפּגעטיילט פון מעקסיקע דורך אַ בריק, פונקט ווי ניו־יאָרק פון ברוקלין. על־פּאַסאָ, טעקסעס, איז אַמאָל געווען אַ טייל פון מעקסיקע, פונקט ווי קאַליפאָרניע. ערשט מיט אַ 60 יאָר צוריק זענען דאָ אַרומגעלאָפן מעקסיקאַנישע פּאַסטוכער אויף זייערע גרינ'ז פעלדער. שפּורן פון זייער לעבן זעט מען נאָך איצט אין די מוזעאומס. די עטלעכע איבערגעבליבענע אונטערגייענדיקע אינדיאַנישע שבטים זענען פאַרשטעלט אונטער ליימענע וו'ינט, אויף זייערע אָפּגעצוימטע וועגן, וואָס טראָגן דעם נאָמען: רעזערווישאָנס“. אינדיאַנישע פרויען זיצן דאָרט אויף דער ערד זיי זענען אויסגעפּוצט אין קאָראַלן און קאָלירטע צאַצקעס. זיי באָטן אָן זייערע סחורות די פאַרבייפאָרער, וואָס קומען כאַפּן אַ בליק אויף די אינדיאַנער. די אינדיאַנער־קרעמער רעדן נישט בעטן אייך אפילו נישט צו קויפן. זיי קוקן מאָדנע אויף אייך

אָבער די שטילע בליקן נעמען איך דורך, ווי מיט הייסע שפּיזן. זיי דערציילן איך זייער בלוטיקע געשיכטע...

קוקנדיק אויף די אינדיאַנישע פּרויען, דערמאָנען מיר זיך אין פאַרשידענע געשעענישן אין אַמעריקע. מיר, די ווייסע מענטשן, וועלכע האָבן באַזיגט דעם ברוין־הויטיקן, מעגן זיך פאַרטראַכטן וועגן דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פון אַמעריקע.

אמת, מיר, די ווייסע, האָבן אַנטוויקלט טעקסעס און אויך קאַליפאָרניע. מיר האָבן אַריינגעטראָגן ציוויליזאַציע און קולטור אין אַ מדבר...

על־פּאַסאָ אַליין איז אָבער קיינמאָל נישט געווען קיין וויס־טעניש. די שטאָט געפינט זיך אין אַ טאָל צווישן בערג. אין טאָל לויפט דורך דער ריאָ־גראַנד, נישט קיין גרויסער טייך, אין דעם מאַסשטאַב פונם אַטלאַנטישן ים־ברעג, אָבער נישט גענוג פאַר דעם טייל פון קאָנטינענט. פון ביידע זייטן טייך האָט זיך צעלייגט אַ ישוב: פריער אינגאַנצן אַ מעקסיקאַנישער, איצט צעטיילט. אויף דער אַמעריקאַנישער זייט איז על־פּאַסאָ, און אויף דער מעקסיקאַנישער זייט — הוארעז.

אַמאָל האָבן די אינדיאַנער און די שפּאַנישע מאָנאַכן און יענקישע איבערוואַנדערער אויסגעלייגט עטלעכע וועגן איבער דעם אַמעריקאַנישן קאָנטינענט. על־פּאַסאָ איז געווען אַ צענטער פון אַזעלכע וועגן. די באַן־קאָמפּאַניעס, וועלכע האָבן מיט כינעזישע קוליס און מעקסיקאַנישע קאָמפּערינאָס געלייגט רעלסן איבער די ריזיקע אומבאַוווינטע שטרעקעס, זענען נאָכגעגאַנגען אין די פּוס־טריט פון די אינדיאַנער און פון די מאָנאַכן. על־פּאַסאָ איז איצט אַ צענטער פון באַן־ליניעס, וואָס שניידן דורך אַמעריקע פון מזרח צו מערב. דורך דרום און דרום־מערב. על־פּאַסאָ איז אויך אַ טויער צו דער אַלטער מעקסיקע. רויע מאַטעריאַלן פון דער רייכער מעק־סיקאַנער ערד קומען אַריין דורך דעם טויער; סחורות פון דעם לעצטן וואָרט פון אַמעריקאַנישער טעכניק גייען אַרויס דורך דעם טויער.

די אַמעריקאַנישע זייט פון ריאָ־גראַנד איז אַ שטיק ערד אַרויסגעריסן פון דער וויסטעניש. 15 מיליאָן דאָלאַר האָט אָפּגע־

קאָסט אויפצושטעלן אַ דאַמבע ביים טייך, 136 מייל העכער פון על־פּאַסאָ. די דאַמבע האָט געגעבן וואַסער צו באַפרוכפּערן אַ גרויס שטיק לאַנד. ביינוול, עפּל, גרינס, הינער־צוכט, תבואה, מילך און האָניג האָבן זיך באַוויזן אויף אַ הויך פון אַרום 4.000 פוס, אין אַ לופט, וואָס איז טרוקן־הייס, אין אַ געגנט, וואָס ווייסט נישט פון קעלט און פון שניי, און וואָס האָט אַלע מאָל געליטן פון אַ מאַנגל אין וואַסער. ווער זאָגט עס, אַז רעגנס זענען די מעכטיקע דיקטאַטאָרן, וואָס באַשטימען די פרוכטבאַרקייט פון דער ערד? די דאַמבע און דער קינסטלעכער קאַנאַל זענען מעכטיקער.

אויף דער מעקסיקאַנישער זייט פון ריאָ־גראַנד ליגט די גרויסע טשיהאַהוא־פּראָווינץ. די מיליאָנען אַקערס מיטן טייערן ווייסן סאָסנע־בוים זענען אַ פעטער ביסן. גרויסע קופּער־גרובן, אייל־קוואַלן, ביינוול־פעלדער, ווייץ־פעלדער קאָן מען אויך נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. וואָס איז דער ווונדער, וואָס טשוהאַהוא איז מער אַמעריקאַניש, וואָס „אונזערע" קאַפּיטאַליסטן האָבן דאָרטן קופּער־שמעלצעריַיען, אייל־באַאַרבעטונג־פאַבריקן, זעג־מילן און נאָך. וואָס איז דער ווונדער, וואָס על־פּאַסאָ האָט אויפגעבליט און איז אויסגעוואַקסן צו אַ שטאָט מיט איבער 100 טויזנט איינוווינער. פאַר אירע רייכע האָטעלן און פּרעכטיקע ווילעס, איינגעגראָבן אין די בערג, צאָלן די זייער ביליקע מעקסיקאַנישע „הענט". וואָס איז דער ווונדער, וואָס לעבן על־פּאַסאָ געפינט זיך די גרעסטע קאַוואַלעריע־קאָנצענטראַציע אין די פאַריייניקטע שטאַטן. פאָרט בליס דאַרף נישט פאַרטיידיקן דער גרענעץ פון די פאַריייניקטע שטאַטן קעגן אַ מעקסיקאַנישער אַריינדרינגונג. פאָרט בליס איז אַ שטומע סרעפּטיקע וואָרנונג צו די טעמפּעראַמענטפולע מעקסיקאַנער נישט צו הויבן אַ האַנט אויף אַמעריקאַנישן אייגנטום אין טשיהאַהוא. פאַלט־צו די נאַכט, שפּרינגען־אויף הונדערטער ליכט פון פאָרט בליס: זאָלן די מעקסיקאַנער אַרבעטער און פּויערים זען, אַז אָנקל סעמס חייל איז וואַכזאַם אפילו ביינאַכט. בייטאָג קורסירן שטאָלענע פויגלען אין דער לופטן.

אין על־פּאַסאָ זעט מען מער סאָלדאַטן, ווי אין די מערסטע טיילן פון לאַנד. דאָ זעט מען מיליטערישע איבונגען. דאָ פליען

מיליטערישע אעראָפּלאַנען, און דאָ קאָן מען באַקומען דעם איינ־
דרוק, אַז אַמעריקע איז אַ מיליטערישע מדינה. דאָ איז ביליק צו
האַלטן סאָלדאַטן, דאָ איז שטענדיק וואַרעם און דאָ לעבן די אַמע־
ריקאַנער קאַפּיטאַליסטן, וועלכע באַטראַכטן סאָלדאַטן פאַר דער
גרעסטער אַמעריקאַנער דערגרייכונג.

על־פּאַסאָ, פּונקט ווי די שטעט אין פלאָרידאָ, האָט אַ באַ־
זונדערן צויבער און באַזונדערע צוציאונגס־קראַפט פאַר מענטשן,
וואָס ווילן רו און זען אַמעריקע.

על־פּאַסאָ איז לעצטנס באַקאַנט, ווי אַ געזונט־ און רו־פּלאַץ,
דער עיקר פאַר רייכע. די הויכקייט פון באָדן, די שטאַרקע זון און
טרוקענע לופט ציען צו מענטשן, וואָס ווילן אַנטלויפן פון פייכטן
און קאַלטן ווינטער. די נאָענטקייט צו מעקסיקע — מיט אַ האַנט
צו דערלאַנגען קיין הואַרעז — גיט־צו פּיקאַנטקייט. עס שמעקט
מיט אויסלענדישקייט. נאָר אַריבער די בריק, און מען איז אין
אַ פרעמד לאַנד, ווו שפּראַך, אויסזען און לעבנס־שטייגער זענען
אַנדערש.

ווי אין די מערסטע געזונט־ און רו־פּלעצער, איז דער קאָנ־
טראַסט צווישן אָרעם און רייך שניידנדיק־שאַרף. די דריי גרויסע
האָטעלן אין צענטער בלישטשען מיט אַ געמיש פון סטילן. אין
מיטן טאָג, ווען אין דרויסן ברענט די זון — איז אין די ברייטע
זאַלן מיט אַרקע־מעסיקע פענסטער אָנגענעם־קיל. די לופט איז מע־
כאַניש־קאָנטראָלירט. אין דער קילקייט לאָזן נישט די סוב־טראָפּישע
פלאַנצונגען פאַרגעסן, ווו מען געפינט זיך. עס זענען אויך דאָ קלע־
נערע האָטעלן פאַר אָרעמע מענטשן, וואָס קומען זוכן היילונג פאַר
זייערע פאַרקילטע ביינער. אין די ביליקע האָטעלן איז נאַטירלעך
היים און שטיקנדיק...

על־פּאַסאָ איז אַ ריזיקע שטאָט מיט גרויסע דעפּאַרטמענט־
געשעפטן. איר זעט דאָרט די גרעסטע פירמעס מיט די טייערסטע
זאַכן, קליידער, דימענטן, און גרויסע, שיינע קאַפע־הייזער, ווו די
רייכע טוריסטן לעבן אַ גוטן טאָג. די האָטעלן, ווי די גרויסע רעס־
טאָראַנען, זענען בלויז באַלויכטן מיט ריזיקע עלעקטרישע שילדן,
פּונקט ווי אין ניו־יאָרק.

על־פּאַפּאָ האָט אַ גרויסע צאָל נעגערס, אָבער די מעקסיקאַ־נער האָבן דאָרט די „אויבערמאַכט”, זיי זענען אָרעמער און אין געוויסן זין אויך „פּוילער”, זיי ליגן אַלץ אָפּ אויף „מאָרגן”. — אין זייערע קוואַרטאַלן פּייפט דער דלות אַרום פון זייערע צעפּאַ־לענע „בודקעס”, וואָס דינען אַלס הייזער. צווישן די מעקסיקאַנער הערשט עפּעס אַ מאָדנע געפיל, זיי דולדן נישט די נעגערס און די נעגערס זענען נישט פאַרליבט אין די מעקסיקאַנער. ווער האָט גע־שאַפן די דאָזיקע שנאה צווישן די צוויי פעלקער?

די שרעקלעכקייט פון מעקסיקאַנישן קוואַרטאַל אין אַן אַנ־דער שטאָט פון טעקסעס, סאַן־אַנטאָניאָ, זעט מען נישט דאָ. די „פּלאָמס” זענען נישט אַזוי גרויליק. על־פּאַסאָ איז אַ טוריסטן־פּלאַץ און איבער דעם אָרעמען קוואַרטאַל איז באַצויגן אַ הייטל פון מינימאַלער זאַטקייט, מען זעט נישט קיין באָרוועסע פיס. נאָר די כאָפּטעס קינדער, וואָס דרייען זיך אַרום, דערציילן פון גרוי־סער ענגשאַפט אין די הילצערנע, איין־שטאָקיקע הייזקעס. די גאַסן זענען האַלב־ליכטיק און דאָס מאָנ'ע"ע ליכט אויף אַ פּאָר קינאָס זעט אויס אַנטקעגן די פילם־טעאַטערן פאַר די ווייסע, ווי אָרעמע קרובים לעבן אַ רייכן פעטער.

מעקסיקאַנער דאַרפן זיין, לויט די קאַזיאָנע באַשרייבונגען, אַ פאָלק פון באַנדזשאָס. זיי זענען עס אפשר אַמאָל געווען. דער טוריסט, וואָס לאָזט זיך איבער די מעקסיקאַנער גאַסן אין על־פּאַסאָ זוכן ראָמאַנטישע בחורים, וואָס קלאַפּן מיט די פינגער אויף סטרונעס, מוז זיך פילן שטאַרק אַנטוישט. נישט אין על־פּאַסאָ און נישט אין דעם ריין־מעקסיקאַנישן הואַרעז, הערט מען נישט קיין באַנדזשאָס אויף די גאַסן, ווען דער אָוונט קומט אָן. זעט אויס, אַז נאָך אַ שווערן און הייסן טאָג אַרבעט, זענען די פינגער צו שווער פאַר סטרונעס. פאַראַן באַנדזשאָס, אָבער נאָר אין די פּלע־צער, ווו די טוריסטן קומען זוכן פאַרווייִלונג. פּראָפעסיאָנעלע מו־זיקאַנטן האָרעווען אַריינצוציען דעם פרעמדן אין דער אַטמאָספּע־רע פון דער אַזוי באַזונגענער „אַלטער ראָמאַנטישער מעקסיקע”.

קיין שפּורן פון ראָמאַנטישקייט זעט מען אויך נישט אין

הואַרעז, סײַדן די געדונגענע פּרײַלעכקײט זאָל אַזוי באַצײכנט ווערן. עס קאָסט 6 סענט אַריבערצופאָרן די גרענעץ מיטן טראַמווײַ. אַ מעקסיקאַנישער באַאַמטער גײט דורך דעם וואַגאָן און פרעגט, וואָס די פּאַסאַזשירן פירן. בײַ די מעקסיקאַנער גײט ער טאַקע אַ נישטער דורך. צוריק מוז מען שוין אויסשטײגן פון וואַגאָן, און דורך אַ שמאָלן דורכגאַנג פּאַרבײַגײן די אַמעריקאַנישע גרענעץ־אינספּעקציע. מען קאָן אַרויסגײן פון אונזער מדינה אָן דאָקו־מענטן, אָבער נישט אַרײַנקומען. דערצו דאַרף מען צושטעלן דעם קויף־צעטל פאַר די זאַכן, וואָס מען האָט אײַנגעקויפט אויף דער מעקסיקאַנישער זײַט. יעדער אַמעריקאַנישער בירגער איז באַרעכ־טיקט אַרײַנצוברענגען זאַכן נאָר אין ווערט פון 100 דאָלאַר.

הואַרעז נאַשט פון דער נאָענטקײט צו די פאַרײניקטע שטאַטן. אין די גוטע פּראָהיבישאָן־יאָרן האָט דאָס מעקסיקאַנישע שטעטל פאַרמאָגט אַ סך צוציאונגס־קראַפט פאַר דעם אַמעריקאַנישן גע־שעפטס־מאַן אָדער רײַכן פאַרמער, וואָס איז געקומען אָנוואַרעמען זײַנע קאַלטע בײנער. אין הואַרעז האָט מען באַקומען פראַנק־און־פרײַ, וואָס מען האָט געגלוסט. איצט קאָנקורירט על־פּאַסאָ מיט הואַרעז. מען קריגט אַלצדינג אויפן אַמעריקאַנישן באָדן. דער אונ־טערשיד איז נאָר אין פּרײַז. דעריבער לויערן אויפן טוריסט טונ־קעלע פאַרשווינען. זײ שטופּן אים אַרײַן קאַרטלעך מיט אַדרעסן אין האַנט. זײ רוימען אַרײַן אין די אויערן דעם פּרײַז. מעקסיקע איז אַן אָרעם לאַנד, און געקויפטע ליבע איז נישט טײַער.

פאַראַן אַ סך חן אין דער האַנט־אַרבעט, וואָס דאָס מעקסי־קאַנישע דאָרף שטעלט־צו. דאָס געניי, די האָלץ־מאַלערײַ און שני־צערײַ פינקלט מיט העלע קאָלירן. אונטער אַלע דעספּאָטישע רע־זשימען האָט דאָס מעקסיקאַנישע פאָלק נישט פאַרלוירן זײַן דראַנג צו לוסטיקײט. אַ געמיש פון שפּאַנישע און אינדיאַנישע פאָרמען און סטילן, זענען די קאָלירפולע טעפּיכן — אַ פרײד פאַרן אויג. די האָלץ־אַרבעט איז באַגאָסן מיטן חן פון מעקסיקאַנישע גרינע טאָלן, אַרײַנגעוואָרפן צווישן האַרטע בערג. פרויען און מענער אַרבעטן וואָכן־לאַנג אויף אָט די קונסט־זאַכן. אורטײלנדיק פון די פּרײַזן אין די געשעפטן, פאַרדינען זײ קלײנגעלט. איר קריגט די

פיינסטע קונסט־בילדער פאַר שפּאָט־ביליק. קינסטלער זענען גליק־לעך, ווען מען קויפט זייער אַרבעט.

אַ גוטן איינדרוק מאַכט דאָס, וואָס הוארעז, מיט אַ באַפעל־קערונג פון אַרום 20 טויזנט איינוואוינער, האָט בלויז עטלעכע אַלטע קלויסטערס. דאָס איז אַ גוטער צייכן פאַר אַ לאַנד, וווּ די קאַטוילישע קירך האָט געהערשט הונדערטער יאָרן. איר טרעפט איצט אין מעקסיקע מענטשן, וואָס רעדן פריי און אָפנהאַרציק, זיי רעדן מיט ליבע צו אַנדערע פעלקער און מען זעט, אַז די מענטשן האָבן זיך באַפרייט פון דעם פאַנאַטישן רעליגיעזן איינפלוס. דאָס, וואָס הוארעז איז אַזוי נאָענט צו על־פּאַסאָ, ווי ברוקלין צו ניו־יאָרק, מאַכט די באַפעלקערונג דאָרט פרייער און ווירקזאַמער. זיי זענען פרייע מענטשן און קוקן נישט אויף פרעמדע, ווי אויף שונאים. זיי ווייסן, אַז אַלע מענטשן זענען ברידער. איר פילט אָט דעם גייסט איבעראַל אין די האָטעלן, ווי אין די רעסטאָראַנען. עס איז אייך אָנגענעם צו האַנדלען און רעדן צו אונזערע שכנים — די מעקסיקאַנער. זיי רעדן דווקא געלאַסן, נאָר מיט האַרץ און באַציאונג. איר האָט דאָס געפיל, נישט נאָר אין על־פּאַסאָ, נאָר אין די מערסטע שטעט, ווי דאַלאַס, סאַן־אַנטאָניאָ און יוסטאָן. אין די אַלע שטעט טרעפט איר אַ מאַסע מעקסיקאַנער, מאַנכע פון זיי האָבן קראָמען און פירן געשעפטן.

אין סאַן־אַנטאָניאָ האָט זיך מיר געוואָלט זיין וואָס לענגער. מיר זענען געפעלן געוואָרן די הייזער, וועלכע זענען מערסטנס גע־בויט אין גערטנער און זעען אויס, ווי פּאַלאַצן. די אָרעמע מעק־סיקאַנער וווינען אין פאַרחושכטע הייזלעך, אָבער אויך זיי זענען אַרומגערינגלט מיט גרינע בוימער און בלומען. אויך אין זייערע הייזלעך רייסט זיך די זון אַריין דורך די ביימער.

אינטערעסאַנט איז דער גרויס־שטאָטישער „מאַרק־פּלאַץ“, אויף וועלכן עס שטייען לאַנגע גרויסע טישן מיט פרוכט. דער מאַרק בייט זיך יעדע פאַר שעה. יעדן פרימאָרגן קומען די פרוכט־הענדלער, דערנאָך קומען אַנדערע סוחרים, ווייל דער מאַרק־פּלאַץ אין סאַן־אַנטאָניאָ מאַכט דורך איין גלגול נאָכן צווייטן, מען האַנדלט דאָרט מיט אַלדאָס גוטס, מיט אייער, מיט היי, מיט עפּל

און קאַרטאָפֿל, מיט בלומען און גרינצייג. מען שרייט, מען פּיל־דערט און מען טומלט, מען דינגט זיך, ווי אויף די שטאָט־יאַרידים אין יאַרמאָלניץ. עס הערן זיך קולות איבערן מאַרק און מען זעט, ווי מענטשן שטופּן זיך און שמייען, ווי די בינען אין אַ בינ־שטאָק. מען יוזשעט און שרייט! אָט אַזוי בייטן זיך די קונים און די סוחרים. שפּעט ביינאַכט ווערט דער מאַרק־פּלאַץ פאַרוואַנדלט אין אַ רוישיקן גרויסן רעסטאָראַן אונטערן פרייען הימל. אין קיין איין שטאָט אין דער וועלט וועט איר נישט טרעפן אַזאַ סאָרט קאַפע, אַזאַ סאָרט רעסטאָראַן. איר קריגט דאָרט אמתע, גוטע מאכלים, וועלכע ווערן געקאָכט פאַר אייערע אויגן. דאָס זענען מעקסיקאַנישע שפּייזן. זיי זענען פעפערדיק... אָט אין דעם גרויסן רעסטאָראַן קומען יונג און אַלט עסן. אַלץ איז שפּאָט־ביליק — קומען טאַקע אויסגעהונגערטע פרויען, מענער און קינדער צו דער־כאַפּן זייער האַרץ. זיי קומען זיך דערפרישן, ווייל אין זייערע שטיבעלעך האָבן זיי נישט קיין אויוון צו קאָכן. דער פאָטער און די מוטער קומען פאַרשמאַכטע מיט זייערע קינדער צו נעמען עפּעס אין מויל אַריין. דאָ אויף דעם מאַרק־פּלאַץ איז אַלץ ביליק. און ווען עס עפנט זיך דער רעסטאָראַן, דערזעט מען בולט די בלוטיקע אָרעמקייט....

דאָ אויף דעם מאַרק־פּלאַץ זענען דאָ צענטליקער רעסטאָראַ־נען. גרויסע קאָכעדיקע קעסלען אויף רעדער שטייען ביי די טישן און מעקסיקאַנישע פרויען שרייען מיט באַנומענע קולות: קומט! קומט! מיר האָבן פרישע שפּייז פאַר אייך! יעדער רעסטאָראַן האָט זיינע בענקלעך צוזאַמענגעקלאַפּט פון רוי־האָלץ און צוגעפאַרבט מיט רויטע, בלויע און גרינע פאַרבן, — „הייסע־טאַמאַלעס” און „טשילע־קאָנקאַרנע” זענען די הויפּט־שפּייזן. וואָס מיינט איר איז אַ טאַמאַלע? דאָס זענען פּשוט „האָלאָבטשעס”, געוויקלטע קרויט־בלעטער מיט רייז און געהאַקטע פלייש. מאַנכע טאַמאַלעס ווערן געוויקלט אין קוקורוזע־בלעטער.

די אָרעמקייט פון די מעקסיקאַנער אין סאַן־אַנטאָניאָ איז אומבאַשרייבלעך. זיי שלאָפן אויף דער ערד און האָבן אַפילו נישט קיין בענקלעך צו זיצן. „דער מאַרק־פּלאַץ” איז דעריבער אַ דער־

פרישונג פאַר די אָרעמע קלאַסן. זיי נעמען זיך אָבער נישט צום האַרצן, זיי זענען געלאַסן און רואיק, ווייל זיי טרייסטן זיך אַליין, אַז מאָרגן וועט זיין בעסער. די מעקסיקאַנער זענען באַרימט דורך זייער לעבנס־פילאָזאָפיע. זיי האָבן נישט קיין הײנט און לעבן מיטן מאָרגן. איר הערט אויף שריט און טריט: „מ א נ י א נ א". וואָס מיינט — מאָרגן! אָט דעם געפיל האָבן מיר געהאַט, ווען מיר האָבן געזען די מעקסיקאַנער אין די פאַרשידענע שטעט פון טעקסעס. דאָס איז אַ פאָלק, וואָס לעבט מיט אַ „פאַנטאַסטישן מאָרגן".

XXXI

# רינאָ – די גט־פאַבריק אין אמעריקע

צווישן קאליפאָרניע, אָרעגאָן, איידאַהו, יוטא און אריזאָנא, ליגט דער שטאט נעוואדאַ, וואָס ווערט אָנגערופן „דער זילבער־נער שטאט". נאָר נישט צוליב דעם זילבער, וואָס ווערט אין די בערג פון נעוואדא אויסגעגראָבן, נישט צוליב דעם ווייץ, קאָרן, רעטשקע, קארטאָפל און האָבער איז דער שטאט געקרוינט געוואָרן מיט — אָט דעם נאָמען.

לויט דער סטאטיסטיק פון יאָר 1937 האָט דער שטאט א באפעלקערונג פון נישט ווייניקער, ווי 80.000 נפשות. קיין באַזונדערע שיינקייטן פארמאָגט נישט דער שטאט, זענען פּאָליטיקער געפאלן אויף א פּלאן און איינגעאָרדנט געזעצן, וואָס האָבן פון דעם גט־פּראָצעס געמאכט א מין קינדער־שפּיל. די שטאָט רינאָ אין שטאט נעוואדא האָט באַרימט געמאַכט דעם שטאט צוליב די לייכטע געזעצן פון גטן. די שטאָט רינאָ צייכנט זיך אויס מיט דער מאסן־פּראָדוקציע פון גטן.

ווער מיינט איר האָט באַרימט געמאכט דעם שטאט נעוואדאַ? — עס איז געווען א יידישער אדוואָקאט, אָדער ווי מען רופט עס אין אמעריקע „לאָיער", ווּעמען מען דאַרף דאנקען פאַר דער גט־פאַבריקאַציע. דאָס איז דער יידישער לאָיער ווילי שניצלער — פון ניו־יאָרק. דאָרט אין רינאָ זענען די גט־געזעצן לייכטער, ווי אין אלע אנדערע שטאטן, אהער קומען די רייכע פּאָרלעך,

די אקטיאָרן, ווי די באַנקירן, ווען זיי האַלטן ביים צעגיין זיך. דאָ ווערן זיי לייכט איינער פונם אַנדערן פּטור. די מערסטע פון זיי באַזעצן זיך אין רינאָ אויף דריי חדשים, וואָס זיי מוזן לויטן געזעץ וווינען. דערפאַר איז רינאָ באַקאַנט אַלס די „גט־פאַבריק" אין אַמעריקע.

שניצלער איז שוין לאַנג טויט, אָבער רינאָ ווערט אַלץ מער און מער באַרימט. מיר וועלן איבערגעבן די פאַקטן וועגן דער אַנטוויקלונג פון רינאָ אַלס גט־פאַבריק. די דאָזיקע פאַקטן זענען באַקאַנט יעדן אַמעריקאַנער בירגער און איך וויל דעריבער נישט, אַז איר זאָלט מיינען, אַז איך אַנטדעק דאָ „נייע וועלטן". איך וויל איך בלויז באַקענען מיט אַ טשעקאַווער שטאָט אין אַמעריקע.

מיט וואָסערע דרייסיק יאָר צוריק, ווען רינאָ איז נאָך געווען גאָר אַ קליין שטעטל מיט אַ 5.000 איינוווינער, איז אַהינגעקומען דער ניו־יאָרקער אַדוואָקאַט ווילי שניצלער, וועלכער האָט צוליב געוויסע „טעכנישע פעלערן" פאַרלוירן דאָס רעכט צו פּראַקטיצירן אַדוואָקאַטור אין ניו־יאָרק. מ'זאָגט, אַז ער איז אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין פּלאָנטער מיט די עקזיסטירנדע געזעצן, און ער איז אַוועקגעפאָר; אַזש קיין נעוואַדאַ־שטאַט, אָנצוהויבן פירן אַן ערלעך לעבן, אָדער ווי מען דריקט זיך אויס אַזוי שיין: אויפמישן אַ ניי בלאַט אין זיין לעבן.

רינאָ — ווי שוין געזאָגט — איז נאָך דעמאָלסט געווען אַ קליין שטעטל, וואָס האָט אַפילו נישט פאַרמאָגט קיין אייגענעם אַדוואָקאַט, און שניצלער האָט אפשר צוליב דער סיבה אויסגעקליבן דאָס שטעטל אַלס דאָס צוקונפטיקע פעלד פון זיין אַדוואָקאַטישער טעטיקייט.

עס איז אים אָבער געגאַנגען זייער שלעכט, וואָרום די איינוווינער, שטילע און פרידלעכע מענטשן, האָבן געפירט זייער ווייניק פּראָצעסן צווישן זיך, און אַן אַדוואָקאַט קאָן אונטער אַזעלכע אומשטענדן קיין גליקן נישט דערוואַרטן. האָבנדיק אַ סך פרייע צייט, האָט אונזער שניצלער געלייענט די געריכט־אַרכיוון, און זיך אָנגעשטויסן אויף אַ גט־פּראָצעס פון מרס. קאַרי, די פרוי פון

דעם רעמאָלסטדיקן שטאָל־מאַגנאַט, קאָרי, און מיליאָנערסקן שותּף
פון רזש. פּ. מאָרגאַן.

עס איז שניצלערן אויפגעפאַלן די לייכטקייט, מיט וועלכער די פרוי האָט דעמאָלסט אַרויסגעקריגן דעם גט, און שטודירנדיק די גט־געזעצן פון נעוואַדאַ, האָט ער זיי פאַרגליכן מיט די געזעצן פון אַנדערע שטאַטן, און האָט אויסגעפונען, אַז וואָס שייך באַפרייען אומצעפרידענע פּאָרלעך, איז דער שטאַט נעוואַדאַ פּשוט אַ גן־עדן.

אַ לאַנגע צייט האָט שניצלער געטראַכט, ווי אַזוי צו רעאַליזירן דעם נייעם ביזנעס־קוואַל, ווייל אַז עס קאָן דערפון ווערן אַ גרויס געשעפט, האָט דער אַדוואָקאַט, מיט דעם געזונטן חוש פאַר געשעפט, תּיכּף דערשמעקט.

אין אַ שיינעם טאָג איז ער אַוועק צו דעם איינציקן דרוקער פון דעם שטעטל און אים פאַרגעלייגט אַזאַ מין געשעפט: „איך האָב", — האָט ער געזאָגט צו דעם דרוקער, — „אַ וועג ווי אַזוי אַרויפצושטעלן רינאָ אויף דער אַמעריקאַנער לאַנדקאַרטע. מיט אַנדערע ווערטער, איך האָב געפונען אַ וועג, ווי אַזוי צו מאַכן אָט דעם קליינעם, פאַרגעסענעם פלעק פאַר אַ וויכטיקן אַמעריקאַנעם צענטער. אָבער עס איז וויכטיק, אַז איר זאָלט מיר בייהילפיק זיין".

דער דרוקער, ביי וועמען די געשעפטן זענען וואַרשיינלעך אויך נישט געווען צו פויגלדיק, איז געוואָרן שטאַרק נייגעריק:

„וואָס איז דער וועג, און מיט וואָס קאָן איך אייך דינען?" — האָט ער געפרעגט.

„איך וויל פאַרוואַנדלען רינאָ אין דעם גט־צענטער פון דער וועלט! איך וויל לאָזן וויסן אַלע איבעריקע שטאַטן, אַז דאָ אין רינאָ קאָן מען אַרויסבאַקומען אַ גט אונטער די לייכטסטע און אָנגענעמסטע באַדינגונגען, און אויסערדעם וועל איך נאָר צולייגן עטלעכע ווערטער וועגן זיך אַליין אַלס גט־ספּעציאַליסט!"

„און אויף וואָס פאַר אַן אופן ווילט איר עס טון?" — האָט דער פאַראינטערעסירטער דרוקער ווייטער געפרעגט.

„גאַנץ איינפאַך, איך וועל אָנשרייבן אַ בוך, וואָס איר וועט

דרוקן. און איך וועל עס פאַנאַנדערשיקן צו אַלע אַדוואָקאַטן פון די פאַרייניקטע שטאַטן, הויפּטזעכלעך נאַטירלעך צו די אַדוואָקאַטן אין יענע שטאַטן, ווו די גט־געזעצן זענען זייער שטרענג!״

זיי האָבן געמאַכט דאָס געשעפט. און עטלעכע חדשים שפּע־טער, איז דאָס בוך פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן איבער גאַנץ אַמעריקע.

אויפן שער־בלאַט איז געשטאַנען די פאָלגנדע אויפשריפט:

„די פּראָצעדור פון גטן לויט די געזעצן פון שטאַט נעוואַדאַ, מיט אַ אַריינפיר און מיט דערקלערונגען פון וויליאַם שניצלער, אַדוואָקאַט ביי די נעוואַדער געריכטן״.

אין בוך ווערט דערקלערט, אַז „בלויז אויפן גרונד פון נישט צעפרידנקייט קאָן יעדער אַרויסבאַקומען אַ שנעלן און לעגאַלן גט״. „עס איז בלויז נויטיק, אַז דער באַטרעפנדער, אָדער די באַ־טרעפנדע זאָל וווינען זעקס חדשים אין נעוואַדאַ, נאָך מער: מען קאָן אַפילו וווינען אין אַן אַנדער שטאַט אַזוי לאַנג, ווי מען באַ־צאָלט דירה־געלט פאַר זעקס חדשים אין נעוואַדאַ־שטאַט״.

אויסער דעם ווערן אין בוך אויסגערעכנט די נאַטור־שיינ־קייטן פונם שטאַט און הויפּטזעכלעך פון רינאָ, און דאַן גייט דער פאַרפאַסער איבער צו דער ריין־געשעפטלעכער זייט.

אין אַ קאַפּיטל, וועלכ׳ער טראָגט דאָס קעפּל: „די וואַל פון אַן אַדוואָקאַט״, זאָגט ער צווישן אַנדערן: ...„איך באַזיץ די נוי־טיקע דערפאַרונגען דורך מיין צוואַנציק־יאָריקער פּראַקטיק אין ניו־יאָרק און אין נעוואַדאַ, איך בין אויך שטאַרק באַליבט ביי די ריכטער און ביי מיינע קאָלעגן אַדוואָקאַטן אין דעם היגן שטאַט. און מיין איינגעבוירענע באַשיידנקייט דערלויבט מיר נישט צו שרייבן מ׳נר וועגן מיינע גרויסע פעאיקייטן!...״

עס האָבן אָנגעהויבן קומען קליענטן, אָבער נישט אַזוי פיל ווי שניצלער האָט דערוואַרט; יעדנפאַלס האָט ער — זייענדיק פאַר־לויפיק — דער איינציקער אַדוואָקאַט, אָנגעהויבן „מאַכן אַ לעבן״, און וואָס אַ חודש מער, אַלץ גרעס׳ר האָט ער זיך אַרויפגע־אַרבעט.

ער האָט שוין געהאַט צוויי סעקרעטאַרן, מיט אַן אייגענעם

אויטאָמאָביל. און מען האָט אים שוין געקאָנט זען בלויז „אויף ספּעציעלע באַשטעלונגען".

ווייסט מען דאָך אָבער פון דעם אַלטן כּלל: „אַז ווען אַ ייד האָט פּרנסה, ווערט ער גרויס אין די אויגן". האָבן זיך אַראָפּגעיאָוועט אַנדערע אַדוואָקאַטן, און זייער ערשטער שריט צו רואיגירן זייער דערפאָלגרייכן קאָנקורענט איז געווען אַ אָנקלאַגע, וואָס זיי האָבן אַריינגעבראַכט קעגן אים, אַז זיינע ביזנעס־מעטאָדן מיט דער גרויסער רעקלאַמע זענען נישט אין איינקלאַנג מיט דער אָנגענומענער עטיק פון די יוריסטן, און אַ קורצע צייט שפּעטער האָט מען טאַקע צוגענומען ביי אים דאָס רעכט צו פּראַקטיצירן.

דאָס איז געווען דער דאַנק פון די נעוואַדער ריכטער און אַדוואָקאַטן פאַר שניצלערס באַרימט מאַכן רינאָ און ברענגען אַהין ביזנעס פאַר אַלע טיילן פון דער באַפעלקערונג.

שניצלער האָט פאַרלאָזט דעם אומדאַנקבאַרן שטאַט, האָט געביטן זיין נאָמען און איז אַוועקגעפאָרן פּראַקטיצירן אַדוואָקאַטור ערגעץ אַנדערש.

זיין אידעע אָבער איז געבליבן לעבן. נאָך מער, די געזעצן פונם שטאַט זענען נאָך מער פאַרלייכטערט געוואָרן. און היינט צו טאָג איז רינאָ „די גרעסטע קליינע שטאָט אין דער וועלט".

שניצלער איז שוין לאַנג טויט, ער איז געשטאָרבן אין גרויס דחקות און אין דער גרעסטער אַנטוישונג: זיין קבר געפינט זיך ווייט פון רינאָ. אָבער עס געפינען זיך נאָך געננוג ביירגער אין רינאָ, וועלכע געדענקען אים, און האָבן אַ גוט וואָרט פאַר אים.

---

רינאָ איז אָבער נישט נאָר באַרימט צוליב דעם געזעץ פון גטן. עס איז אַ שטאָט, וווּ עס גייט אָן ספּאָרט אויף אַלע געביטן, און מיר דוכט, אַז נישט נאָר איז רינאָ אַ גט־פאַבריק, נאָר עס איז אויך אַ פאַבריק פון האַזאַרד און קאָרטן־שפּיל און קאָמערציאַליזירטע זינד בכלל. רינאָ איז מאָנטע־קאַרלאָ און פּאַריז. מיר דוכט, אַז רינאָ איז דער גרעסטער האַזאַרד־צענטר אין אַמעריקע. דאָ שיכּורט מען אויף טיש און אויף בענק און דאָ קאָנען זיך אויפ־

האַלטן די גרעסטע און ראַפינירטסטע פּראָסטיטוציעס אונטערן אויסרייד, אַז זיי וואַרטן אויף אַ גט.

דאָ אין רינאָ געפינען זיך רייכע קאַבאַרעט־פּלעצער, וווּ מען הוליעט אָן חשבון, אָן גרענעצן און אָן קאָנטראָל. רינאָ איז אַ קליין שטעטל, אויסגעלייגט מיט גלייכע גאַסן און אָנגעפּיקעוועט מיט פאַרשידענע „קלוב־הייזער". — רינאָ איז אויפגעוואַקסן, ווי די גט־פאַבריק פון אַמעריקע. דאָס איז פאַקטיש דאָס קלענסטע שטעטל אין קלענסטן שטאַט נעוואַדאַ, און דאָך איז עס וועלט־באַרימט.

שוין דער וואָקזאַל אין רינאָ איז אַן עדות, אַז דאָס שטעטל איז נישט אַבי־ווער. דער וואָקזאַל איז אַ ברייטע, גערוימע געביידע מיט לאַנגע פּלאַטפאָרמעס, מיט בייטן בלומען און אַ סך טאַקסיס ביי דער זייט, גרייט אויפצונעמען אַ סך פּאַסאַזשירן. דער וואָקזאַל און דער פּלאַץ אַרום איז אַ שאַרפער קאָנטראַסט צו די קליינע, אָפּגעלאָזטע און פאַרשטויבטע וואָקזאַלן אין די שטעטלעך צווישן די בערג אין דעם ווייטן מערב. די באַן־קאָמפּאַני ווייסט, וואָס פאַר אַ חשובע פּאַסאַזשירן זי ברענגט קיין רינאָ, האָט זי נישט געזשאַ־לעוועט קיין געלט צו מאַכן דעם אַריינגאַנג אָנציענדר און פּאַסיק פאַר דער געלעגנהייט, וואָס ברענגט אַהער די פּאַסאַזשירן.

נאָך אין וואַגאָן פאַלט דאָס אויג אויף אַ גרויסן שילד, באַ־לויכטן מיט נעאָן־ליכט: „רינאָ — די ביגעסט ליטל סיטי אין די וואָרלד!" (רינאָ — די גרעסטע קלענסטע שטאָט אין דער וועלט). אין אָט דעם שרייענדיקן, פּרעטענציעזן טיטול איז פאַראַן אַ ווונק, אַן אָנצוהערעניש. די, וועלכע גייען אַרונטער, ווייסן דעם באַדייט דערפון.

די „גט־פאַבריק", די שטאָט פון רווישנדיקע זינד, איז שטאַרק באַלויכטן. מאַסן אויטאָמאָבילן שטייען אויף די גאַסן. נעאָן־ליכט־שילדן שרייען אַרויס די נעמען פון די פאַרשידענע „קלובן" און רעסטאָראַנען, טאַווערנס און די פאַרשידענע אַמוזירונגס־פּלעצער, און איך האָב דעם איינדרוק, אַז אין רינאָ שלאָפט מען נישט ביי־נאַכט, אַז דאָרט איז מען אייביק לוסטיק, אייביק יונג און צע־רייצט פון לעבן...

די, וואָס קענען רינאָ, וועלן אייך אָנזאָגן, אַז קומענדיק אין שטאָט, מוז מען זען וויניקסטנס דריי באַרימטע פּלעצער: „די טאַווערן", ווו עס הוליען די רייכע (ביי האַזאַרד־שפּילן), „די דאָג־האַוז" (דאָס הויז פאַר הינט), וואָס איז סיי אַ קאַבאַרעט, סיי אַ קאָרטן־שפּיל־פּלאַץ פאַר רייכע פּוסטעפּאַסניקעס, און דעם „באַנק קלוב", וואָס איז די גרעסטע שפּיל־אינסטיטוציע אין רינאָ. עס טראָגט דעם באַשיידענעם נאָמען „באַנק־קלוב", ווייל עס איז רעיעל און זיכער, אָבער פאָרט אַ שפּיל־הויז. די אַלע אַנדערע פּלעצער זענען, גלויבן מיר, שוואַכע נאָכאַמונגען, זיי זענען פּשוט אימיטאַציעס, ווי בלאַסע פאָטאָגראַפיעס. עס איז פאַראַן נאָך אַ פּלאַץ, וואָס לוינט זיך אָנצוקוקן, דאָס איז די „סטאָקאַדע", אָדער ווי די ניו־יאָרקער קאָרטן־שפּילער רופן עס „לאַין־אָפּ", אָדער „פּאָד־קאָווע", דער דאָזיקער פּלאַץ געפינט זיך אויף דער גרענעץ פון דער צווייטער זייט רינאָ, לעבן די אייזנבאַן־לאַגערן, וואָס איז פונקט אַנטקעגן די שטילע גאַסן, ווו עס שפּילן זיך אומשולדיקע קינדער.

דער דאָזיקער „סטאָקאַדע" איז ווי אַ הויפּט־לאַגער פון אַלע רויבער און מעס־ר־העלדן אין דער וועלט. דאָרט איז אַ קאָמבי־נאַציע פון אַלץ, וואָס אייער פאַנטאַזיע קאָן זיך פאָרשטעלן. דאָ קאָן מען אייך באַגנבענען, מען קאָן אייך אַריינרוקן אַ מעסער אין בויך, אונטערשלאָגן די אויגן, ווייל דאָרט איז די אַזוי־גערופענע („העד־קוואָדר־ס") הויפּט־קוואַרטיר פון דער אַמעריקאַנער אונ־טערוועלט, ווי למשל די אַפּאַשן־קעלערס אין פּאַריז.

רינאָ מאַכט דעם איינדרוק, ווי אַ צעשויבערטער משונה־ווילדער שייגעץ צווישן ציוויליזירטע מענטשן. עס איז אַ שטאָט אין די פאַרייניקטע שטאַטן, וואָס האָט זיך איר אייגן פּנים, איר אייגענ־ם אויסדרוק פון לעבן. דאָ איז הפקר־פּעטרישקע. אין די שפּיל־הייזער רוישט און זשומעט, ווי בינען אין אַ בינשטאָק. דער האַנדל מיט שנאַפּס גייט דאָרט אָן פראַנק און פריי און איר קאָנט קריגן בראָנפן אפילו אין אַ שפּייז־קראָם. אין די שפּיל־הייזער שטייען אויטאָמאַטן, וואָס דרייען זיך און „שלינגען" ניקעלס

(5־סענטיקע), האַלבע און גאַנצע זילבערנע דאָלאַרן. אין קיין שטאָט וועט איר נישט אַזויפיל זילבער־דאָלאַרן, ווי דאָרט אין רי־נאָ. מען זעט ווי די אויטאָמאַטן שלינגען דאָס געלט און די שפּי־לער שרייען, ליאַרמען און איר פילט, ווי איר ווערט ווי אַריינגע־כאַפּט אין אַ פּלאָנטער פון שטימען. מען מאַכט חוזק פון זיך, מען שעלט, מען זידלט די מאַשינען און איר הערט אַ שפּראַך, וואָס צעקאָכט אייערע בלוטן פאַר בושה. עס איז אַ רינשטאָק־שפּראַך, וועלכע מען האָט אַמאָל געקאָנט הערן אין די שמוציקע דומפּיקע קעלערס צווישן דעם אָפּפאַל פון דער מענטשהייט, אויף דער „באַורי" אין ניו־יאָרק. דאָרט אין די רינאָער שפּיל־הייזער גייט די צייט צוריק, דאָרט ציילט מען נישט קיין געלט, דאָרט מעסט מען בערגלעך זילבער לויט זייער הויך.

דעם שווידערלעכסטן איינדרוק מאַכט די „סטאָקאַדע", וואָס געפינט זיך אונטער אַ הויכן פּאַרקאַן, וואָס טיילט אָפּ דעם דאָזיגן פּלאַץ אַפילו פון דעם צעשויבערטן, צעלאָזענעם רינאָ, וואָס זעט אויס, ווי אַ בעלי־הביתישע מיידעלע אין פאַרגלייך צו דעם, וואָס מען זעט אונטערן פּאַרקאַן, דאָרט אין דער „סטאָקאַדע". בלענדנ־דע ליכט, אַ רוישיקער מענטשן־געמיש, פּרויען און מענער שטופּן זיך, שרייען, ליאַרמען אין דער רונד־פאָרמיקער געביידע. עס איז עפּעס, ווי אַ שעכט־הויז, ווו מען קוילעט עופות. די געביידע אַליין איז איינגעטיילט אין אָפּטיילונגען: אַ טיר און אַ פענסטער. אויף די פענסטער אויפשריפטן, וואָס רייצן אייער בליק. אין די פענס־טער שטייען די אַזוי־גערופענע „סחורה": זיי לאַכן, ווינקען און רייצן אייך מיט זייער יוגנט... די מערסטע מיידליך זיצן אין מו־טער חוהס קליידער. זיי שלעפּן אייך צו זיך. זיי בעטן אייך צו טרינקען מיט זיי. די מיידלעך פון איין זייט רעדן זיך דורך מיט די מיידלעך פון דער צווייטער זייט און איר זעט פאַר זיך אַ „יאַ־ריד" פון מענטשלעכע נשמות. עס איז דאָרט אַזאַ טומל, אַזאַ גע־דראַנג, אַז איר הויבט אָן פילן, ווי איר וואָלט זיך געפונען אין אַ טערקישער באָר. עס איז אַן אָפענער מאַרק פון מענטשן־פלייש. עס איז דער מאַרק, וואָס איז יעזועצלעך איינגעאָרדנט פון דער שטאָט רינאָ. עס דוכט זיך, אַז אין די ערגסטע רינשטאָקן פון די

האפּן־שטעט, אין די ערגסטע מערס פון ווייסן־שקלאַפן־האַנדל קאָן מען אַזוינס נישט זען, ווי אין דער „סטאָקאַדע" אין רינאָ.

די, וואָס געדענקען ניו־יאָרקער עלען־סטריט, מיט 30, אָדער 35 יאָר צוריק, ווען דער ווייסער שקלאַפן־האַנדל איז געווען פריי, וועלן זיך קוים קאָנען פאָרשטעלן, וואָס עס טוט זיך אין דער „סטאָקאַדע" אין רינאָ. עלען־סטריט, מיט אַלע אירע שאַנד־הייזער, די אַפּאַשן־קעלערס פון פּאַריז און די גאַנצע „זינד" פון האַזאַרד־שפּיל איבער גאָר דער וועלט זעען אויס, ווי אַ קינדער־שפּיל אין פאַרגלייך צו דער „סטאָקאַדע".

אויסגעלאַסנקייט איז נישט דער מאָנאָפּאָל פון רינאָ. נאָר רינאָ האָט באַוויזן צו פירן דאָס געשעפט מאָדערן, עקלהאַפט־מאָדערן און צי איר ווילט צי נישט, באַקומט איר דעם איינדרוק, אַז איר זענט אַריינגעפאַלן אין אַ באַזונדערער מיאוסער וועלט, עפּעס ווי רינאָ זאָל זיין אָפּגעצוימט פון דעם גרויסן דרויסן, אַ וועלט, וואָס פירט אָן אָן אָפּנעם האַנדל מיט לייבער...

דאָרט אין רינאָ איז אַלץ הפקר! דאָרט איז נישט נאָר אַ גט־פאַבריק, נאָר אַ שטאָט פון משונה־ווילדע קאָנטראַסטן, און עס זעט אויס, ווי אַלץ, וואָס שמעקט מיט הפקרות, אויסגעלאַסנקייט און צעשויבערטקייט פון לעבן איז דאָרט קאָנצענטרירט. די אויס־געלאַסנקייט פון גאָר דער וועלט געפינט דאָרט איר תיקון.

געאָגראַפיש געפינט זיך רינאָ איינגעקלאַמערט צווישן בערג, אַרום פיר־טויזנט פוס איבערן ים־פלאַך. צווישן קאַליפאָרניע און אָרעגאָן, איידאַהאָ, יוטאַ און אַריזאָנאַ־שטאַטן ליגט דער קליינע שטאַט נעוואַדאַ, אין וועלכן עס געפינט זיך די קליינע־גרויסע שטאָט רינאָ. די פאַבריק פון גטן. דאָס „שאַנד־הויז פון אַמעריקע".

XXXII.

## ניאַגאַראַ־וואַסערפאַל — דער „סמבטיון" פון אַמעריקע

גרויס זענען די וואונדער אין אמעריקע! דער גרעסטער וואונ־דער איבער אלע וואונדער—איז דער ניאגארא־וואסערפאל (ניאגארא פאלס) ,וואס ליגט ארום די שטאטן: וויסקאנטין, מישיגען און ניו־יארק פון איין זייט און גרענעצט זיך פון דער צווייטער זייט מיט קאנאדע.

די לאגע פון דעם טייך ניאגארא איז אזא, אז ער שטעלט מיט זיך פאר א נאטירלעכע גרענעץ צווישן די פאראייניקטע שטאטן און קאנאדע .אויף איין זייט ניאגארא איז דער שטאט ניו־יארק און פון דער צווייטער זייט איז די געגנט פון קאנאדע, וואס רופט זיך אָנ־טאריא. און אזוי ווי דער וואסערפאל פארנעמט די גאנצע ברייט פון טייך, דערפאר געהערט א האלבער וואסערפאל צו אמעריקע און די צווייטע העלפט—צו קאנאדע. גראד אינמיטן, אין דעם ארט, ווו דאס וואסער פאנגט אן ארונטערצופאלן, געפינט זיך א קליין אינזל, וואס צעטיילט דעם וואסערפאל אויף צוויי נישט־גלייכע העלפטן. שטייענדיק ביים ברעג פון אינזל האט מען צו דער רעכ־טער זייט דעם קלענערן טייל פון וואסערפאל, וועלכער געהערט צו־זאמען מיט דעם אינזל צו די פאראייניקטע שטאטן, און צו דער לינקער זייט האט מען דעם גרעסטן טייל פון וואסערפאל, וועלכער איז באקאנט אונטער דעם נאמען „הארס־שוה־פאל" (פּאָדקאָווע־

פאל) און ער געהערט צו קאנאדע. און פוןביידע זייטן וואסער־פאל האָבן די רעגירונגען פון ביידע לענדער אָפּגעטיילט שטיקער לאנד און עס פארוואנדלט אין נאציאָנאַלע פארקן, ספעציעל פאר די אינטערעסן און דער באקוועמלעכקייט פון פובליקום און טוריסטן.

צענטליקער טויזנטער מענטשן קומען באוואונדערן דעם גרויסן וואונדער פון ניאגארא־פאָלס, וועלכער איז נאָך א גרעסער וואונדער, ווי קאליפאָרניע, אָדער פלאָרידא, ווו עס איז אייביק זומער, ווו פון דער ערד שפראָצט ארויס שפע און זאטקייט, און ווו די זון שיינט 365 טעג אין יאָר.

מען קאָן זיך קיינמאָל נישט זאט אָנקוקן. איר שטייט דאָרט אָפּ א שעה צייט, און איר ווייסט נישט אויף וואָס פריער צו קוקן, און אייך דוכט זיך, אז איר זענט ערשט נאָר־וואָס צוגעקומען, ווייל איר קאָנט פשוט נישט אוועקרייסן אייערע אויגן פון דעם צויבער, וואָס די נאטור באווייזט דאָ יעדע סעקונדע אין טאָג און יעדע רגע אין דער נאכט.

דערפאר קומען טאקע פאָעטן, מאָלער, שריפטשטעלער און נאָוועליסטן שעפן באגייסטערונג ביים וואסער־פאל אין ניאגארא.

די נאטירלעכע שיינקייטן פון דעם וואסערפאל זענען זייער גרויס און פילזייטיק. יעדע תקופה פון יאָר שטעלט דאָרטן פאָר א באזונדער אינטערעסאנט בילד. שטעלט אייך פאָר, א ריזיקע מאסע וואסער, ארום א האַלבע מייל די ברייט, פאלט מיטאמאָל אראָפּ אין דער טיפעניש צוויי פעלזיקע ווענט, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די ברעגן פון טייך, און דערביי שאפט עס א מין ריזיקע וואנט פון שטראָמענדן וואסער, וואָס איז אומגעפער אזוי הויך, ווי 15 שטאָק. אראָפּפאלנדיק צעקלאפּט זיך דאָס וואסער און באדעקט דעם אָפּגרונט מיט אַן אייביקן קאָכנדיקן און רוישנדיקן ווייסן שוים און פילט אָן די לופט מיט מיליאַרדן שפריצלעך, וואָס בלישטשען אקעגן דער זון, ווי מיליאָנען קליינע דימענטלעך אין אלע קאָלירן פון א רעגנבויגן. און אגב, דער רעגנבויגן איז דאָרט א שטענדיקע דערשיינונג, וואָס מען קאָן זען אלע מאָל, ווען עס שיינט די זון. דאָס אינזל, וואָס געפינט זיך אינמיטן וואסערפאל,

און די ברעגן אַרום אים, זענען באַדעקט מיט הויכע ביימער און געדיכטן גראָז און זייער טונקעלער קאָליר מישט זיך צוזאַמען מיט די פאַנטאַסטישע קאָלירן פון דעם וואַסערפאַל און שאַפן אַזאַ מין קאָמבינאַציע פון פאַרבן און קאָלירן, אַז מען ווערט פשוט פאַר־כּישופט.

דאָס רעדט זיך וועגן זומער. ווינטער שאַפט דער וואַסערפאַל נייע אַנטציקונגען, נייע ווונדער, וואָס באַצויבערן אייך. אין ווינ־טער קאָנט איר דאָרט אָפּט זען, ווי די ברויזנדע כוואַליעס טראָגן אַרונטער שטיקער אייז, וואָס פאַלן אַרונטער מיט אַ קראַך, ווי אַ דינאַמיט־באָמבע, די כוואַליעס שלעפּן צונויף איין שטיק אייז אויפן צווייטן, אַז ס'פאָרמירט זיך אַן אייז־בריק, וואָס פאַרייניקט ביידע ברעגן — קאַנאַדע מיט אַמעריקע...

דעם ניאַגאַראַ־וואַסערפאַל מוז מען זען פאַרן זון־אויפגאַנג און ביים זון־אונטערגיין; מען מוז זען דעם וואַסער־ריז ביינאַכט ביי דער שיין פון דער לבנה. יעדעס מאָל איז דער וואַסערפאַל אַן אינטערעסאַנטע פּאַנאָראַמע, וואָס נאָר גאָט האָט געקאָנט שאַפן.

אָט קוק איך אויף דעם נס ניאַגאַראַ־וואַסערפאַל אין אַ פרי־מאָרגן־שעה, ווען די זון גרייט זיך אויפצוגיין. די נאַכט און דער מאָרגן באַגעגנען זיך, און זיי מישן זיך אויס מיט אַ קאָליר פון אַ רעגנבויגן, וואָס ווערט פאַר אייערע אויגן געשאַפן פון די שוי־מענדיקע וואַסער־שלייערס, וועלכע דעקן צו איינער דעם צווייטן, פירן אַ שטילע מלחמה. אָט אַזוי ווערט מען אַלעמאָל פאַרגאַפט, פאַרכאַפּט פון פרישע ווונדער, ווי עס שפּילן זיך די וואַסערן, ווי עס שטיפן די כוואַליעס, און ווי דער שטאַרקערער וואַסערפאַל פאַריאָגט דעם שוואַכערן, — דער אייביקער קאַמף אין דער נאַטור!

איר ווערט פון דעם בילד קיינמאָל נישט מיד. די צויבער־שפּיל פון די ניאַגאַראַ־וואַסערן ווערט קיינמאָל נישט אַלט. אייך ווילט זיך אַלעמאָל אויסשרייען: גאָט, גרויס זענען דיינע ווונדער! טויזנטער יאָרן גיסן זיך דאָ די כוואַליעס אָן אַן אָפּהאַלט און אָן אַן אָפּשטעל, אָן אַן אָנהויב און אָן אַ סוף.

ווער עס האָט אַמאָל געזען דעם ווונדער, „ניאַגאַראַ־פאַלס", וועט עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן. ווי זיסע מוזיק וועט עס אייביק

קלינגען אין אייערע אויערן — דער געוויש פון ניאַגאַראַ־וואַסער־פאַל.

נישטאָ דער פּאָעט, נישטאָ דער מאָלער, וואָס זאָל קאָנען פאָרשטעלן, שילדערן אָדער מאָלן דעם וואַסער־ריז, וואָס ווייזט זיינע ווונדער אין ניאַגאַראַ־פאַלס, ביי באָפאַלאָ, ניו־יאָרק.

דער ניאַגאַראַ־וואַסערפאַל ווערט אויך באַטראַכט פון אַן עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט. ווען וואַסער באַוועגט זיך אַליין פון אַ העכערן אָרט צו אַ נידעריקן, באַזיצט עס אַ קראַפט, וואָס קאָן אויספירן געוויסע נוצלעכע אַרבעט, ווען מען זאָל עס וועלן אויסנוצן דורך פּאַסנדיקע איינריכטונגען. ביי די ברעגעס פון גאַנץ געוויינלעכע טייכלעך, איבערהויפּט דאָרטן, ווו דאָס וואַסער פליסט אַביסל האַסטיקער, שטעלט מען איינפאַכע, פרימיטיווע וואַסער־מילן, און דאָס באַוועגלעכע וואַסער מאָלט מעל און טוט אַנדערע אַרבעט. מיר וועלן אָבער וועגן דעם נישט רעדן, כאָטש אין דער אמתן ווערט אַ גרויסער טייל פון דער קראַפט פון וואַסער־פאַל פאַקטיש אויסגענוצט. פון ביידע זייטן פון דעם וואַסערפאַל, אין אַזעלכע ערטער, וואָס שטערן נישט דעם פּובליקום, שטייען עטלעכע גרויסע פאַבריקן (עלעקטראָווניעס), אין וועלכע דאָס רוישנדיקע וואַסער אַנטוויקלט אַ מאַסע פערדקראַפט, אין דער פאָרם פון עלעקטריציטעט. אַ טייל פון אָט דער קראַפט ווערט אויסגענוצט דירעקט אויפן פּלאַץ צו פּראָדוצירן אַזעלכע פּראָדוקטן, ווי דער מעטאַל אַליומיניום, דאָס זאַלץ „סאַלפּעטער" (פאַר אויפרייס־מאַטעריאַלן און צו באַמיסטיקן די ערד) און נאָך אַנדערע מאַטעריאַלן. אַ טייל פון דער עלעקטריציטעט, וואָס ווערט דאָ אַנטוויקלט, ווערט דורך דראָטן צעשיקט אין די דערבייאיקע שטעט און שטעטלעך אויף עטלעכע צענדליק מייל אַרום. די שטאָט באָפאַלאָ, צום ביישפּיל, ציט איר גאַנצע עלעקטריציטעט, פאַר אַלע אירע גאַסן־באַנען, באַלייכטונג און פאַר אירע פאַבריקן — פון די זעלבע פאַבריקן, וואָס געפינען זיך לעבן דעם ניאַגאַראַ־פאַל, ווו די עלעקטריציטעט ווערט אַנטוויקלט פון דעם פאַלנדיקן וואַסער.

בעת איר באַטראַכט דעם ווונדער, גייט אייך קנאַפּ וואָס אָן די פּראַקטישקייט פון אַזאַ ריזיקן וואַסערפאַל. דער ניאַגאַראַ־וואַ־

סערפּאַל קײַטלט זײַנע זילבערנע שטראָמען און איר בלײַבט פֿאַר־
גאַפֿט פֿון ריזיקן נאַטור־שפּיל, וואָס וועקט אין אײַך יוגנט און גע־
זאַנג, דערמוטיקט אײַך און קרעפֿטיקט אײַך.

דאָס איז דער ניאַגאַראַ־וואַסערפֿאַל, דער אַמעריקאַנישער
„סמבטיון", וואָס רוט נישט און רײצט די גאַנצע וועלט מיט זײַן
שײנקײט און פּראַכט — דער וווּנדער איבער אַלע וווּנדער.

XXXIII.

# פון פּיטסבורג ביז וואַשינגטאָן

פּיטסבורג און וואשינגטאָן — צוויי גרויסע אַמעריקאַנישע שטעט. זאָגט מען אפילו ביי אונז יידן א ווערטל: אַלע יונים האָבן איין פּנים. דאָס האָט מען געוויס געמיינט די אַמערי־קאַנישע שטעט, זיי זענען כמעט אַלע לויט איין סטיל און פאָרם: גרויסע מויערן, באַקאַנט אונטערן נאָמען: „הימלקראַצער", טענעמענט־הייזער, רוישיקע גאַסן, מענטשן לויפן און יעדער טריט זאָגט: „צייט איז געלט!" — יעדער טריט זאָגט: „לאָז מיך גע־מאַך, האָב קיין צייט נישט צו לעבן, ווייל מען דאַרף מאַכן אַ לעבן".

אין דער לופט שוועבט אַ געפּילדער, אַ גערויש, אויטאָמאָ־בילן לויפן טייוולאָניש־שנעל און „פּיף־פּאַפּן" און לאָזן נאָך זיך איבער אַ רויך און אַ ריח. די קאַרס לויפן און קלאַפּן און אויף דעם הימל קרייזלען זיך קנוילן רויך, וועלכע מישן זיך צונויף מיט די וואָלקנס.

אמת, נאָך אַ גענויער אונטערזוכונג האָט יעדע שטאָט איר כאַראַקטעריסטיק, אירע אינדיווידועלע שטריכן. אָבער אויף דעם ערשטן בליק זעען אויס אַלע שטעט גלייך, ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט. ווען מען לעבט זיך אָבער איין אין די דאָזיקע שטעט, דערזעט מען, אַז אפילו סאַן־פראַנציסקאָ איז אַנדערש פון איר שוועסטער־שטאָט לאָס־אַנדזשעלעס און דאָס זעלבע דערזעט מען,

ווען מען קוקט זיך איין אין וואשינגטאָן און פּיטסבורג, אָדער שיקאַגאָ, למשל.

הייסט עס, אַז עס זענען פאַראַן שטעט, וואָס זענען באַזונדערס אייגנאַרטיק. מיר ווייסן, למשל, אַז וואשינגטאָן, ווו עס וווינט אונזער פּרעזידענט און ווו עס ווערט אָנגעפירט די וועלט־פּאָליטיק, איז מען דווקא מער מקפּיד אויף קונסט, ווי אין וועלכער עס איז אַנדערער שטאָט. שוין אויף דעם וואָקזאַל אין וואַשינגטאָן דערזעט איר גלייך דעם אונטערשיד.

ניו־יאָרקער וואָקזאַלן איבערראַשן אייך מיט זייער קאָלאָסאַלקייט, מיט זייער פאַרנעם, זיי זענען אימפּאָזאַנט. איר דערזעט קראַפט, ענערגיע פון שטאָלענעם מוסקול און אייזערנער ברוסט, אָבער אין דעם וואשינגטאָנער וואָקזאַל דערשפּירט מען גלייך, אַז מען איז אין אַן אייראָפּעיִשער שטאָט. דער וואָקזאַל איז דעקאָרירט מיט סטאַטוען און בילדער פון אייראָפּעיִשע קינסטלער.

וואשינגטאָן, די הויפּטשטאָט פון אַמעריקע ,איז, אַלזאָ, ענלעך צו אַ גרויסער אייראָפּעיִשער שטאָט, וואָס דאָס איז פּשוט אַן אויסנאַם פון אַלע אַנדערע שטעט אין אַמעריקע. ווען איר שפּאַצירט אין וואשינגטאָן, הערט איר זיך שפּאַצירן, איר קאָנט גיין צום טאַקט, ווען איר זענט מוזיקאַליש. איר טראַכט און קיינער שטערט אייך נישט, אָבער גאַנץ אַנדערש איז עס אין אַ שיקאַגאָ, סט.־לואיס אָדער פּיטסבורג.

מיט דער באַן פאָרט מען שנעל. עס נעמט בלויז איינציקע שעה צייט, אַזוי, אַז די וועלט זעט אויס קליין, אין פאַרלויף פון איין מעת־לעת בייט מען קלימאַטן, בייט מען הימלען, בייט מען ראַסעם און פאַרשידענע טיפּן פון דער באַפעלקערונג. עס בלייבט נישט גענוג צייט צו באַטראַכטן די דערשיינונגען און עס בלייבט נישט גענוג צייט צו באַקענען זיך מער מיט דער אָדער יענער שטאָט.

בין איך טאַקע געפאָרן מיט אַ „באָס" און לאַנגזאַם אַלץ באַטראַכט. געערדט און געהערט רעדן. דאָס איז, דוכט זיך, נוי־טיק פאַר אַ רייזנדיקן זשורנאַליסט.

פּיטסבורג איז אַ שטאָט פון בערג און טאָלן. אַ נעסט פון רויטלעך־פאַררויכערטע הייזער און צעבראָכענע טראָטואַרן. אַ יאָ־

מער־טאָל פון אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע נעגערס. דער יידישער קוואַרטאַל — ווי אַ חורבה. יידישע קראָמען מיט פאַרזאַרגטע און פאַרכמורעטע קרעמער. אַ ביזנעס־קוואַרטאַל, ווי אַלע ביזנעס־צענטרען אין אַמעריקע. גרויסע יידישע דעפּאַרטמענט־קראָמען, ווי אין פילאַדעלפיע. שרייענדיקע שילדן פון קינאָס, ווי אין סט.־לואיס און אַלע אַנדערע שטעט.

איבער די הייזער, איבער די בערג און איבער די טאָלן — רויך...

ווי אַ שרעקנדיקער גייסט הענגט דער רויך איבער די קעפּ, קריכט אַריין אין די פאַרבאָרגנסטע שפּעלטעלעך פון דער נשמה און לאָזט אַ שלעכטן ריח, וואָס שאַפט אין אייך אַ געפיל, ווי איר זענט אַ טייל פון די אייזן־פאַבריקן...

רויך אויבן, רויך אונטן, רויך אומעטום, — רויך ביי טאָג און רויך ביינאַכט.

דער אַמעריקאַנער שריפטשטעלער אָ'הענרי האָט אַמאָל אָנגערופן פּיטסבורג דעם „קוימען פון אַמעריקע" און ווען איך בין איצט דאָרט געווען, האָב איך געפילט דעם רויך אפילו אויף מיינע קליידער, ווי מען פילט דעם בהמה־ריח אין די „סטאַק־יאַרדס" אַרום די שיקאַגער שלאַכט־הייזער.

בלויז צוויי טעג אין פּיטסבורג און מיינע קליידער האָבן גע־שמעקט פון רויך, אַפילו ווען איך בין שוין געווען אין לאָס־אַנ־דזשעלעס. דער רויך פון פּיטסבורג און דער ריח פון שיקאַגער שלאַכט־הייזער האָבן מיך בארויבט פון מיין אַפּעטיט צום עסן.

ווען די זון שיינט אין פּיטסבורג, דערזעט מען ערשט, ווי מענטשן גייען אַרום פאַררויכערט...

אַן ענלעכן ריח פון רויך דערשפּירט מען אויך אין דער גרויסער שטאָט קליוולאַנד־אָהייאָ. דאָרט, אין קליוולאַנד, ווו עס איז פאַראַן, פּונקט ווי אין שיקאַגאָ, סט.־לואיס און פילאַדעלפיע, אַן עכט יידיש לעבן, קלעפּט זיך דער רויך צו אייערע לונגען און איר פילט, ווי איר עסט רויך מיט ברויט, — ברויט מיט רויך...

די איינוווינער פון פּיטסבורג, ווי די איינוווינער פון קליוו־

לאנד, זענען שוין אזוי צוגעוווינט צו דעם רויך, אז ווען זיי קו־מען קיין ניו־יארק אדער אן אנדערער שטאט, דוכט זיך זיי, אז דער קלימאט איז נישט קיין גוטער. עס פעלט זיי דער רויך...

אין פיטסבורג איז דער רויך א דיקער, א שווארצער, און עסט זיך אייך איין טיפער אין די ביינער.

האט דער רויך א ווירקונג אויף די מענטשן? מיר דוכט, אז יא. איר טרעפט, דוכט זיך, אפט מענטשן, וואס רעדן צו אייך דורך רויך...

ווען די זון שיינט אויף, ווען די הימלען ווערן לויטער — דערזעט איר, ווי די זעלבע מענטשן ווערן מילד; זיי ווערן יום־טובדיק געשטימט און רעדן צו אייך ווייכער, שענער און אנגע־נעמער.

ווען די זון גייט דארט אונטער, דערזעט איר ווידער פיטס־בורג — די שטאט פון שטאל און אייזן.

אויבן, אויף די בערג, וווינען די רייכע, און אונטן, אין די טאלן, וווינען די ארעמע. אויבן איז יום־טוב, אונטן — וואכע־דיקייט. אויבן הערשט די ממשלה פון עולם־הזה, און אונטן ציען זיך גיסערייען מיט הויכע קוימענס און געדיכטע רויך־קנוילן. אונטן, אין די שטאל־ און אייזן־פאבריקן, שוויצט דער ארבעטער, גיסנדיק שטאל און אייזן. אונטן ברענט א העליש־פייער און שיסט מיט פייערדיקע צונגען אנטקעגן די הימלען. אונטן גיסט מען שמעלצנדיקע מעטאלן פון טאג ביז נאכט. שטענדיק שטייען דארט מענטשן, הארעפּאשניקעס מיט פארקאטשעטע ארבל און מיט פלאַ־מענדיקע פנימער, בראטנדיק זייערע לייבער ביי די העלישע קאלך־אויוונס.

אז מען פארט איבער די גלאנצנדיקע אספאלט־טראקטן, וואס פירן אין די אריסטאקראטישע קווארטאלן און מען קוקט ארונ־טער אין טאל אראפ, זעט מען, ווי די פייערדיקע צונגען רייסן זיך פון די גיסערייען, ווי זיי וואלטן לעקן די לופט, אבער די פלאם־צונגען פאלן גלייך ארונטער, זיי רייצן זיך בלויז און „שפילן" זיך מיט דער אויסערלעכער וועלט...

אז מען זעטיקט די אויגן מיט די ציכטיקע און ליכטיקע

פּאַלאַצן, מען קוקט אָן די סטאַטועס, די פּאַרשידענע טורעמלעך, די ווילעס, לאָזט מען זיך ווידער אַראָפּ אין טאָל צו די פּאַררוי־בערטע הייזער און קראָמען, צו די אויסגעקרימטע, צעבראָכענע טראָטואַרן, וואָס דערמאָנען אייך אין דעם לאָדזשער קוואַרטאַל, וואָס רופט זיך „באַלוט". דאָ, פּונקט ווי דאָרט, זעט איר נעבעכ־דיקע קרעמלעך פון גרינס און פרוכטן.

איר דערזעט די אָרעמע, אָפּגעריסענע נעגער, — די פאַר־וואָגלטע, פאַרשטויסענע נעגער, און נישט ווילנדיק, פאַרגלייכט איר זייער גורל צו דעם גורל פון די יידן אין פּוילן, רומעניע און אין איצטיקן נאַצי־לאַנד. ווי אומעטום אין דרום־אַמעריקע, גייט אויך דער נעגער דאָ אַרום ווי אויף אַ פרעמדער ערד, גלויבט נישט זיינע אייגענע טריט און איז צופרידן, אַז קיינער טשעפּעט אים נישט. אַזאַ מין צושטאַנד האָב איך אויך געפונען אין דעם נעגער־קוואַרטאַל אין סט.־לואיס.

ווען מען פאַרגלייכט די לאַגע פון די יידן אין לאָדזשער „באַלוט" מיט די נעגער אין פּיטסבורג, אָדער סט.־לואיס, דערזעט מען גלייך דעם ענלעכן גורל פון די צוויי פעלקער.

וואָס טוען יידן אין פּיטסבורג, אין קליוולאַנד, אָדער סט.־לואיס? אומעטום דער זעלבער שדים־שפּיל, — יידן האַנדלען מיט „דזשאָנק", יידישע קראָמען פון ברוכווארג, אָפּגענוצטע חפצים, אַלטע קליידער, אַלטע שיך און שמאַכטעס.

א צענטער, ווו דער יידישער עולם קאָן קריגן אַ יידישע צייטונג, זיצן ביז שפּעט ביינאַכט אין אַן אָרעמען „קענדי־סטאָר", אָדער ביליקן „לאָנטש־רום" און שמועסן וועגן „רעכטיזם" און „לינקיזם", וועגן היטלעריזם און וועגן דעם גורל פון יידן אין מזרח־אייראָפּע.

אין די ראַדיקאַלע קרייזן, אין די אַזוי־גערופענע אַרבעטער־שטובן און קלובן, האַלט מען לעקציעס וועגן אַלץ אין דער וועלט, אַפילו וועגן „שבתי־צבי". מען דיסקוטירט, מען האַמפּערט זיך וועגן סאָציאַלע פראַגן, ביז מען ווערט שוין הייזעריק. אומעטום די אייגענע פּנימער. אומעטום מענטשן, וואָס האָבן שוין דורכ־

געמאַכט קאַלטס און וואָרעמס... זיי האָבן שוין געהונגערט, ווי גאָט האָט געבאָטן, שוין דורכגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גהינום.

קוקט מען זיך צו נענטער, כאַפּט מען זיך, אַז איר האָט שוין ערגעץ די דאָזיקע מענטשן געזען אין ניו־יאָרק, אין סאַן־פראַנציסקאָ, קליוולאַנד און אין וואַשינגטאָן. אומעטום די זעלבע מענטשן.

אַז מען באַטראַכט די דאָזיקע מענטשן, דערזעט מען ערשט, וואָס פאַר אַ גייסטיקן כּוח זיי באַזיצן, ווי ענערגיש זיי שפּינען די גאָלדענע פעדעם פון אונזערע טרוימען און אידעאַלן. דעם דאָזיקן געפיל באַקומט איר, ווען איר באַזוכט די אַרבעטער־קלובן אין קליוולאַנד, פּיטסבורג און סט.־לואיס.

איין שטאָט אונטערשיידט זיך פון אַלע אַנדערע. דאָס איז די הויפּט־שטאָט פון אַמעריקע — וואַשינגטאָן. די שטאָט רופט מען צווישן לצים „די שטאָט פון פּאָליטיקעס", אָבער איך ווייס נישט, צי דער נאָמען איז צוגעפּאַסט. איין זאַך ווייס איך, אַז דאָרט איילט מען זיך נישט, פּונקט ווי אין אייראָפּע, דאָרט הערשט נישט דער „האָרי־אָפּ", וואָס טרייבט אַרויס די נשמה פון מענטשן. אין וואַשינגטאָן איז זיך גוט אָפּצורוען, איז גוט צו ראָמאַנסירן. דער פּלאַץ איז מסוגל דערצו.

דאָס יידישע וואַשינגטאָן איז אויך אַנדערש, מער געמיטלעך, ווי אַנדערע יידישע קהלות. אין וואַשינגטאָן זענען קיין אינדוסטריעס נישטאָ. די מיינסטע יידן זענען סוחרים, קרעמער, דאָס הייסט יידן, וואָס האָבן ווייניק צייט פאַר כּלל־אַרבעט.

וואַשינגטאָן, פּונקט ווי אַנדערע גרויסע שטעט, ווי שיקאַגאָ, סט.־לואיס און קליוולאַנד, האָט אַ „יאָנג־מענס־היברו", וואָס איז אַ צענטער פון אַלע יידישע טעטיקייטן.

די וואַשינגטאָנער יידן זענען ווי אַלע וואַשינגטאָנער, — העפלעך, שטענדיק אייך גרייט צו העלפן. קומט איר אַריין אין ביוראָ פון ניו־יאָרקער האַיאַס, באַגעגנט אייך אַדוואָקאַט הירשפעלד, אַ מענטש מיט אַ וועלטלעכן בליק און איז גרייט אייך צוצודריקן צו זיין האַרץ... פון דאָרט גייען אַרויס פאַרצווייפלטע מענטשן — פול מיט האָפענונג.

די קליינע האיאס־ביוראָ איז אַ סאָרט אַמבאַסאַדע פאַר יידי־שע טעטיקייטן, אַ „קלירינג־הויז" פון יידישע צרות און ליידן. דאָרט טרעפט איר רבנים און גלאַט יידן, יונג און אַלט, — אַלע קומען זיי מיט בקשות צום האיאס־פּאַרטרעטער מר. הירשפעלד, וועלכער קען וואַשינגטאָן דורך און דורך. אַלע דעפּאַרטמענטס פון אונזער פעדעראַלער רעגירונג זענען פאַר אים, ווי אַן אָפן בוך.

כאָטש מיר רופן וואַשינגטאָן אַן אייראָפּעיִשע שטאָט, קאָן מען אָבער די שטאָט נישט פאַרגלייכן צו פּאַריז, בערלין, לאָנדאָן אָדער ווין, — די הויפּט־שטאָט פון אַמעריקע איז גאַנץ אַנדערש, ווי די הויפּט־שטעט פון אַלע לענדער. אין ענגלאַנד, פראַנקרייך אָדער עסטרייך איז די הויפּט־שטאָט טאַקע די הויפּט־שטאָט אין אַלע הינזיכטן. עס איז געוויינלעך די וויכטיקסטע און גרעסטע שטאָט פון לאַנד. ווען מען וואָלט אין אַמעריקע, לויטן נוסח פון אייראָפּע, געוואָלט ערשט מאַכן אַ הויפּט־שטאָט, וואָלט מען גע־דאַרפט אויסקלויבן ניו־יאָרק. דער פאַקט איז אָבער, אַז ניו־יאָרק איז אפילו נישט די הויפּט־שטאָט פון ניו־יאָרק־שטאַט. אין אַמע־ריקע איז אַן אַנדער מנהג אין דעם פּרט.

אָלבאַני, וווּ דער גאָווערנער פירט די פּאָליטיק פון דעם שטאַט־ניו־יאָרק, איז די הויפּט־שטאָט פון דעם סטייט אָוו ניו־יאָרק. מען נעמט בפירוש אַ קליין שטעטל, כדי צו געבן מער רו די געזעצגעבער און מאַכער. וואַשינגטאָן איז נישט די גרעסטע שטאָט פון אַמעריקע, זי איז אָבער די הויפּט־שטאָט, די „קעפּי־טעל" פון די פאַרייניקטע שטאַטן. זי קאָן דעריבער נישט געמאָסטן ווערן מיט דער מאָס פון אַן אייראָפּעיִשער הויפּט־שטאָט. וואַ־שינגטאָן האָט זיך איר אייגנאַרטיקן שיינקייט און חן. זי איז אַ מערקווירדיקע שטאָט פאַר אַ רייזנדיקן, וואָס וויל זען עפּעס אַנדערש, וואָס ער האָט געזען, רייזנדיק איבער אַמעריקע.

## XXXIV

# די ייִדישע שטאָט סעינט־לויס

אין עסטרייך און אונגאַרן שטאָלצירט מען מיטן דונאַי. דאָ, אין אַמעריקע, טרוימט און זינגט די יוגנט וועגן דעם „מיסיסיפּי־ריווער" (מיסיסיפּי־טייך).

שוין איינציקע מאָל האָב איך מיט מיינע אייגענע אויגן געזען דעם מיסיסיפּי־טייך, — דעם פאָטער פון די אַמעריקאַנער טייכן... מיין בחורל, — אַן אַמעריקאַנער־געבוירענער, — שרייט אויס צו מיר: „דעדי", אָט איז דער מיסיסיפּי־ריווער!

דער דאָזיקער טייך איז באַזונגען געוואָרן, און דער באַרימטער שריפטשטעלער מאַרק טווען האָט געשריבן וועגן דעם באַרימטן טייך. ווייל ראָדזשערס, וועלכער איז אַזוי טראַגיש אומגעקומען אין אַן עראָפּלאַן־קאַטאַסטראָפע, האָט פאַרבונדן זיין לעצט בילד מיטן מיסיסיפּי־ריווער. איך, מיין פרוי, רות רענעי, מיין בחורל (וואָלטער), באַטרעטן מיט אונזערע פיס די פלאַך־זאַמדיקע ברעגעס פונם מיסיסיפּי־טייך. מיין בחורל הויבט אָן זינגען, עס ווערט פרייליך — מיר זעען דעם מיסיסיפּי־ריווער. פון אַלע זייטן קלינגט אין מיינע אויערן דאָס אַמעריקאַנישע ליד „אָלד־מען־ריווער", און מערקווירדיק, אָט דאָס דאָזיקע ליד דערמאָנט אייך אין דייטשן ליד „די וואַכט אַם־ריין", וועגן רוסישן ליד „וואָלגאַ", דעם עסטרייכישן ליד „דער שיינער, בלויער דונאַי".

עס קומען אייך פאַרשידענע געדאַנקען אין קאָפּ אַריין, ווי

יעדעס לאַנד האָט זיך זיין ליבלינג־טייך, וועגן וועלכן דיכטער טרוימען. אָט אַזעלכע באַרימטע טייכן, אַרום וועלכע עס ווערן אַרומגעוועבט לעגענדעס, פאַרמאָגט יעדעס לאַנד, און דאָס איז עס מיסיסיפּי־ריווער. דער גרויסער טייך, דער טייך, וואָס קייקלט זיינע וואַסערן פון די גרויסע צפונדיקע אָזערעס אַרום קאַנאַדע דורך דער מיטל־וועסט און דער סאַוט, דורך טענעסי און לואיזיאַנאַ, ביז ער פאַלט אַריין אינם מעקסיקאַנער גאָלף.

מיסיסיפּי־ריווער, — דער לענגסטער, דער היסטאָרישסטער פון אַלע אַמעריקאַנישע טייכן. עס איז דער פאָטער פון אַלע טייכן. דאָס זאָגט אייך אונטער דאָס ליד „אָלד־מען־ריווער". די מעלאָדיע איז אַן אומעטיקע און די נעגער לאַמענטירן, קרעכצן און זיפצן אויס דאָס ליד אַזוי האַרציק, אַז איר דערשפּירט דעם גאַנצן צער פון דער וועלט אין דעם דאָזיקן ליד: „אָלד־מען־ריווער".

מיין זון דערציילט מיר, אַז ער לייענט מיט פאַרגעניגן די אינדיאַנישע מעשהלעך, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דעם טייך...

מיר פאָרן וויטער. מיר זעען אַרום דעם מיסיסיפּי־ריווער גע־בויגענע רוקנס, נאַקעטע בראָנז־לייבער, וואָס באָדן זיך אין זייער שווייס אין דער דרומדיקער זון אויף די באַוול־פּלאַנטאַציעס. איר זעט אַלטע פרויען, שוואַרצע און ווייסע, אויף די פעלדער, — איר הערט זייערע לידער און איר פילט, אַז איצט זענט איר אין אַמע־ריקע.

איר קוקט אויף דעם מיסיסיפּי־ריווער און איר טראַכט זיך: אַ טייך, וואָס ווערט אַזוי באַזונגען און איז פאַרנאַכלעסיקט; ער זעט אויס אָרעם, אַז אין פאַרגלייך צום ניו־יאָרקער האָדסאָן, איז ער עפּעס ווי אַ בעטלער. זעלטן, ווען מען זעט אַ לייטישע שיף אויף דעם טייך. עס שלעפּן זיך פראַכט־שיפלעך, וואָס ווערן אָנגע־רופן „טרעמפּלעך", שלעפּ־שיפלעך. דער טייך איז מוטנע — גרין־געל און קיין אָנגענעמען גערוך האָט איר אויך נישט פונם מיסיסיפּי. אַלץ אַרום איז אָפּגעלאָזן, צעראָיעט. איר טראַכט זיך, אַז אַפילו די ברעגעס פונם האַרלעם־ריווער אין ניו־יאָרק זענען שע־נער, שוין אָפּגערעדט פון די ברעגעס אַרום דעם איסט־ריווער פון ניו־יאָרק, וווּ מען האַלט איצט אין מאַכן אַ „ריווער־דרייוו", וואָס

ווערט אַפילו איבערשטייגן דעם באַרימטן אַריסטאָקראַטישן „רי־ווערסייד־דרייוו" אין ניו־יאָרק.

קוקנדיק אויפן מיסיסיפּי־ריווער, בעת מיר פאָרן קיין סעינט־לואיס, קומען פאַרשידענע געדאַנקען אין קאָפּ. אָך, וויפל טאַראַראַם מען מאַכט עס מיטן „בלויען דונאַי" אין עסטרייך, וויפל טומל די דייטשן מאַכן מיטן „ריין" — און וואָס מען צעזינגט זיך אַלץ וועגן דער „וואָלגאַ".

די קינדער זינגען: „אָלד־מען־ריווער" און טרוימען וועגן דעם טייך, ביז זיי דערזעען דעם טייך מיט זייערע אייגענע אויגן. און עס פּאַסירט מיט זיי, ווי מיט די קינדער־העלדן „טילטעל" און „מילטעל" אין מעטערלינקס „דער בלויער פויגל" — דער פויגל איז נישט בלוי...

מיר קומען אַריין אין סעינט־לואיס. די שטאָט איז שרעק־לעך פאַררויכערט. עס רייסט אַזש אין האַלז. די הענט ווערן שמו־ציק און מען ווערט כמעט ווי פאַרטשאַדעט, גייענדיק איבער די גאַסן. די פאַבריקן, די אָרעמע באַפעלקערונג באַנוצן די ווייכע, ביליקע קוילן, וואָס ווערן טאַקע אויסגעגראָבן אין די מינעס פון אילינאָי, וואָס איז אויך יענער זייט מיסיסיפּי — שוין אין דער איסט־איסט. קוילן, אייל, נאַפט, — דאָ רעדט מען שוין נישט, דאָ יחוסט מען זיך נישט מיטן מיסיסיפּי־ריווער.

דאָ, ווו מיר זענען, איז וועסט, דאָ הויבט זיך אָן מערב־אַמעריקע, דער מיסיסיפּי טיילט פאַנאַנדער דאָס לאַנד אויף איסט און וועסט. סעינט־לואיס האָט די גרעסטע יידישע געמיינדע, וואָס עס איז פאַראַן אויפן גרויסן שטח אין מערב פון שיקאַגאָ ביז צום פּאַציפיק און דרום פון שיקאַגאָ ביז דעם מעקסיקאַנישן גאָלף. די יידישע קהלה פון סט. לואיס איז דעריבער אַ יידישע הויפּט־שטאָט, וואו עס וווינען אַרום טויזנט יידן. די יידן דאָרט האָבן אייגענע אַנשטאַלטן, שולן און אַן אייגענע צייטונג.

מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר צוריק זענען פון די גרויסע קאַנאַ־דער אָזערעס אַרונטערגעשווומען מיטן מיסיסיפּי די ערשטע פראַנ־צויזישע „סעטלערס", יעגער און אַוואַנטוריסטן, וועלכע האָבן אָנ־געהויבן צו בויען און האַנדלען און זייער ערשטע „האַנדלס־פּאָסט"

האָבן זיי גערופן אויף דעם נאָמען „היליקער לואי", און ביז היינט איז סעינט־לואיס באַקאַנט אַלס הויפּט־צענטער פון רויכוואַרג און פוטער־וואַרג. פוטער־סוחרים פונם לאַנד האַנדלען איין זייערע סחורות אין סעינט־לואיס. עס איז דעריבער פאַראַן אַן ענגע פאַר־בינדונג צווישן ניו־יאָרקער פוטער־סוחרים מיט דער שטאָט סעינט־לואיס. פעלן און פעלעכלעך, פון ווייסע בערן, פון סיעלס, פון פוקסן און סאָבעלס ווערן עקספּעדירט אַהער דורך די צפון־אָזערעס פון די קאַנאַדער וועלדער, און אַפילו פון אַלאַסקאַ.

סעינט־לואיס איז אויך דער צענטער פון לעדער־פאַבריקאַציע, דאָ ווערן צוגעגרייט און פון דאַנען ווערן זיי אַרויסגעשיקט אין די גרויסע שטעט פון מזרח.

פאַר איינעם וואָס קומט קיין סעינט־לואיס איז אין אמתן נישט וויכטיק צו באָבאַכטן די אינדוסטריעלע זייט פון דער שטאָט, אָבער עס איז דערפאַר זייער וויכטיק צו באַטראַכטן דאָס אַלטע געריכט־הויז אויף מאַרקעט־סטריט און בראָדוועי. עס איז כדאי צו באַטרעטן די שטיינערנע טרעפּ, פון וועלכע מען פלעגט אין פאָריקן יאָרהונדערט פאַרקויפן נעגער־שקלאַפן פון האַנט צו האַנט; מיט אָט דער געגנט איז אויך ענג פאַרבונדן די לעגענדאַ־רישע פיגור פון דזשאַן בראַון, דעם באַפרייער פון די נעגער, וועלכן מען האָט אויפגעהאָנגען אין טשאַרלסטאַון, וועסט־ווער־דזשיניא, און איז באַגראָבן געוואָרן אין נאָרט־עלבא, ניו־יאָרק. ער איז טויט, אָבער זיין גייסט פון פרייהייט לעבט.

ווייסן דאַרפט איר:

סעינט־לואיס איז געווען די איינציקע גרויסע שטאָט פון צפון־צו פון דער „מעיסאָן־ און דיקסי־ליין". די דאָזיקע ליניע, וואָס טיילט פאַנאַנדער די פאַראייניקטע שטאַטן אויף צפון און דרום, וועלכע איז בשעת דער בירגער־קריג געשטאַנען אויף דער זייט פון דרום.

פאַר יידן איז אָבער סעינט־לואיס אַן אמת גרויסע שטאָט, מערב פון שיקאַגאָ. דאָ פילן זיך יידן ווי אין ניו־יאָרק. מען האַנדלט, מען וואַנדלט און מען פאַרגעסט נישט אין דער אַלטער היים. דאָס אָרטאָדאָקסישע יידנטום איז דאָ, ווי אין אַלע שטעט

אין אַמעריקע, שטאַרק איינגעוואָרצלט, כאָטש נישט גוט אָרגאַ־ניזירט.

דער כאַראַקטער פון יידישע שטעט אין אַמעריקע ווערט אין אַ גרויסער מאָס באַשטימט פון די ערשטע איינגעוואַנדערטע יידן און לויט די געגנטן פון וואַנען זיי קומען. ווערט איר טאַקע זען, אַז למשל דער גאַליציאַנער קוואַרטאַל אין ניו־יאָרק איז אַנדערש פון רומענישן קוואַרטאַל, אָדער דעם רוסישן קוואַרטאַל. ריווינג־טאָן־סטריט אין ניו־יאָרק איז גאַנץ אַנדערש פון איסט־בראָדוועי, וווּ עס האָבן זיך באַזעצט די ערשטע רוסישע יידן. אַזוי איז אויך מיט די אַמעריקאַניש־יידישע שטעט.

עס זיינען פאַראַן שטעט אין אַמעריקע, וווּ די באַפעלקערונג באַשטייט מערסטנס פון ליטווישע יידן, אָדער פון אונגאַרישע יידן. אַזוי זענען די מערסטע יידן אין סעינט־לואיס פון בעסאַראַביען און זיי האָבן געלייגט דעם שטעמפּל אויף דער באַפעלקערונג. — טרעפט איר דאָרט האַרציקע יידן, וואָס האָבן אַן אויער און אַ האַרץ. זיי הערן אייך און פילן אייך.

סעינט־לואיס האָט אַ יידישע פאַרגאַנגענהייט. דאָ זענען איצט דאָ און עס זענען געווען גרויסע רבנים, דאָ האָט מען אַרויסגע־געבן אַ העברעאיש וואָכנבלאַט, דאָ ווערט איצט אַרויסגעגעבן אַ יידישע צייטונג. דאָ שפּילט מען יידיש טעאַטער און דאָ איז בכלל דאָ אַ גרויסע מעגלעכקייט פאַר גרויסער יידישער טעטיקייט. ווייל די יידן זענען ווילע און האַרציקע, ביי די ברעגעס פון מי־סיסיפּי־ריווער...

XXXV

## וואַשינגטאָן — די הויפּט־שטאָט פון די פאַראייניקטע שטאַטן

וואָס פאר א שטאָט איז וואַשינגטאָן?

די פאַראייניקטע שטאַטן פארמאָגן 48 שטאַטן, צוויי טעריטאָריעס, א צאָל אינזלען, אָבער בלויז איין באַצירק, און דאָס איז דער „דיסטריקט אָוו קאָלאָמביאַ" (קאָלאָמביאַ־באַצירק), וואָס איז איינגנטלעך: וואַשינגטאָן.

וואַשינגטאָן איז אנדערש פון אַלע שטעט אין אַמעריקע. די שטאָט איז אַן אויסנאַם אין אַלע הינזיכטן, פונקט ווי דער „דיסטריקט אָוו קאָלאָמביאַ", וועט זי בלייבן א בן־יחיד אין אַמעריקע. איר דערשפּירט עס גלייך.

איבער די גאַסן אין דער שטאָט איז צו באַמערקן דאָ און דאָרט סטאַטועס צווישן ביימער. די גאַסן אַליין זײַנען ברייט און שיין אויסגעלייגט. אין דער לופט הערשט אַן אייראָפּעישע רואיקייט. די מענטשן זענען רואיקער, זיי לויפן נישט, זיי יאָגן זיך נישט, ווי דאָס איז דער מנהג אין אַמעריקע. וואַשינגטאָן איז די אייראָפּעישסטע שטאָט אין אַמעריקע.

דאָס יידישע וואַשינגטאָן אונטערשיידט זיך אויך אין געוויסע פאַלן פון די יידישע קהלות, וואָס זענען אַרום איר, זאָגן מיר, למשל, באַלטימאָר, וואָס איז ביי איר אויף דער גרענעץ.

אין וואַשינגטאָן זענען קיין אינדוסטריעס נישטאָ, און עס

זענען דערפֿאַר דאָרט קיין יידישע אַרבעטער נישטאָ. די מערסטע יידן זענען סוחרים, קרעמער. דאָס מיינט: יידן וואָס האָבן ווייניק צייט פֿאַר כּלל־אַרבעט, ווייל דער אַרבעטער, וויבאַלד נאָר דער זייגער שלאָגט זעקס, איז ער שוין אַ פֿרייער מענטש. דער קליינער סוחר אָבער מוז דאָס געשעפֿט אָפֿן האַלטן ביז ניין אין דער נאַכט און אַמאָל אויך שפּעטער: ער מוז אַפֿילו נאָכדעם, ווי ער שליסט שוין די קראָם, איבערגעבן חשבונות, און אַ זאָרג טון וועגן אַ וועקסל, וואָס ווערט פֿעליק, אָדער וועגן אַ חוב, וואָס מוז איינגע־מאָנט ווערן. דער קאָפּ איז דערפֿאַר שטענדיק פֿאַרדרייט, און עס בלייבט נישט קיין צייט פֿאַר כּלל־אַרבעט. אין וואַשינגטאָן איז דערפֿאַר אַביסל שטילער ווי אין באַלטימאָר. וואַשינגטאָן האָט אויך נישט קיין סך יידן; וואַקסט אויך זייער לאַנגזאַם. עס זענען נישטאָ דאָרט קיין קוואַלן פֿון פּרנסה ביי וואָס זיך צו האַלטן.

דאָך איז אין וואַשינגטאָן פֿאַראַן אַ יידישע טעטיקייט. וואַ־שינגטאָן איז דאָך פֿאָרט די „קרוינשטאָט”. דאָרט איז דער קאָנ־גרעס (פּאַרלאַמענט) און יידן דאַרפֿן אָפֿט האָבן צום קאָנגרעס, און זיי מוזן דערפֿאַר האָבן אין וואַשינגטאָן זייערע פֿאַרטרעטער.

די אָרגאַניזאַציע „האַיאַס” האָט איר הויפּט־ביוראָ אין וואַ־שינגטאָן. זיי האָבן אין וואַשינגטאָן אַ ביוראָ, וואָס טוט מערקוויר־דיק גוטע אַרבעט אין די אינטערעסן פֿון יידישער אימיגראַציע. דאָס איז די איינציקע אָרגאַניזאַציע, וואָס העלפֿט דעם אמיגראַנט אויף זיין רייזע קיין אַמעריקע.

דער „האַיאַס” איז נישט קיין צדקה־אינסטיטוציע. זי איז עס נישט אין ניו־יאָרק און איז עס זיכער נישט אין וואַשינגטאָן, וווּ עס ווערט אָנגעפֿירט די לעגאַלע אַרבעט דירעקט מיט און דורך דער פֿעדעראַלער רעגירונג אין וואַשינגטאָן.

מיר דערמאָנען די „האַיאַס”־ביוראָ אין וואַשינגטאָן צוליב איר גרויסער באַדייטונג פֿאַר יידן איבער דער גאַנצער וועלט. די וואָס קומען קיין וואַשינגטאָן אַפֿילו אויף אַ באַזוך, מאַכן זייער ערשטע סטאַנציע אין „האַיאַס”־ביוראָ, וואָס געפֿינט זיך נישט ווייט פֿון ווייסן הויז, און פֿון די רעגירונגס־געביידעס.

נאָך עפּעס דאַרף אַ באַזוכער אין וואַשינגטאָן וויסן, אַז אין

דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק (לייבּרערי אָוו קאָנגרעס), וואָס ווערט געהאַלטן פאַר דער גרעסטער ביבליאָטעק אין דער וועלט, געפינען זיך איבער פערציק טויזנט העברעישע ביכער, און אַלע וויכטיקע ביכער אין יידיש.

אין קאָנגרעס־ביבליאָטעק געפינען זיך, פאַרשטייט זיך, ביכער אין אַלע שפּראַכן, אָבער מיר דערמאָנען דעריבּער די יידישע און העבּרעישע ביכער, וואָס פאַרנעמען אַ גרויסן טייל אין דער ספּעציעלער אָפּטיילונג פאַר סעמיטישע שטודיען.

די, וואָס האָבן קיינמאָל די דאָזיקע ביבליאָטעק אין וואשינג־טאָן נישט געזען, קאָנען זיך קוים פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ ריזיקע געבּיידע דאָס איז. די ביכער ציילן זיך דאָרט אין די מיליאָנען. די דאָזיקע ביבליאָטעק איז אַ גרויסע וועלט, וואָס פאַרמאָגט אַלע גייסטיקע אוצרות פון אַלע וועלט־טיילן. די רעגירונג בויט צו נאָך אַ געבּיידע, וואָס וועט אריינעמען פרישע און נייע שאַפונגען.

דער הויפּט פון דער סעמיטישער אָפּטיילונג פון דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק איז ד״ר ישראל שאַפּירא, אַ באַקאַנטער שריפטשטע־לער, און עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש, וואָס אין דער הויפּט־שטאָט פון אַמעריקע, וואַשינגטאָן, געפינט זיך אין דער גרעסטער ביבליאָטעק אין דער וועלט אַ יידישע און העבּרעישע אָפּטיילונג מיט אַ העבּרעישן שריפטשטעלער אַלס ראש.

ס׳פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אַ רעגירונגס־ביבליאָטעק, אָבער אַ חוץ רעגירונגס־מענטשן קומען אַהין אויך פּשוטע בירגער, טוריסטן און גלאַט מענטשן, וואָס קומען באַזוכן וואַ־שינגטאָן. עס קומען אַהער מענטשן פון גאַנצן לאַנד; עס קומען געלערנטע, ס׳קומען פּובּליציסטן. עס קומען גלאַט אינטעליגענטן, וואָס ווילן פאָרשן און לערנען. אויב אַן אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַט וויל אויסגעפינען עפּעס וועגן יידן, קריגט ער די אינפאָרמאַציע אין דער סעמיטישער אָפּטיילונג. אויב אַן אַנדערער וויל עפּעס וויסן וועגן פּוילן, וועגן טשעכיע, רוסלאַנד אָדער רומעניע: זענען אין דער ביבליאָטעק פאַראַן אַזויפיל אָפּטיילונגען וויפל פעלקער עס זענען דאָ אויף דער וועלט.

די דאָזיקע ביבליאָטעק איז אין אמתן אַ גייסטיקער צענטער

פאַר אונזערע קולטור־טוער. די יידן איבער דער גאָרער וועלט מעגן שטאָלץ זיין מיט דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק, ווו ס׳ליגן אונטער גוטער אויפזיכט אונזערע גייסטיקע אוצרות, וואָס מיר האָבן געשאַפן און וועלן שאַפן.

אין דער ביבליאָטעק קאָן מען זען און לייענען דעם אָריגינאַל פון דער אומאָפּהענגיקייט־דעקלאַראַציע און פון דער קאָנסטיטוציע פון די פאַראייניקטע שטאַטן. זיי זענען אויסגעשטעלט אונטער גלעזערנע ראַמען און אָפן פאַר יעדן באַזוכער.

די געביידע פון דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק איז געבויט געוואָרן אין אַ מאָדיפיצירטן איטאַליענישן רענעסאַנס־סטיל, און זי ווערט באַטראַכט אַלס די שענסטע ביבליאָטעק־געביידע אין אַמעריקע, די געביידע איז ווירקלעך אַ פּראַכט, סיי אויסנווייניק און סיי אינעווייניק.

אונזער הויפּטשטאָט וואַשינגטאָן האָט אָבער נישט בלויז די איינע ביבליאָטעק. זי האָט איצט מער ווי צוויי הונדערט ביבליאָטעקן, וואָס פאַרמאָגן מער ווי 12.500.000 בענדער. צווישן די גרעסטע איז די מעדיצינישע ביבליאָטעק פון דער אַרמיי, וועלכע האָט אַ מיליאָן בענדער, און די „פאָלגער שעקספּיר ביבליאָטעק", וואָס איז ווערט צען מיליאָן דאָלאַר.

אין דער הויפּט־שטאָט פון אַמעריקע געפינט זיך אויך דער גרעסטער מוזעאום פון דער וועלט. דאָס איז די „סמיטסאָניאַן־אינסטיטוציע", וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן אין 1838. אָט די פּראַכטפולע אינסטיטוציע איז אַמאָל געווען אַ מתּנה פון דעם ענגלישן דזשעימס סמיטסאָן, וועלכער איז אַפילו קיינמאָל נישט געווען אין אַמעריקע.

איצט האָט די אינסטיטוציע אַ גרופּע פון גרויסע געביידעס, וועלכע געפינען זיך אויף אַ שטח פון 50 אַקער לאַנד און שליסט אויך איין די נאַציאָנאַלע זאָאָלאָגישע גאָרטנס און אַ ביבליאָטעק פון 800.000 בענדער.

די הויפּט־געביידעס זענען: די סמיטסאָניאַן־אינסטיטוציע, דער נייער נאַציאָנאַלער מוזיי, די קונסט־ און אינדוסטריי־געביידע, די פליער־קונסט־גאַלעריע, און די פלי־געצייג־געביידע.

עס איז אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט צו באַזוכן די סמיטסאָ־ניאַן־אינסטיטוציע. מען קאָן דאָרט זען זייער פיל זאַכן און אַ סך לערנען.

די וואַשינגטאָנער יידן זענען ווי אַלע וואַשינגטאָנער — זייער העפלעכע מענטשן, שטענדיק אייך גרייט צו העלפן, און זע־נען נישט אַזוי פאַרהאַרטעוועט ווי עס זענען געוויינלעך די גרויס־שטאָטישע, איבערהויפּט פון דרום, וועלכע זענען עלעגאַנטער אין די מאַניערן. אין זייער שטימע איז פאַראַן אַ מין פאַרטרוימטקייט, אַמאָל אין אויג אויך.

אמת, קיין גרויסן ענטוזיאַזם האָב איך דאָרט נישט געטראָפן. דער וואַשינגטאָנער ייד איז אַ קילער סאָרט מענטש. ער איז אָבער אָן ערנסטער און ער נעמט זיינע איבערצייגונגען זייער ערנסט. אַזוי ווייט ווי מען קאָן בכלל אַזעלכע זאַכן גענעראַליזירן.

די אַמעריקאַנער רעגירונגס־מענטשן באַרימען זיך אָפט, אַז אַלץ אין אַמעריקע איז אָפן און נישט באַהאַלטן. עס ווערט דער־ציילט, אַז אין וואַשינגטאָן איז נישטאָ קיין סודות. אָבער בעת זיי זאָגן דאָס, פאַרגעסן זיי הפנים, אַז אונזער הויפּט־שטאָט וואַשינג־טאָן איז פול מיט טונעלן און וועגן אונטער דער ערד, וואָס נאָר די רעגירונג ווייסט וועגן זיי.

די גאַנצע וועלט ווייסט,אַז ניו־יאָרק שטייט אויף אַ נעץ פון טונעלן, אַז אין ניו־יאָרק איז פונקט אַזוי טומלדיק אונטער דער ערד ווי אויף דער ערד. אָבער קיינעם פאַלט נישט איין, אַז די ברייטע און פיין געפלאַסטערטע גאַסן פון אונזער „קרוינשטאָט" זענען אויך צעגראָבן און די טונעלן אונטער דער ערד זענען שיעור נישט ווי אין ניו־יאָרק.

אמת, אין די וואַשינגטאָנער טונעלן לויפן נישט קיין באַנען, אָדער אונטערערדישע באַנען, ווי אין ניו־יאָרק, אָבער קליינע באַנדעלעך לויפן דאָרט יאָ. מען ווייסט גאָר נישט וויפל און ווען זיי לויפן.

ווען אַ פרעמדער מענטש קומט קיין וואַשינגטאָן פאַלט אים נאָר נישט איין, אַז אונטער די שטילינקע און פרומע גאַסן זאָלן

זיך גאָר געפינען געהיימע טונעלן, דירות פאַר אַרכיוון און וועגן פאַר מאַשינען און אונטערערדישע באַנען.

די מערסטע טונעלן זענען אונטער די רעגירונגס־געביידעס, און נאָר רעגירונגס־מענטשן האָבן אַ צוטריט צו זיי. אַ פשוטער בשר־ודם קאָן זייער שלעכט אָפּשניידן, ווען מען זאָל אים טרעפן אין אַזאַ טונעל.

ווען מען קען זיך גוט מיט קאָנגרעס־לייט (רעפּוטאַטן) און מיט אַנדערע רעגירונגס־באַאַמטע, ווערט מען אַמאָל געוואויר, אַז אונזער רעגירונג, פּונקט ווי אַלע אַנדערע רעגירונגען, איז אַרומ־גערינגלט מיט געהיימנישן, און אַז די רעגירונג האָט פאַרשידענע סודות, וועלכע זי טרויט קיינעם נישט אָן, אויסער די סאַמע הויכע באַאַמטע.

איך וועל אייך פּרוּוון דאָ באַקענען מיט אַ טייל פון די וואַ־שינגטאָנער טונעלן.

נישט פון אַלע טונעלן ווייסט מען. דאָס איז נאָר באַוווּסט די יחידי־סגולה, די פּאַרטרויאונגס־מענטשן, אַז די קאָנגרעס־ביב־ליאָטעק, דער סענאַט, די קאַנצעלאַריעס פון די קאָנגרעס־לייט, די קאַסע, די פּאָסט - פאַרוואַלטונג, די סמיטסאָניאָן - אינסטיטוציע, דער נייער און דער אַלטער מוזיי, די פּאַטענטן־ביוראָ און אַ צאָל וויכטיקע אָפּטיילונגען און געביידעס האָבן אונטערערדישע וועגן און צוגאַנגען.

עס איז דאָ אַ קלאַנג, אַז אויך דאָס „ווייסע הויז" האָט טו־נעלן, אָבער אָפיציעל איז עס שוין אַ פּאָר מאָל אָפּגעלייקנט גע־וואָרן. פון די קלאַנגען אָבער שטויסט מען זיך אָן, אַז דאָס ווײַ־סע הויז איז פאַרייניקט אונטער דער ערד, נישט נאָר מיט די גע־ביידעס פון דער רעגירונגס־קאַסע, שטאַט־און קריגס־דעפּאַרטאַמענט און מיט דער געביידע פון דער פּלאָטן־אָפּטיילונג, נאָר אויך מיטן „קעפּיטל" (הויפּטשטאָט). דער אונטערערדישער וועג איז גענוג ברייט, אַז עס זאָלן אויף אים קאָנען פאָרן גרויסע לאַסט־וועגע־נער. דער וועג פירט איבער דער גאַנצער לענג פון אַ מייל.

די איינציקע אונטערערדישע באַן („סאָבוועי"), וואָס לויפט אונטער דער ערד איז צווישן דער הויפּטשטאָט און ביוראָ־געביידע. די קאָנגרעס־לייט האָבן אויך אַ טונעל, אָבער ווייל זיי זענען

יינגער, קאָנען זיי גיין צו־פוס. פאַר זייערטוועגן האָט מען נאָך געמאַכט אַ פיינעם שפּאַציר־טונעל. דער דריטער טונעל ווערט גע־נוצט פאַר ביכער און איז פאַריייניקט מיט דעם „קעפּיטעל" און דער ביבליאָטעק פון קאָנגרעס.

די דאָזיקע דריי טונעלן זענען שוין מער קיין סוד נישט. געהיט האָט מען זיי זייער שטאַרק נאָך אין דער מלחמה־צייט, און נאָך מער זינט עס איז געוואָרפן געוואָרן אַ באָמבע (1915), וואָס האָט צעשעדיקט איין צימער און שיעור נישט רואינירט די גאַנצע געביידע. אָבער אין רואיקע צייטן, און בפרט ווען עס קומען פאָר די זיצונגען פון קאָנגרעס, דערלויבט מען אפילו אַ גאַסט צו מאַכן אַ שפּאַצער אין די דאָזיקע טונעלן. טוריסטן אָבער לאָזט מען נישט אַריין.

די אונטערערדישע באַן פאַר די סענאַטאָרן איז פאַרטיק גע־וואָרן אין יאָר 1909. דער וויצע־פּרעזידענט שערמאַן איז געווען דער ערשטער מענטש, וואָס האָט געמאַכט אַ רייזע אין דער דאָזיקער אונטערערדישער באַן. דעמאָלט איז די אונטערערדישע באַן געלאָפן אויף עלעקטריע. די וואַגאָנען אין דעם וואַשינגטאָנער סענאַט־טונעל פלעגן גיין אויף קליינע גו־מענע רעדער. דאָס איבעריקע איז געווען געמאַכט פון שטאַרקן האָלץ, זיי זאָלן נישט מאַכן קיין טומל. זיי פלעגן גיין אַזוי שטיל, ווי אַן עלעקטרישער זייגער. דער טונעל אַליין איז אַזוי געשניטן, אַז מען זעט נישט די וועלט פאַר זיך. איז מען געפאָרן נישט זע־ענדיק און נישט הערנדיק.

אין פיר יאָר אַרום (1913) האָט מען די וואַגאָנען איבער־געמאַכט. די היינטיקע אונטערערדישע באַן פאַר די סענאַטאָרן איז געמאַכט געוואָרן אַלס אַ מין עקספּערימענט פאַר אַ „מאָנאָ רעיל סיסטעם" (איין שינע־סיסטעם). די דאָזיקע סיסטעם איז גע־פעלן געוואָרן די סענאַטאָרן און זיי האַלטן זיך מיט איר. יעדער וואַגאָן נעמט אַריין צען פּאַסאַזשירן. דער פירער זיצט אינמיטן. די מאַשין איז געמאַכט אַזוי פעסט ביי דער סטעליע, אַז זי קאָן זיך נישט איבערקערן. ווען מען דאַרף די אונטערערדישע באַן גיט מען אַ דריק אַן עלעקטריש קנעפּל, קומט זי באַלד צו לויפן.

דער סענאַט פאַרמאָגט 96 מיטגלידער. דאָס רוב פון זיי זע־נען אַלטע לייט. דאָס רעפּרעזענטאַנטן־הויז, דער קאָנגרעס, פאַר־מאָגט 435 מיטגלידער, און דאָס רוב פון זיי זענען מיטל־יאָריקע מענטשן, האָט מען פאַר זיי נאָר געמאַכט אַ טונעל אויף צו גיין. דער טונעל איז זייער אַ באַקוועמער פּלאַץ זיך אָפּצורוען אין אַ זומערדיקן טאָג. זייער טונעל איז אויך העל באַלויכטן.

ביידע טונעלן זענען 22 פוס די הויך און 700 פוס די לענג, די ווענט און די סטעליע געפאַרבט ווייס, און די פּאָדלאָגעס ליכ־טיק־גרוי. געגראָבן זענען זיי 18 פוס פון דער אויבערפלאַך.

כאָטש דער טונעל פאַר די ביכער פון קאָנגרעס־ביבליאָטעק איז גענוג גרוים, פונדעסטוועגן ווערט דאָרט אַלץ געטון דורך אַ מאַשין. די ביכער גייען אין אייזערנע קוישלעך, געצויגן דורך שטאָלענע שטריק, און קומען אינם „קעפּיטעל" אין פינף מינוט צייט. פּונקט אַזוי ווערן אויך איבערגעשיקט די בריוו פון דער פּאָסט און פון דער רעגירונגס־דרוקעריי. יעדן טאָג גייען דורכן טונעל 500 זעק מיט בריוו. יעדער זאַק ווענט אַן ערך הונדערט פונט.

מער מיסטעריעז איז שוין דער טונעל פון דער רעגירונגס־קאַסע אויף דער 15־טער גאַס און פּענסילוויניאַ־עוועניו. דער טו־נעל ציט זיך צו דער רעגירונגס־באַנק און אַנדערע רעגירונגס־אינסטיטוציעס. נאָך מער סודותדיק איז דער טונעל, וווּ דער פּרעזידענט מיט זיין פאַמיליע קאָן זיך אויסבאַ־האַלטן. מען זאָגט, אַז דער דאָזיקער טונעל איז גע־בויט געוואָרן אין די צייטן פונם ערשטן פּרעזידענט, און אין יאָר 1814, ווען די ענגלענדער האָבן אונטערגעצונדן דאָס „ווייסע הויז", האָט זיך די פּרעזידענטין דאָרט געראַטעוועט.

עס וועט אייך אויך אינטערעסירן צו וויסן, אַז דזשאָרדזש וואַשינגטאָן איז דער איינציקער אַמעריקאַנער פּרעזידענט, וואָס האָט נישט געוווינט אין ווייסן הויז. פון דעמסט אָן האָבן שוין אַלע אַמעריקאַנער פּרעזידענטן דאָרט געוווינט.

היינט צו טאָג זענען די איינוווינער פון „דיסטריקט אָוו קאָלאָמביאַ" די איינציקע אונטערטאַנען אין קאָנטינענטאַלע פאַ־

רייניקטע שטאטן; אלע אנדערע זענען בירגער, אפילו די איינ־וואוינער פון די טעריטאָריעס ווערט דערלויבט צו האָבן א דעה אין זייערע רעגירונגען, זיי האָבן א רעכט צו שטימען און וויילן קאנדידאטן. אָבער די איינוואוינער פון „דיסטריקט" ווערן רעגירט מיט א שווערער האנט פון א מעכטיקן „דעספאָט" — דאָס גאנ־צע אמעריקאנער פאָלק אין דער פערזאָן פון זיין פרעזידענט און דעם קאָנגרעס. וואשינגטאָן, ווו עס ווערט יעדע פיר יאָר אָפּגע־האלטן דער גרעסטער יום־טוב פון דער דערוויילטער רעגירונג — „אינאגוריישאָן דעי" (שבועה־טאָג) פארמאָגט נישט קיין איין שטימקאסטן. פּאָליטיש עקזיסטירט זי נישט אויף דער אמעריקא־נער מאפּע. זי האָט אזויפיל א דעה איבער איר אייגענער רעגי־רונג, ווי די סאמאָא אינזלען. דער פרעזידענט איז איר שטאָט־פארוואלטער, איר ריכטער און געזעצגעבער.

די שטאָט וואשינגטאָן האָט צו דעם געשעפט נישט דער־לייגט. איר „דעספּאָט" איז מילד און ברייטהארציק. די שטאָט פארמאָגט איינע פון די בעסטע מוניציפּאלע רעגירונגען אין לאנד; א פאקט, וועלכער ווערט באנוצט פון פיל אלס ארגומענט קעגן דער דעמאָקראטישער אָרדנונג. זייערע מוניציפּאלע חובות זענען פיל קלענער, ווי אין אנדערע שטעט מיט א וואשינגטאָנער בא־פעלקערונג; און אויך די שטייערן זענען קלענער. די פעדעראלע רעגירונג האָט איר געמאכט א פּאָרשטאָט פון ברייטע גאסן, פּרעכ־טיקע בנינים און גרויסע קולטורעלע אינסטיטוציעס. די פעדע־ראלע רעגירונג דעקט אויך א העלפט פון וואשינגטאָנס שטאָטישן בודזשעט.

וואשינגטאָן איז איצט איינע פון די פּאָפּולערסטע שטעט אין אמעריקע. זי ציט צו יערלעך מיליאָנען באזוכער, נישט נאָר פון אמעריקע, נאָר פון דער גאנצער וועלט קומט מען אָנקוקן דאָס „ווייסע הויז", ווו עס וואוינט דער פרעזידענט. עטלעכע מאָל א וואָך ווערט באשטימט א געוויסע צייט, ווען דער פרעזידענט נעמט אויף געסט, גיט שלום־עליכם אלעמען, ווי א פּשוטער בירגער. ער ווערט נישט טיטולירט מיט באזונדערע טיטולן. מען רופט אים „מיסטער פרעזידענט".

וואשינגטאָן איז אַ שטאָט פון פּרעכטיקע געבּיידעס, וווּנדער־לעכע דענקמעלער פון גרויסע היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן. זי פאַרמאָגט ריזיקע אינסטיטוציעס און זי ווערט באַטראַכט אַלס דער קאָפּ פון דעם „נס אמעריקע". עס קאָן זיין, אַז דער קאָפּ איז אַביסל צו קליין פאַר אַזאַ ריז, ווי אַמעריקע איז, אָבער נישט צו פאַרזינדיקן.

עס מוז אויך געזאָגט ווערן, אַז לאָנדאָן, פּאַריז, בערלין, טאָקיאָ, ווין און אפילו וואַרשע זענען גרעסער פון וואַשינגטאָן. די סיבה דערפון איז, וואָס וואַשינגטאָן מוז זיך טיילן אין אירע אויסצייכנונגען מיט אַנדערע גרויסע שטעט. וואַשינגטאָן זוכט נישט צו איבערשטייגן ניו־יאָרק, טשיקאַגאָ אָדער אַנדערע רי־זיקע שטעט ווי: סאַן־פראַנציסקאָ אין קאַליפאָרניע, אָדער ניו־אָרליענס אין לואיזיאַנאַ־שטאַט.

אין אַלע שטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן געפינען זיך דענק־מעלער נאָך דעם פּרעזידענט אייבּראַם לינקאָלן. אָבער אַזאַ שיי־נעם דענקמאָל, ווי אין וואַשינגטאָן, געפינט מען אין ערגעץ נישט. מען קאָן מיט זיכערקייט זאָגן, אַז אַזאַ שיינעם און קאָסטבּאַרן דענק־מאָל האָט מען נאָך אין ערגעץ נישט אויפגעשטעלט אין אָנדענק פון אַ מענטשן.

דער דענקמאָל נאָך לינקאָלן איז פאַרטיק געוואָרן אין 1922 און האָט אָפּגעקאָסט 2.644.000 דאָלאַר. דער דענקמאָל האָט די פאָרם פון אַ גרויסן טעמפּל פון מירמלשטיינער. אינמיטן פון טעמפּל געפינט זיך אַ קאָלאָסאַלע סטאַטוע, ווי לינקאָלן זיצט. מען רעכנט, אַז דאָס איז די גרעסטע סטאַטוע, וואָס איז ווען אויס־געשניצט געוואָרן פון מירמלשטיין.

אויף די ווענט פון דעם פּראַכטפולן טעמפּל איז אויסגע־קריצט אַ גאַנץ גרויסער טייל פון זיין באַרימטער פרייהייטס־רעדע, ווו ער גיט דעם פאָלק דאָס רעכט אויסצוקלייבן זיך אַזאַ רעגי־רונג, ווי עס וויל.

ווען מען שטייט אין דער הויך ביים לינקאָלן־דענקמאָל, מוז מען אַנטציקט ווערן באַטראַכטנדיק די אַרומיקע געגנט: דאָס וואַסער, וואָס פליסט דערנעבּן, דעם פּראַכטפולן גאָרטן מיט די

וווּנדערבאַרע יאַפּאַנעזישע בלומען, ווי דאָס אויג גיט נאָר אַ קוק איז עפּעס ווי אַ וווּנדערלאַנד.

אין וואַשינגטאָן געפינט זיך נאָך אַ באַרימטער דענקמאָל נאָך לינקאָלן: דער לינקאָלן־מוזעוּם אין דעם אַלטן פאָרד־טעאַטער, ווו ער איז דערשאָסן געוואָרן, און אויף דער אַנדערער זייט גאַס געפינט זיך דאָס הויז, ווו לינקאָלן איז געשטאָרבן.

דער וואַשינגטאָנער מאָנומענט איז ווידער דער גרעסטער פון אַלע דענקמעלער. ער איז 550 פוס הויך און האָט געקאָסט 1.300.000 דאָלאַר. מען האָט אים געבויט 37 יאָר און ער איז פאַרטיק געוואָרן אין 1888.

XXXVI

# שיקאַגאָ

אין יאָר 1933 איז געוואָרן הונדערט יאָר זינט שיקאַגאָ איז געגרינדעט געוואָרן. די דאָזיקע פּאַסירונג איז געפייערט געוואָרן דורך אַ גרויסער וועלט־אויסשטעלונג.

מיט הונדערט יאָר צוריק, ווען אַלע איצטיקע גרויסע וועלט־שטעט זענען שוין זייט לאַנגע דורות געווען באַרימט און באַוווּסט, איז שיקאַגאָ נאָך אַפילו אויף דער וועלט נישט געווען. זי איז גע־ווען אַן אינדיאַניש דערפל. איצט איז זי די יינגסטע פון די גרעסטע וועלט־שטעט און ליגט אין שטאַט אילינאָיז.

שיקאַגאָ, זאָגן די אַמעריקאַנער, איז די שטאָט פון ווינט און רויך און פון רויך און ווינט. ווען איר קומט אַריין אין דער שטאָט, מאַכט זי דעם איינדרוק, ווי ניו־יאָרק וואָלט זי אַרויסגע־וואָרפן פון זיך. אָבער וואָס לענגער איר בלייבט אין שטאָט — אַלץ מער זעט איר די וווּנדער פון דער שטאָט.

שיקאַגאָס ראַשיקער וווּקס, איר ריזיקער פּאַרנעם, איר קראַפט און ענערגיע איז דער העכסטער אויסדרוק פון מאָדערנעם אימ־פּעט.

דער נאָמען שיקאַגאָ נעמט זיך פון אַ טייך, וואָס שניידט דורך אַ טייל אילינאָיז און פאַלט אַריין אין טייך מישיגען. די געגנט איז אַ טייל פון דער גרויסער אַמעריקאַנער פּרעירי, וואָס האָט גע־הייסן די „נאָרד־וועסט" (דרום־מערב). אין יענע יאָרן האָבן אין

דער דאָזיקער געגנט ארומגעוואנדערט פארשידענע אינדיאַנער שבטים. די קאָלאָניע ביים מויל פון טייך האָט מען אַ נאָמען גע־געבן שיקאַגאָ, נאָך דעם נאָמען פון טייך.

אָן אייביקייט איז אַוועק און קיינער האָט פון דער געגנט נישט געוווּסט. זי איז געלעגן זייער ווייט, ווו די פרעירי האָט זיך געצויגן פאַר טויזנטער מיילן, און ווו אינדיאַנער שבטים האָבן ארומגעוואנדערט. ביז איינמאָל זענען מיט אַ שיפל אויפן טייך שיקאַגאָ אָנגעקומען צוויי פראַנצויזישע מיסיאָנערן — פּיער זאַר־קעט און לואיס דזשאָליעט. דאָס איז געווען ביים סוף זיבעצנטן יאָרהונדערט (1673).

אין יאָר 1820 זענען שוין דאָ געווען עטלעכע פאַמיליעס. דאָס לעבן איז דאָ געווען אַזוי ווי אין אַלע ערטער פון אַמעריקע, ווו די ווייסע זענען געקומען זיך באַזעצן. עס איז געווען אַ שווער און אומזיכער לעבן פון פּיאָנערן אין אַ ווילדן לאַנד, מיט מלחמות און איבערפאַלן פון די אינדיאַנער אַלס צוגאָב. אַזוי האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע צייט דער הערָאָישער, איינגעעקשנטער קאַמף פון אַמעריקאַנער פּיאָנערן קעגן אומבאַשרייבלעכע שוועריקייטן.

אין יאָר 1833 ווערט שיקאַגאָ אָרגאַניזירט אַלס שטעטל. אָט אַזוי איז שיקאַגאָ געבוירן געוואָרן.

די פרוכטבאַרקייט פון דער פרעירי איז זייער גרויס. איבעראַל פעטע, שווארצע ערד, וואָס וואַרט נאָר אויף אַ מענטשלעכער האַנט, כדי ארויסצוברענגען ריזיקע גערעטעניש. טויזנטער מענטשן פון מזרח, די פריש־אריבערגעקומענע פון אייראָפּע, האָבן זיך ארויס־געשאָטן איבער דער פרעירי, און האָבן פאַרנומען אַזוי פיל אומ־באַרירטע ערד, וויפל זיי האָבן נאָר אַליין געוואָלט. דער ישוב אויף דער פרעירי וואַקסט, און מיט דעם וואַקסט די מעגלעכקייט און באַדערפעניש פון האַנדל. שיקאַגאָ איז געוואָרן דער האַנדלס־צענטער פון דער גאַנצער ריזיקער געגנט.

דער וווּקס פון אַמעריקע איז דער ווונדער פון דער וועלט, און דער ווונדער פון שיקאַגאָ איז דער ווונדער פון אַמעריקע. שי־קאַגאָ וואַקסט ראַשיק, מיט אימפּעט און ציילט שנעל אירע איינ־וווינער אין די טויזנטער, אין די צענטליקער טויזנטער. דער

האנדל בליט, די שטאָט וואַקסט זיך פאַנאַנדער. זי ווערט אַן אַמעריקאַנער גרויסע שטאָט.

שיקאַגאָ מיט אירע פיר מיליאָן איינוואוינער מאַכט אַ קאָלאָ־סאַלן איינדרוק. ווען איר וואָלט נישט געזען ניו־יאָרק, וואָלט איר זי געהאַלטן פאַר דער גרעסטער שטאָט אין לאַנד. שיקאַגאָ איז ברייט, אפשר ברייטער ווי בערלין אָדער פּאַריז, אָבער צוליב דעם רויך באַקומט איר דעם איינדרוק, אַז איר זענט גאָר אין לאָנדאָן. די שטאָט האָט זיך געהאַלטן אין איין אויסשענערן, אין איין בייטן זיך, פּונקט ווי ניו־יאָרק. יעדעס מאָל, ווען מיר קומט אויס צו זיין אין שיקאַגאָ, דערקען איך נישט די שטאָט. זי ווערט ייִנ־גער און שענער.

שיקאַגאָ פאַרמאָגט שיינע טייכן, פאַנטאַסטישע גערטנער און ריזיקע „וואָלקנקראַצער". די באַפעלקערונג איז אַ געמישטע, פּונקט ווי אין ניו־יאָרק. דער „מאָגן" פון שיקאַגאָ, וואָס דאַרף איבערקאָכן אַלע פעלקער פון דער ערד אויף אַן אַמעריקאַנער שטייגער, — איז נישט קלענער פון „מאָגן" פון ניו־יאָרק, וואָס פאַרדייעט נאַציעס און פעלקער. זיי ווערן איינגעשלונגען רויער־הייט.

דאָ איז אַ וועלט מיט קליינע וועלטעלעך, מיט אַלערליי שפּראַכן און כּל־ערליי צייטונגען, און יעדעס וועלטל — אַ געטאָ... די גאַסן האָבן זיך געביטן פּונקט ווי אין ניו־יאָרק. צוערשט האָט דער ייִד פאַרשטויסן דעם יענקי, דעם אירלענדער און די דייטשן. דער סלאַוו האָט אַרויסגעשטופּט דעם איטאַליענער, דערנאָך איז געקומען דער נעגער און האָט אַרויסגעשטופּט דעם סלאַוו. אַזוי אַרום האָט שיקאַגאָ עטלעכע געטאָס, וועלכע מאַכן אַ שווערן איינדרוק. די אָפּוועקסלונג לאָזט די גאַסן אַלץ חושכדי־קער און אָרעמער. דער נעגער־קוואַרטאַל אין שיקאַגאָ איז דעריבער דער אָרעמסטער פון אַלע אַנדערע.

איר שפּאַצירט איבער די דאָזיקע געטאָס און איר הערט, ווי היימישע שפּראַכן ווערן דאָרט צעקאַליעטשעט, צעקריפּלט, — קריגט איר רחמנות אויף די דאָזיקע מענטשן, וואָס קענען זיך נישט אַמעריקאַניזירן, און האָבן פאַרלוירן זייער אייגן פּנים. די

הימישע שפּראַך דאָ פֿוילט... זי ווערט פֿאַרשלונגען פֿון דער רייַ־כער, אַמעריקאַנישער שפּראַך, וואָס די קינדער טראָגן אונטער. דער פּאָליאַק, למשל, זאָגט: „יאַ מיאַלעם טראָבעל", דער ייִד זאָגט: „איך האָב היינט געהאַט אַ סך טראָבעל", דער דייטש זאָגט: „איך האַטע זאָפיל טראָבעל". דאָס איז נישט פּויליש, נישט ייִדיש, נישט ענגליש און נישט דייטש, ס'איז זשאַרגאָן. אין אמתן מיינט „טראָ־בעל" — צרות, קלאָפּאָט, אומאָנגענעמלעכקייטן.

אין די דאָזיקע ענגע געסלעך פֿאָרן אַרום „האָזירער" מיט אויסגעהאָרעוועטע, האַלב־געפּגרטע פֿערדלעך. זיי פֿאַרקויפֿן קאַר־טאָ־ל, עפּל, גרינצייג פֿאַר די אָרעמע איינוווינער צו ביליקע פּרייזן. שיקאַגאָ, מוזט איר וויסן, האָט געסלעך און הינטער־געס־לעך, וואָס זענען אַפֿילו נישט ברוקירט. אין די הינטער־געסלעך שפּילן זיך נעגער־קינדער מיט ברודיקע הינט; שמוציקע קעץ דראַ־פּען זיך דאָרט די אויגן אויס; שטשורעס און מייז לויפֿן דאָרט פֿאַרביי, ווי אין אַ פּראָצעסיע. ווו נעמען זיך אַזויפֿיל מייז און שטשורעס אין שיקאַגאָ? דאָס נעמט זיך פֿון דעם, וואָס שיקאַגאָ האָט די גרויסע שלאַכטהייזער. שיקאַגאָ איז באַרימט צוליב איר פֿלייש־אינדוסטרי און אירע „סטאָק־יאַרדס", וועלכע דער גרוי־סער אַמעריקאַנער שריפֿטשטעלער אַפּטאָן סינקלער האָט אַזוי קינסטלעריש געשילדערט אין זיין בוך „שיקאַגאָ" („דער דזשונגל").

קומען קיין שיקאַגאָ און נישט זען די „סטאָק־יאַרדס", איז ווי זיין אין איטאַליע און נישט זען רוים, אָדער ווי זיין אין פּאַ־ריז און נישט זען דעם „אייפֿל־טורעם", אָדער זיך געפֿינען אין ניו־יאָרק און נישט זען דאָס ריידיאָ־סיטי־טעאַטער, אָדער די „עמפּייער סטעיט־געביידע". קומט איר אָבער אַרויס פֿון „סטאָק־יאַרד", קאָנט איר זיך אַליין נישט דולדן. עפּעס פֿילט איר זיך ווי דערשלאָגן. איר זעט, ווי מען קוילעט און מען שעכט שעפּסן, חזירים און אָקסן. עס גייט דורך אַ גרויל איבער אייער לייב... אָט זעט איר די בהמה לעבעדיק, און אָט זעט איר, ווי אַ טרענירטער אָקס, אָדער, אַזוי צו זאָגן, אַ פֿרומער באָק, פֿירט אַריין די שעפּסן צו דער שחיטה; ווי מען דערלאַנגט די אָקסן איבער די קעפּ, און

ביז איר קומט ארויס, זעט איר שוין איינגעפּאקט פלייש, גאנצע אָקסן געריייניקט אין די אייז־וואַגאָנען, וואָס צעפירן זיי איבערן לאַנד. מען זעט די בלוטיקע סצענעס, מען פילט די אייגענע קליי־דער, וועלכע ווערן אָנגעזאַפּט מיטן „ליבהארציקן" ריח פון די „סטאָק־יאַרדס", און מען איז — מילד גערעדט — נישט אויפ־געלייגט.

צום שרעקלעכסטן איז דער איינדרוק, וואָס עס מאַכן אויפן באַזוכער די באַדינגונגען פון אַרבעט און שקלאַפעריי. ווי אַזוי קאָן מען לעבן אין אַזעלכע באַדינגונגען? ווי לאַנג קאָן דער מענטש־לעכער אָרגאַניזם אויסהאַלטן אַזאַ אַרבעט?

איר הערט אַ סך וועגן דער אַרבעט פון די דאָזיקע מענטשן, וואָס פאַרדינען פון 9 ביז 12 דאָלאַר אַ וואָך אין די „סטאָק־יאַרדס". דאָס זענען מייסטנס פּאָליאַקן, נעגער און רוסן, אַ קליי־נע צאָל אַמעריקאַנער און אירלענדער. זיי זענען אַזוי צוגעבונדן צו דער אַרבעט, אַז זיי האָבן נישט קיין צייט צו טראַכטן וועגן מענטשלעכע באַדינגונגען, זיי ווערן פּשוט פאַרטשאַדעט פונם ריח פון בלוט; מען ווערט פאַרטויבט פון דעם שטענדיקן רעווען פון די בהמות, וואָס גייען צו דער שחיטה; מען ווערט צעטרייסלט, דענערווירט פון אַלץ, וואָס מען זעט אין די שלאַכטהייזער. דאָ אַרבעטן די מענער אין ברייטע לעדערנע פאַרטוכער, וועלכע זענען דורכגעווייקט אין בלוט... איר פילט, ווי איר געפינט זיך אין אַ גהינום.

איינער שטייט מיט אַ דובינע און גיט יעדן אָקס אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ, אַז איר ווערט אַ פאַרציטערטער. די אָקסן רעווען, די חזירים סקאָוויטשען, די שעפּעלעך מעקען, אַז די געביידע טרייסלט זיך, און אפשר דוכט זיך אייך נאָר אַזוי. איר זעט, ווי מען ציט אַרויף אַ קייט מיט פריטשמעלעטע אָקסן און מען גיט זיי איבער צום קיילער... דאָרט אַביסל העכער שטייט איינער אַ געזונטער יונג מיט אַ מעסער און שניידט... די אָקסן שרייען נאָך העכער, אַז איר ווערט אַ דערציטערטער.

עס ווערט זייער אומאָנגענעם, אָבער מען דאַרף עס זען, מען מוז עס זען, פּונקט ווי מען מוז זען די קוילן־, אייזן־ און קופּער־

מינעס אין ביוט, מאָנטאַנאַ־שטאַט, אָדער די אייזן־ און שטאָל־פאַבריקן אין פּיטסבורג (פּענסילווייניאַ־שטאַט). עס איז נישט גענוג צו לייענען וועגן די דאָזיקע שטעט אין ביכער, ווו מען מאָלט די ליכטיקע זייט פון אַמעריקע. מען דאַרף אַלץ אַליין זען. אַמעריקע איז רייך, די שפע איז ריזיק, אָבער מען מוז אָנקוקן דעם מעדאַל פון ביידע זייטן. יעדע שטאָט, פּונקט ווי יעדעס לאַנד, האָט ליכט־ און שאָטן־זייטן.

שיקאַגאָ איז באַקאַנט אַלס פּראָגרעסיווע שטאָט, כאָטש דאָרטן זענען פאָרגעקומען בלוטיקע אַרבעטער־קאַמפן; כאָטש די וועלט קען שיקאַגאָ אַלס אַ שטאָט פון רויבער און מערדער. שיקאַגאָ ווערט פאַלש אויסגעטייטשט פאַר דער וועלט און דעריבער פאַלט אָפּט אָן אויף מענטשן אַ מורא, ווען זיי פאָרן אַהין.

אין דער אמתן איז שיקאַגאָ אַ רייכע, קולטורעלע שטאָט. יידן לעבט זיך דאָרט, פּונקט ווי אין ניו־יאָרק. דאָרט דערשיינען יידישע צייטונגען און וויכטיקע זשורנאַלן, מיט וועלכע די ליטעראַרישע וועלט רעכנט זיך. שיקאַגאָ איז פול מיט בילדונגס־אַנשטאַלטן, און האָט די צוויי באַוווּסטע גרויסע אוניווערזיטעטן „די שיקאַגאָ" און די „נאָרד וועסטערן", די שטאָט האָט מוזעומס און קונסט־גאַלעריעס, אַ סיוויק־אָפּערע, וואָס ווינטער און זומער ווערן דאָרט געגעבן אָפּערעס אונטערן פרייען הימל, פאַראַן דאָרט אויך אַ סימפאָנישער אָרקעסטער, אויך פרייע לעקציעס, פאָרומס, און דאָס גלייכן.

אַ סך גרויסע שרייבער האָט שיקאַגאָ אַרויסגעגעבן ווי: טעאָדאָר דרייזער, בען העכט, עדגאַר ל. מאַסטערס, קאַרל סאַנדבערג און נאָך אַנדערע, וואָס זענען איצט פאַררעכנט אַלס די שאַפער פון דער מאָדערנער אַמעריקאַנער ליטעראַטור.

שיקאַגאָ פאַרמאָגט איצט אַריבער פיר מיליאָן איינוואוינער און פאַרנעמט אַ שטרעקע לאַנד פון 208 קוואַדראַט מייל, און זי האַלט נאָך אין וואַקסן, פּונקט ווי אַנדערע שטעט אין אַמעריקע. זי איז די הויפּטשטאָט פון דער „מידעל־וועסט" (מיטל־מערב), פון דאָרט פאָרט מען אַריין אין וויטן אַמעריקע. דאָרט זענען די

וואַקזאַלן ריזיק־גרוים, צוליב דעם אומגעהויערן פאַרקער צווישן מזרח־ און מערב־טייל פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

און פונקט ווי די שטאַט ניו־יאָרק איז אַ וועלט פאַר זיך אַליין, אַ זון אַ גאַנצע, אַרום וועלכער עס דרייען זיך אַרום אַ סך אַנדערע זונען, נאָר קלענערע פון איר, ווי למשל: פילאַדעלפיע, באָסטאָן, באַלטימאָר, און נאָך אַ סך אַנדערע היבשע שטעט און שטעטלעך, — אַזוי איז אויך די שטאָט שיקאַגאָ פאַר דעם מערב. שיקאַגאָ איז אויך אַ זון אַ גאַנצע, אַרום וועלכער עס דרייען זיך אַרום אַזעלכע פלאַנעטן פון מערב ווי: דעטראָיט, קליוולאַנד, סינ־סינעטי, סט. לואיס, מילוואָקי, סט. פאול, און נאָך אַ סך, און אַלץ אַזעלכע מדינות, וואָס ליגן אויסגעלייגט ווי אויף אַ שאַכברעט אַרום די גרויסע אָזערעס — „די גרעיט לעיקס" (די גרויסע טייכן).

שיקאַגאָ איז די גרעסטע שטאָט אין אילינאָיז־שטאַט. אילי־נאָיז איז דער איבערגאַנג־שטאַט, אין איר האָבן זיך מזרח און מערב צוזאַמענגעטראָפן.

אילינאָיז האָט זייער אַ גינסטיקע געאָגראַפישע לאַגע. קיין שום אַנדערער שטאַט איז נישט אַזוי רייך אין נאַטירלעכע וועגן, ווי ער; אין זיינע גרעניצן פליסן פיר גרויסע טייכן: מיסיסיפּי, אָהײַאָ, וואָבאַש, אילינאָיז און נאָך אַנדערע. דער שטאַט געפינט זיך אויף די וועגן, וועלכע האָבן געפירט צום מערב נאָך איידער אייזנבאַנען זענען געבויט געוואָרן. אין צפון גרענעצט ער זיך מיט די גרויסע אָזערעס, וועלכע פאָרמירן אַ דירעקטע פאַרבינדונג מיטן אַטלאַנטישן ים־ברעג. אין דרום פאַרמאָגט ער מיסיסיפּי, וועלכע פירט צום מעקסיקאַנישן ים־בוזעם, דער ים פון די צפון־שטאַטן. אַלע וואַסער־וועגן פון דעם מערב האָבן געפירט דורך אילינאָיז. ס'איז דעריבער געווען נישט מער ווי נאַטירלעך, אַז אַ סך פון די וואַנדערער, וועלכע האָבן זיך געלאָזט צום ווייטן מזרח, זאָלן פאַר־ענדיקן זייערע רייזעס אויף זיין באָדן, ווייל דער שטאַט איז ווי געשאַפן פאַר אַגריקולטור. זיין באָדן איז פלאַך און פרוכטבאַר.

אויך אין דער געשיכטע פון אַמעריקע האָט אילינאָיז זיך דערוואָרבן אַן איביקן פּלאַץ, אַלס דער שטאַט, וואָס האָט אַרויס־

געגעבן אייבראהאם לינקאָלן, דעם באַפרייער פון די נעגער.

דער וווּנדער פון לינקאָלן ווערט נאָך גרעסער ווען מען ווייסט, אַז אין אילינאָיז־שטאַט האָט עקזיסטירט אַ מעכטיקער סענטימענט פאַר שקלאַפעריי. די מערסטע איינוווינער האָבן איינגעוואַנדערט פון צפון. זיי זענען געקומען אויף אַ מיסיסיפּי־שיף, און מיטגעבראַכט זייערע שקלאַפן. אָט פון יענע מענטשן איז געקומען לינקאָלן, דער באַפרייער פון די שקלאַפן. ער איז דער נס פון אילינאָיז־שטאַט, דער וווּנדער פון אַמעריקע, וואָס איז געקומען פון פּראָסטן פאָלק און איז געוואָרן דער מאַרטירער־פּרעזידענט פון אַמעריקע.

שיקאַגאָ האָט זיך נישט וואָס צו שעמען און קאָן זיך אַפילו פאַרגלייכן אַלס וועלט־שטאָט מיט ניו־יאָרק.

XXXVII

# די שוואַרצע ראַסע אין אַמעריקע

פאראן א „שווארצער פלעק‟ אין דער געשיכטע פון אמעריקאנער פרייהייט. דער דאָזיקער פלעק איז די „נעגער־פראגע‟ אין אמעריקע.

מיר מוזן צוטרעטן צו דער נעגער־פראגע אין די פאראייניקטע שטאטן דער עיקר אויפן באזיס פון פאָלגנדן אנאליז: דער בירגער־קריג האָט נישט פארענדיקט די באפרייאונג פון דעם נעגערישן פאָלק.

מיר איז אייניקע מאָל אויסגעקומען צו פאָרן אין דרום פון צפון־אמעריקע, ווו נעגערס לעבן ווי שקלאפן. די וועלט ווייסט, אז אייבראהאם לינקאָלן האָט באפרייט די נעגער פון שקלאפעריי, — שטעקט אין דער באהויפטונג אן אמת און א ליגן.

אין מזרח, אין ניו־יאָרק, למשל, זענען נעגער כלומרשט פריי. זיי קאָנען עסן אין די זעלבע רעסטאָראנען, פאָרן אין די זעלבע אויטאָבוסן, וואוינען דאָרט, ווו עס וואוינען ווייסע, דאָך פילט מען עפעס א דיסטאנץ, עפעס אן אָפּפרעמדונג. ניו־יאָרק איז אָבער א געבענטשטע שטאָט. דאָ האָבן די נעגער אן אייגענעם קווארטאל, פונקט ווי זיי האָבן דאָס אין פילאדעלפיע, באָסטאָן, קליוולאנד, אָהייאָ, שיקאגאָ, סט. לואיס און אפילו אין קאליפאָרניע.

יעדער שטאט אין אמעריקע האָט זיך אייגענע נאציאָנאלע אויטאָנאָמיע. עס איז דעריבער א געוואלדיקער קאָנטראסט צווישן

דער איסט ביז דער סאוט. אין דער איסט פון אמעריקע לעבן די נעגער, ווי זיי ווילן און ווי אזוי זיי קאנען, אבער אין דער סאוט ווערן די נעגער באטראכט ווי שקלאפן. דאס איז נישט גלאט קיין באהויפטונג. אין דער סאוט שפייען ווייסע מענטשן נעגער אין פנים אריין, ווי אין א שפיי־קעסטל. דארט דערוועגן זיך נישט די נעגערס צו רעדן הויך, זיי מיידן אויס די ווייסע.

אויף מיינע רייזעס איבער אמעריקע, איז מיר אויסגעקומען צו זען, ווי מען שלאגט נעגערס אין ניו־ארליענס (שטאט לואי־זיאנא). אויך אין גאלוועסטאן און יוסטאן, טעקסאס, באמערקט מען די אומגעהויערע גרענעץ צווישן די שווארצע און ווייסע. די גרענעצן באמערקט איר גלייך, ווען איר קומט אויף דעם וואקזאל. אין די וואקזאלן אין דער סאוט זענען פאראן ספעציעלע ווארט־זאלן פאר נעגערס. ספעציעלע רעסטאראנען, ספעציעלע זיץ־פלע־צער. איבער די דאזיקע אפגעזונדערטע פלעצער הענגען גרויסע שילדן מיט אויפשריפטן, וואס שטעכן די אויגן: „נאר פאר נע־גערס".

פאר מענטשן, וואס קומען פון דער איסט, ווי ניו־יארק, פי־לאדעלפיא, באסטאן אדער שיקאגא, מאכן די דאזיקע אויפשריפטן א משונה־ווילדן איינדרוק, עפעס גלויבט זיך אייך נישט, אז אין אמעריקע זאל דאס מעגלעך זיין, ווייל אין אייערע אויערן קלינגען די ווערטער פון אייבראהאם לינקאלן:

„ ...Conceived in liberty and dedicated to the proposition that all men are equal".

די נעגער־פראגע אין אמעריקע איז דעריבער א „שווארצער פלעק" אויף אונזער לאנד.

פונקט ווי דער אהייא־טייך אין דער מיטל־וועסט, אזוי איז אויך דער פאטאמעק־טייך אין דער איסט: די וואסער־גרענעץ צווישן די צפון־שטאטן און דרום־שטאטן.

אויף יענער זייט פאטאמעק־ריווער הויבט זיך גלייך אן וויר־דזשיניע, דער ערשטער „סאוטהערן־סטעיט".

אונזער הויפטשטאט אליין, וואשינגטאן, איז שוין אייגנטלעך

דער טויער צום לאַנד, ווו נעגער־מענטשן שטייען פּאַקטיש, אויב נישט טעאָרעטיש, אויסערן געזעץ.

אויך אין וואַשינגטאָן זענען שוין דאָ פּאַר די נעגערס באַזונדערע טעאַטערס, באַזונדערע קינאָס, באַזונדערע רעסטאָראַנען... אָבער דאָך איז עס פּאָרט אונזער אַלעמענס הויפּטשטאָט. אינם פּרעכטיקן מאַיעסטעטישן לינקאָלן־טעמפּל, וואָס איז געבויט אינם סטיל פון די אַלט־גריכישע פּאַרטענאָנען, זענען דאָך אין די מירמלבלאָקן פון די ווענט איינגעקריצט מיט ריזן־אותיות יענע ווערטער פון דער באַוווּסטער געטיסבורג־רעדע פונם פּרעזידענט אייבראַהאַם לינקאָלן, דעם „נעגער־עמאַנציפּאַטאָר", ווו עס זאָגט זיך, אַז אונזער לאַנד איז „געהייליקט דעם גרונט־געדאַנק, אַז אַלע מענטשן זענען גלייך...".

שעמט מען זיך טאַקע אַביסל אונטער אונטערצודריקן די נעגערס אָפן, אין דער סאַמע הויפּטשטאָט. זענען קיין ספּעציעלע נעגער־טראַמווייען טאַקע דאָ נישטאָ. פּאַר די נעגערס פון דער סאַוט הייסט וווינען אין וואַשינגטאָן, ווי אַריינפּאַלן אין גן־עדן לעבעדיקערהייט... געפינען זיך טאַקע אין וואַשינגטאָן אַ סך נעגערס, איבערהויפּט: מולאַטן. כּמעט אין אַלע האָטעלן זענען די מאַשיניסטן אין די „ליפּטס" (ווינדעס), מולאַטן און מולאַטקעס.

עפּעס אַנדערש איז אָבער, אַז איר פּאַרלאָזט וואַשינגטאָן אויפן וועג קיין דרום: ווי נאָר איר שניידט איבער דעם ברייטן פּאָטאָמעק־טייך, אויף וועלכן עס שווימען אַפילו ים־שיפן פון נאָרפּאָלק, אין ווירדזשיניע, געפינט איר זיך שוין גלייך אינם לאַנד, וואָס טיילט אָפיציעל אָפּ געאָגראַפיש די צפון־שטאַטן פון די דרום־שטאַטן.

אַמשטאַרקסטן איז מערקבאַר די גרענעץ אין טעקסאַס און אין לואיזיאַנאַ־שטאַט. דאָרטן הערשט אַ ווילדער צושטאַנד, אַ שרעקלעכע באַציונג צו די נעגער, ווי זיי וואָלטן געווען חיות, נישט קיין מענטשן. איר לייענט שילדן, וועלכע דערנידעריקן די מענטשלעכע ווירדע. „דאָ פּאַרקויפט מען בלויז פּאַר נעגער". „אַ נעגער איז ערגער פון אַ הונט". די ווייסע געשעפטסלייט, וועלכע ווילן אַרויסווייזן הונדערט־פּראָצענטיקן פּאַטריאָטיזם, רעקלאַמירן זיך:

„מיר האָבן נאָך קיינמאָל נישט געהאַנדלט מיט נעגערס". אין די שטאָטישע טראַמווייען (קאַרס), דערלויבט מען בלויז 4 נעגערס צו זיצן ביי דער טיר. איבער די זיץ־פּלעצער איז געשריבן: „דאָ זיצן בלויז נעגערס".

אָפט דערלויבט מען 4 נעגערס אויך נישט. מען שרייט אָן אויף זיי און עס קומט זיי אויס צו וואַרטן שעהן, ביז עס קומט אַ ליידיקער טראַמוויי. פאַר נעגערס הערשן נאָך איצט אין דער סאוט פיל אויסנאַם־געזעצן. איר זעט, ווי מען דערנידעריקט אַ קלאַס מענטשן און איר פרעגט זיך, ווי איז דאָס מעגלעך אין אַזאַ פרייען לאַנד, ווי אַמעריקע?

וואָס פאַר אַ שטאַט איז טעקסאַס? מיר וועלן אייך דאָ איבער־געבן אַן אָנגענומענע אויסטייטשונג פונם אַמעריקאַנישן שטאַנד־פונקט, וואָס פאַר אַ מדינה טעקסאַס איז, כּדי איר זאָלט באַגרייפן די סיבה פון דעם דאָזיקן צושטאַנד.

טעקסאַס איז אַ ריזיקע מלוכה פון צוויי הונדערט און זעכ־ציק טויזנט קוואַדראַט־מייל. ער איז דער גרעסטער פון די אַכט און פערציק שטאַטן פון אַמעריקע; גרעסער ווי דייטשלאַנד, גרעסער ווי פראַנקרייך, גרעסער ווי איטאַליען און ענגלאַנד צוזאַמענגענומען: ער איז אַזוי גרויס, ווי אַלע אַטלאַנטישע שטאַטן פון מעין ביז ווירדזשיניא. אָבער וואָס שייך באַפעלקערונג, איז ער קוים דער פינפטער שטאַט; ער פאַרמאָגט קוים פינף און אַ האַלבן מיליאָן איינוואוינער. ניו־יאָרק און פענסילווייניע פאַרמאָגן צוזאַמען נישט פיל מער, ווי אַ דריטל פון זיין שטח, אָבער פיר מאָל אַזוי פיל איינוואוינער. דאָס הייסט, אַז טעקסאַס איז נאָך עד היום אַ שטאַט, וועלכער דאַרף ערשט באַזעצט ווערן. ער פאַרמאָגט די פּאָטענץ פון אַ באַפעלקערונג פון אַ צענטליק מיליאָן איינוואוינער.

טעקסאַס וואָלט געקאָנט אַריינגעמען נאָך מיליאָנען אימי־גראַנטן און דער שטאַט וואָלט נישט געליטן פון ענגשאַפט.

טעקסאַס איז דער איינציקער שטאַט, וועלכער האָט זיך אָנ־געשלאָסן אין די פאַרייניקטע שטאַטן דורך אַ טראַקטאַט. ער האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט די פאַרייניקטע שטאַטן, ווי איין זעלבשטענדיקע רעפּובליק שליסט מיט דער צווייטער. ער איז

דער איינציקער פון אונזערע שטאַטן, וועלכער האָט פאַרזוכט דעם טעם פון זעקס פאַרשידענע פאָנען. זיין ערשטע אויבערהאַרין איז געווען פראַנקרייך, דאַן איז ער אַריבער אין רשות פון שפּאַניען; ווען מעקסיקע האָט רעוואָלטירט קעגן שפּאַניען, איז טעקסאַס געוואָרן אַ מעקסיקאַנישע פּראָווינץ; שפּעטער האָט ער אַליין רעוואָלטירט קעגן מעקסיקע און האָט זיך דערקלערט פאַר אַ זעלבשטענדיקע רעפּובליק; נאָך שפּעטער האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין די פאַראייניקטע שטאַטן; אין דער צייט פון בירגער־קריג האָט ער זיך אָפּגעשפּאָלטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן און איז געוואָרן אַ טייל פון דער קאָנפעדעראַציע; זינט 1865 איז ער ווידער אַ טייל פון די פאַראייניקטע שטאַטן, און ווי עס ווייזט אויס אויף אייביק.

טעקסאַס איז געווען דער גרעסטער צווישן די שטאַטן פון דער קאָנפעדעראַציע. זיין אומגעהויערע גרויס און זיין ווייטקייט פון וואַשינגטאָן האָבן אים געגעבן אַ באַזונדערע מאַכט. ער האָט געליטן פון דער מלחמה ווייניקער ווי אַלע אַנדערע דרום־שטאַטן. אַנדערע שטאַטן האָבן געבלוטיקט, ער האָט געלעבט זיין נאָרמאַל לעבן. דעם יאָר־צענטליק פון דער מלחמה, 1860—1870, פאַרגרעסערט זיך זיין באַפעלקערונג פון זעקס הונדערט טויזנט אויף מער ווי אַכט הונדערט טויזנט, בעת אַנדערע סויטערנע שטאַטן, סויט קאַראָליינאַ, צום ביישפּיל, זענען געווען גליקלעך נישט צו פאַרלירן קיין באַפעלקערונג.

די אינדוסטרי פון טעקסאַס געפינט זיך אויף אַ פאַרהעלטנים־מעסיק נידעריקער שטופע. דער חוט־השדרה פון טעקסאַסער עקאָנאָמיק איז אַגריקולטור, אָבער אויך אין אַגריקולטור איז ער פּרימיטיוו. כאָטש ער פאַרמאָגט אייניקע געגנטן, וועלכע קאָנען זיך פאַרגלייכן סיי אין קלימאַט, סיי אין פרוכטבאַרקייט מיט קאַליפאָרניאַס און פלאָרידאַס בעסטע, פּראָדוצירט ער פונדעסטוועגן גאַנץ ווייניק פון די האַלב־טראָפּישע פרוכטן, די אַזוי־גערופענע ציטראָן־פרוכטן, וועלכע ברענגען אַריין גרויסע הכנסות. טעקסאַס ווידמעט נאָך עד־היום דעם גרעסטן טייל פון זיין ענערגיע דער פּראָדוקציע פון באַוול; אַזוי איז געווען מיט אַכציק יאָר צוריק, אַזוי איז עס איצט. אין אַ גוטן יאָר קאָן פּאַסירן, אַז דער שטאַט אַליין זאָל פּראָדוצירן

זעקס מיליאָן באַלן, אומגעפּער אַזוי פיל ווי אַלע אַנדערע סאַוטהערנע דרומדיקע שטאַטן צוזאַמען. טעקסאַס פּראָדוצירט אויך הונדערט און פערציק מיליאָן בושעל קוקורוזע יערלעך; ער פּראָדוצירט ווייץ, קאַרטאָפל, האָבער, רייז. אין צענזוס פון 1935 איז טעקסאַס אָנגעגעבן געוואָרן אַלס דער איינציקער שטאַט, וועמענס גערעטעניש עס האָט געהאַט דעם ווערט פון מער ווי אַ ביליאָן דאָלאַר. אָבער אַזוי ווי מער ווי אַ העלפט פון דער הכנסה קומט פון באַוול, איז דער גאַנצער שטאַט אָפּהענגיק פון די קאַפּריזן פון באַוול־מאַרק. מאַכט זיך, די באַוול־גערעטעניש געלינגט נישט, אָדער אין מאַנטשעסטער הערשט אַ קריזיס און ענגלאַנד נויטיקט זיך נישט אין באַוול, ליידט יעדער איינוווינער פון טעקסאַס.

מיר ווילן אָבער נישט געבן קיין ענציקלאָפּעדישן, אָדער סטאַטיסטישן איבערבליק וועגן דעם ריזיקן שטאַט. מיר ווילן אייך בלויז באַקענען מיט אַ טייל פון אַמעריקע, וואָס האָט נאָך אויסנאַם־געזעצן פאַר נעגערס.

אין דער סויט זענען פאַראַן בלויז געוויסע קוואַרטאַלן, וווּ נעגערס מעגן וווינען. זיי האָבן דאָרט זייערע קאַפע־הייזער, זייערע קלובן און זיי וועלן נישט וואַגן איבערצוטרעטן די שוועל פון ווייסע, זיי מוזן זיך דריקן צווישן זיך, אין דעם אַזוי־גערופענעם נעגער־געטאָ. דאָס מינדעסטע ווייסע יונגל קאָן מיט זיינעם אַ בליק פאַרטרייבן דעם ריזיקסטן נעגער, ווייל טויטן אַ נעגער, איז פונקט ווי צו הרגענען אַ פליג. די ריכטער און די פּאָליציי קוקן אויף די נעגערס ווי אויף ווילדע באַשעפענישן. נעגערס אין דער סויט וועלן נישט וואַגן צו קוקן אויף אַ ווייסן, און קינדער פון ווייסע עלטערן, וועלכע ווילן זיך פאַרווײַלן, גייען פאַרבײַ אַ נעגער און באַשפּייען און באַזידלען אים. דער נעגער לאַכט גוטמוטיק און לויפט אַוועק ווי אַן אונטערטעניקער שקלאַף.

אָט אַזעלכע סצענעס איז מיר אָפט אויסגעקומען צו זען אין פאַרשידענע שטעט, ווי יוסטאָן, דאַלעס, על פּאַסאָ און אויף דער גאַנצער שטרעקע פון דעם שטאַט לואיזיאַנאַ ביז טעקסאַס.

נעגערס מוזן איינקויפן בגנבה זייערע לעבנס־נויטיקייטן. איך האָב געפּרעגט אַ יידישן געשעפטסמאַן אין „סאַן־אַנטאָניאָ" (טעק־

סאס), פארוואָס ער וויל נישט האַנדלען מיט נעגערס, האָט ער אויף מיר אַ קוק געטון מיט אַ בליק, וואָס האָט אויסגעדריקט פאַראַכ־טונג, ווי איינער רעדט: — צי איז דער מענטש משוגע. — „איך וועל ליבערשט שטאַרבן פאַר הונגער, ווי האַנדלען מיט נעגערס". די פרוי פון דעם יידישן געשעפטסמאַן האָט צוגעגעבן אַ באַמער־קונג, אַז די נעגערס זענען נישט ווערט, וואָס זיי לעבן.

די עכטע אַמעריקאַנער אין דער סויט זאָגן: — „אַ גוטער נעגער איז אַ טויטער נעגער". אָט אַזאַ שטימונג הערשט איבער דער גאַנצער סויט פון אַמעריקע.

אין „ניו־אָרליענס", אַ באַרימטע אַמעריקאַנער שטאָט, וואָס ווערט באַטראַכט פאַר אַ מין „פּאַריז" פון אַמעריקע, איז פאַראַן אַ ספּאָרט פון ווייסע אַמעריקאַנער אַרויסצוגיין אין נעגער־קוואַרטאַל און שלאָגן נעגערס. דאָס פּאַסירט אָפט, מען מאַכט פשוט אַ מין פּאָגראָם אויף די נעגערס, און קיין שום נעגער דערוועגט זיך נישט אַקעגנצושטעלן.

מיט די נעגערס ווילן אפילו נישט אַרבעטן די מעקסיקאַנער, וועלכע זענען בטבע זייער פויל. די מעקסיקאַנער שיסן אָפט אויף נעגערס, זיי קוקן אויף זיי, ווי אויף ווערים. און ווען אַ מעקסיקאַ־נער וויל זיך צוחנפענען צו ווייסע, זידלט ער די נעגערס אַלס די שטערער פון פאָרשריט אויף דער וועלט.

די קינדער פון די נעגערס גייען אין באַזונדערע שולן. זיי האָבן שוואַרצע לערער און זיי טאָרן נישט טומלען און זיך שפּילן פריי, ווי קינדער פון ווייסע עלטערן. די קינדער פון די ווייסע לערנט מען אין די שולן צו פאַראַכטן און צו האַסן די נעגערס. און אַזוי אַנטוויקלט זיך און אַזוי וואָרצלט זיך איין דער האַס פון די ווייסע קעגן די שוואַרצע אַלץ טיפער און טיפער. די ווייסע קינדער באַפאַלן אָפט די קינדער פון די שוואַרצע און שלאָגן זיי גלאַט אָן אַ פאַרוואָס. מיינט אָבער נישט, אַז די מענטשן דאָרט אין דער סויט זענען ווילדע, חלילה! דאָס זענען אין לעבן גאַנץ פיינע, גאַנץ גוטע מענטשן, זיי רופט מען די קולטיווירטע, אָבער אין דער פראַגע פון די נעגערס שטייען זיי איינגעשפּאַרט און ווילן זיך פון אָרט נישט רירן, זיי האַסן נעגערס מיט זייער גאַנצער

נשמה, און דער האַס איז איינגעוואָרצלט אין יעדן געזעלשאַפט־לעכן לעבן אין דער סויט.

ווען ווייסע קינדער שלאָגן קינדער פון נעגערס, ווען זיי אַפילו נישט וואַגן צו וויינען. זיי לויפן אַהיים מיט אַ שמחה, וואָס ווייסע האָבן זיי באַרירט. אָט דאָס איז דער אמתער צושטאַנד פון די נעגערס אין דער סויט.

אָט דורך די קליינע אילוסטראַציעס קאָנען די יידישע לעזער זיך באַקענען מיטן אמתן לעבן פון דער שוואַרצער ראַסע אין אַמע־ריקע.

עס מוז באַמערקט ווערן, אַז אָט צוליב דיראָזיקע אויסנאַם־געזעצן לעבן די נעגערס אין אַ גרויסער אָרעמקייט. זיי טראָגן שמאַטעס אַנשטאָט קליידער אויף זייערע קערפּערס, זיי שלאָפן אין בודקעס, וואָס זענען אַפילו פאַר הינט נישט פּאַסיק, און בלויז די נאַטור אַליין העלפט זיי דאָ אַרויס. ווייל אין דער סויט פון אַמע־ריעק איז אייביקער זומער, 365 טעג אין יאָר שיינט דאָרט די זון. אָט דאָס מאַכט די שרעקלעכע אָרעמקייט פון די נעגערס אַביסל לייכטער. די זון אַליין, וואָס מאַכט נישט קיין חילוק צווישן ווייסע און שוואַרצע, איז גינסטיק פאַר די אָרעמע נעגערס. און טאַקע נאָר די זון און דאָס וועטער, ווייל די ווייסע מענטשן ווילן די נעגער נאָר פאַר אַ שקלאַף. אַ נעגער טאָר נישט לאַכן, ער מוז האַלטן זיין קאָפּ צו דער ערד געבויגן, ווי אַ פאַרברעכער. און באַגייט אַ נעגער אַ פאַרברעכן, כאַפּט מען אים ביי אַ גנבה, דאַן ווערט ער לעבעדיקערהייט פאַרברענט און פריער לינטשט אים די ווייסע באַ־פעלקערונג. און דאָס געשעט זייער אָפט. די ווייסע משפּטן אַליין די נעגער און די פּאָליציי קוקט אַוועק, ווייל זי ווייסט מיט וואָס עס שמעקט. זי ווייסט, אַז פּאַרטיידיקן נעגער הייסט: שטעלן זייער אייגן לעבן אין געפאַר.

די נעגערס אָבער, ווי אויף להכעיס די ווייסע, זעטיקן זיך מיט די שטראַלן פון דער פרייגעביקער זון און פרוכפּערן זיך און מערן זיך.

אומעטום אין דער סויט ווערט אָפּגעהיט די מחיצה צווישן

די ווייסע יהסנים און צווישן די, וואָס האָבן אַ שוואַרצע הויט און ווערן אָנגערופן נעגער.

מעג עס אייך קלינגען ווי סאַטירע, ווי אַן אויסדרוק פון פּראָטעסט, אָבער מיר מוזן באַטאָנען, אַז די סויט איז שוואַרץ: אָ, ווי שוואַרץ די סויט איז! אומעטום דערזעט איר די מחיצה. אומעטום אויפשריפטן „ווהייט", „קאָלאָרד", פאַר ווייסע, פאַר שוואַרצע. — איר זעט עס אין אַלע שטעט, אין יוסטאָן און אין סאַן־אַנטאָניאָ, אין דאַלעס און אין אַטלאַנטאַ דזשאָרדזשיאַ, אומעטום זענען די קוואַרטאַלן פון די שוואַרצע הושכדיק, אַזוי, אַז איר קריגט דעם איינדרוק, אַז דאָס איז אַלץ איינע און דיזעלבע גאַס, וואָס מען האָט געזען אין די אַלע שטעט פון טעקסאַס. אומעטום אָרעמקייט, קויטיקייט און דלות, וואָס איז אַ משונה־ווילדער קאָנטראַסט צו די שיינע און רייכע וווינונגען פון דער ווייסער באַפעלקערונג. — דאָס אַלץ דערזעט מען, ווען מען פאָרט איבער דער סויט. — אַ שווידערלעכן איינדרוק מאַכט אויף טוריסטן דאָס לעבן פון די נעגער אין דעם שטאַט מיסיסיפּי, וווּ עס איז נאָך ביז היינט פּרעזערווירט געוואָרן דער גייסט פון אַריסטאָקראַטישער אָפּגעזונדערטקייט. — אין מיסיסיפּי קען אַ נעגער נאָך עד־היום געצוווּנגען ווערן זיך צוריקצוקערן צו זיין באַלעבאָס פּלאַנטאַציע, אויב ער האָט אונטערגעשריבן אַ „קאָנטראַקט". — זיי אַלע שרייבן אונטער קאָנטראַקטן, כאָטש אַרום 50 פּראָצענט פון זיי קאָנען נישט חתמענען זייער נאָמען. אין מיסיסיפּי ווערן נאָך עד־היום פאַרקויפט פּלאַנטאַציעס צוזאַמען מיט די נעגערס, וועלכע וווינען און באַאַרבעטן זיי. וואָס מער נעגער, אַלץ טייערער די פּלאַנטאַציע.

מיסיסיפּי האַלט זיך ביים אַלטן. זי שטאָלצירט דערמיט. פאַר מיסיסיפּי איז אַפילו דער שכנישער שטאַט אַלאַבאַמאַ צו פּראָגרעסיוו, ווייל אין אַלאַבאַמאַ זענען אויס־עוואַקסן צופיל גרויסע שטעט און גרויסע שטעט ווערן צו שנעל באַאיינפלוסט פון דעם צפון, בעת אין גאַנצן שטאַט מיסיסיפּי איז נישטאָ קיין שטאָט, וואָס האָט מער ווי 25 טויזנט איינוווינער. מיסיסיפּי איז טאַקע באַקאַנט אַלס אַן אָפּגעשטאַנענער שטאַט, אַזוי אַז ביזן יאָר 1920 האָט נישט עקזיסטירט קיין געזעץ פאַר צוואַנגס־בילדונג. — ווערט טאַקע באַ־

הויפּטעט, אַז אַרום 20 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג זענען דאָרט אַנאַלפאַבעטן. אין דעם שטאַט קומען טאַקע פאָר אָפט „לינטשעריייען", דאָרט פאַרברענט מען נעגערס לעבעדיקערהייט און מען שעמט זיך נישט דערמיט. אַרום צוויי און פופציק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג אין מיסיסיפּי זענען נעגערס, און דאָך האָבן זיי קיין שום דעה נישט און ווערן באַטראַכט פאַר אַ נידעריקערער ראַסע.

מיסיסיפּי עקזיסטירט דורכאויס אויף אַגריקולטור און מאַניפאַקטור געפינט זיך דאָרט אויף אַ נידעריקער שטופע. און מינעראַל־פּראָדוקציע איז דאָרט כמעט ווי אומבאַוווּסט. מיסיסיפּי־שטאַט דערציילט פאַר דער וועלט, אַז ער איז דאָס האַרץ פון דער סויט, אָבער אין דער אמתן איז עס בלויז באַרימעריי, ווייל די סויט איז אין אמתן געזינטער און פּראָגרעסיווער אין אַנדערע טיילן, ווי אין מיסיסיפּי.

די גרויסע צאָל נעגערס וווינען אין די הייזער, וואָס געהערן צו ווייסע אייגנטימער. די נעגערס ווערן נישט צוגעלאָזט צו פּאָליטיק אָדער שטאָט־פאַרוואַלטונג, מען האַלט זיי אין צוים, ווי מען האַלט חיות. — דאָס זענען אַלץ פאַקטן, — פאַקטן און נישט גלאַט ווערטער, השערות, אָדער בלויז פאַנטאַזיע פון אַ רייזנדן זשורנאַליסט, וואָס קומט אויף אַ ווייל, און מיינט, אַז ער זעט אויף אַ מייל.

אַ סך נעגערס צעפאָרן זיך איבערן צפון, ווען זיי קריגן נאָר אַ געלעגנהייט. זיי כאַפּן זיך אַרויס פון דער סויט, ווי פון אַ תפיסה. זיי זוכן אַביסעלע פרייהייט, אַביסעלע גליק אין זייער לעבן.

XXXVIII

# לאָס־אַנדזשעלאָס—דאָס האַרץ פון קאַליפאָרניע

לאָס־אַנדזשעלאָס „איז א היימישע שטאָט", מען פילט זיך גוט ווען מען שפּאַצירט איבער די גאַסן, מען פילט זיך היימיש אין די רעסטאָראַנען און עס דוכט זיך, אַז די שטאָט איז ענג פאַרבונדן מיט דער „איסט".

איך בין געווען אין לאָס־אַנדזשעלאָס אין יאָר 1914, בעת עס איז פאָרגעקומען די אויסשטעלונג אין סאַן־פראַנציסקאָ און אין סאַן־דיעגאָ, און מערקווירדיק, די שטאָט ווערט גאָר נישט עלטער, זי ווערט יינגער. דאָס איז אפשר כאַראַקטעריסטיש פאַר גאַנץ אמעריקע. אייראָפּע עלטערט זיך און אמעריקע האַלט זיך יונג, ניין, זי ווערט יינגער, חנעוודיקער. אייראָפּע איז ווי אַן אָפּגעשלאָ־גענע הושענה אין פאַרגלייך מיט אמעריקע. דאָרט הערט מען וויי־געשרייען, דאָרט איז עפּעס כסדר תשעה־באָב, און דאָ הערט איר דזשאַז־קלאַנגען; דאָ איז יוגנט — דאָרט עלטער. דאָ אייביקער זו־מער, דאָרט אייביקער ווינטער...

ביי מיין לעצטן באַזוך איז דאָרט אויך פאָרגעקומען אַן אויס־שטעלונג אין סאַן־דיעגאָ, און איצט, פּונקט ווי אין 1914, האָב איך געפילט, אַז לאָס־אַנדזשעלאָס איז אַ גאָרטן־שטאָט, וווּ עס איז פּשוט אַ מחיה צו שפּאַצירן, צו אָטעמען די לופט, צו זען די מענטשן, די גאַסן, די ביימער און די הייזער, און פון אַלץ שרייט אַרויס די יוגנט...

אמעריקעס גרעסטע מעלה איז דאָס, וואָס אין אמעריקע גייט דער זייגער אויף צוריק. נעמט, למשל, ניו־יאָרק אליין. א שטאָט, וואָס איז שוין מיט יאָרן צוריק געווען א וועלט־שטאָט. דאָך דער־זעט איר יעדן טאָג פרישע וואונדער, נייע געשעענישן, נייע געביי־דעס וואַקסן אויס כמעט איבער נאַכט, און עס זעט אויס, ווי מען האַלט ערשט אין בויען אָדער גאָר אין פאַרענדיקן די וועלט־שטאָט. נישט אומזיסט גייט אַרום א ווערטל: איינער פרעגט: — וואָס הערט זיך אין ניו־יאָרק? ענטפערט מען: — נאָך נישט פאַרטיק... עפּעס ענלעכעס קומט פאָר מיט יעדער שטאָט אין אמעריקע.

אומעטום בויט מען, אומעטום אַרבעט מען, ווען נישט ביי בריקן, איז אויף פעלדער. עס ברויזט, עס קאָכט, עס איז לעבעדיק. די גרויסע, ברייטע מאַסן קימערן זיך ווייניק וועגן פּאָליטישע וועלט־געשעענישן, זיי זענען פּאָליטישענס בלויז אין א וואַל־טאָג, ווען מ'דאַרף אויסוויילן א פּרעזידענט, אָדער אַנדערע הויכע רע־גירונגס־באַאַמטע.

לאָס־אַנדזשעלאָס איז די שטאָט פון מלאכים, אַזוי האָבן זי אָנגערופן די שפּאַניער. עס איז כדאי אַמאָל צו וויסן דעם פולן נאָ־מען פון דער גרויסער שטאָט, וואָס ליגט ביים שטילן ים. די געַ־שיכטע דערציילט אונז, אַז אין 1871 האָט מען געלייגט דעם ווינקל־שטיין פון דער שטאָט. שפּאַנישע גלחים און מיסיאָנערן האָבן די שטאָט געגרינדעט, און דעריבער איז אַרום דעם ים־ברעג פאַראַן אַזויפיל הייליקע נעמען; אַלץ איז דאָרט פאַרבונדן מיט „סאַנטאַ", וואָס מיינט פשוט: הייליק.

דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך אין לאָס־אַנדזשעלאָס, אין „סאַנ־טאַ־קאַטאַלינאַ", און אין אַנדערע „סאַנטאָס", קיין מלאכים נישט געזען. איך האָב געזען מענטשן, וואָס זוכן פּרנסה, מענטשן, וואָס זוכן א היילונג פאַר זייערע קראַנקע ברוסטן, אָבער קיין היי־ליקע האָב איך נישט געטראָפן. אָבער די גרינדער פון לאָס־אַנ־דזשעלאָס און די געגנטן אַרום האָבן אַלץ איינגעוויקלט אין היי־ליקע נעמען, אפילו „האָליוואָוד", וואָס איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי א זינדיקע קינאָ־שטאָט, וווּ עס וווינען סאַמע „היי־ליקע" אַקטיאָרן און אַקטריסעס, איז אויך הייליק. „האָליוואָוד"

באַדיים: דער הייליקער וואַלד, כאָטש אין דער אמתן איז עס אַ זינ־דיקע פילם־פאַבריק...

זענען אָבער אַלע אַנדערע זאַכן, אַחוץ די נעמען, פריש און יונג... די נעמען זענען אַלט, אָבער דאָס לעבן איז צאַפּלדיק, און מיר האָט זיך געדוכט, אַז יעדער דריטער מענטש אין לאָס־אַנדזשע־לאָס אָדער אין האָליוואוּד איז אַ גאַסט פון אַ צווייטער שטאָט.

מען טרעפט אין לאָס־אַנדזשעלאָס באַקאַנטע פון ניו־יאָרק, און מיר דוכט, אַז מען פאָרט איצט גרינגער און אַ סך לייכטער קיין קאַליפאָרניע ווי ערגעץ אַנדערש. די שטאָט גופא איז שיין, זי שטייט אויפן סאַמע ברעג פון פאַציפישן ים, און איר קאָנט אַהין צופליען אין אַן אַעראָפּלאַן אין 15 שעה, אַזוי פאַרזיכערן אונז די באַאַמטע פון די אַעראָפּלאַן־קאָמפּאַניעס.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אַ סך ווערט איבערגעטריבן. דער שטאַט קאַליפאָרניע בכלל איז גוט רעקלאַמירט, און מענטשן פאָרן אַהין אויס קוריאָזיטעט. זיי מיינען, אַז דאָרטן איז באמת אַ גן עדן אויף דער וועלט, כאָטש אין אמתן איז עס נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ לאַנד, וווּ עס איז שווער צו געפינען פרנסה. מיט לופט, מיט פּאַלמען־בוימער, בלומען און ליכט־שטראַלן פון דער זון קאָן מען נאָך אַלץ נישט לעבן. אייביקער זומער איז אָנגענעם פאַר מענטשן, וואָס האָבן פרנסה און האָבן פון וואָס צו לעבן...

טרעפט איר דעריבער אין לאָס־אַנדזשעלאָס מענטשן, וואָס באַקלאָגן זיך, וואָס ליידן יסורים און דאַנקען גאָט, ווען זיי קריגן אויף אַ מיטאָג.

פרעגט ביי די דאָזיקע מענטשן אַ מיינונג וועגן דער פּרעכטי־קער שטאָט לאָס־אַנדזשעלאָס, וועלן זיי אייך ענטפערן, אַז קיין בע־סערע און שענערע שטאָט ווי ניו־יאָרק איז נישטאָ אויף דער וועלט. זיי דערציילן אייך, אַז די ניו־יאָרקער גאַסן, די ניו־יאָרקער מענטשן און אַפילו די ניו־יאָרקער לופט, איז אַ מיליאָן מאָל בע־סער ווי אין לאָס־אַנדזשעלאָס. זייער טרוים איז צוריקצוקומען קיין ניו־יאָרק, כאָטש דאָרטן האָבן זיי אויך קיין שום אויסזיכטן נישט, אָבער אין ניו־יאָרק, גלויבן זיי, הונגערט זיך אויך בעסער און לייכטער.

פונדערסטוועגן לויפן זיי נישט צופוס קיין ניו־יאָרק, זיי שפּאַ־צירן זיך דאָרט אַרום, און שעפּן זיך אָן מיט כּוחות. זיי בענקען קיין ניו־יאָרק, קיין דעטראָיט אָדער פילאַדעלפיע. די זיסקייט פון אָט דער בענקעניש איז אַזוי אָנגענעם, אַז זיי טוען אַלץ, וואָס מעגלעך, כּדי אויפצוהאַלטן די בענקעניש און בלייבן אין לאָס־אַנדזשעלאָס, און אַמבעסטן פילן זיך די דאָזיקע מענטשן אין די יידישע גאַסן פון לאָס־אַנדזשעלאָס.

דער יידישער קוואַרטאַל, וואָס הייסט ברוקלין־עוועניו, וואָס איז שטאַרק ענלעך צו בראָנזוויל, אָדער צו העסטער־סטריט אין ניו־יאָרק, איז פאַר זיי ווי אָנגעמאָסטן. דאָרט בענקט זיך שענער, דאָרט פילן זיי זיך ווי אין אַ ניו־יאָרקער אַטמאָספער, דאָרט איז טאַקע „היימישער".

דאָרט, אין ברוקלין־עוועניו, שפּילט מען יידיש טעאַטער, ווי מ'האָט אַמאָל געשפּילט אין ניו־יאָרק מיט 30 יאָר צוריק אין די וואָדעוויל־הייזער, דאָרט מאַכן זיך אַקטיאָרן בענעפיס און פאַר־קויפן די בילעטן צווישן די פושקאַרט־פּעדלערס און גלאַט לאַנדסלייט. דאָרט איז פּשוט אַ מחיה. עס איז היימיש און עכט־יידישלעך. אין יידישן קוואַרטאַל פון לאָס־אַנדזשעלאָס פילט מען באמת אַ יידישע סביבה און, אַז איר ווילט, איז ברוקלין־עוועניו אפשר מער יידישלעך ווי בראָנזוויל, דאָרט איז שבת אַלץ אויסגע־פּוצט און יום־טובדיק. יידן לויפן אין שול אַריין, די געשעפטן זע־נען אָפּגעשטעלט. יידישע שילדן איבער די קראָמען, גרויסע פּלאַ־קאַטן אין יידיש אויף די ווענט, קאַרדס מיט בילדער פון חזנים אין די פענסטער, אַנאָנסן וועגן לעקציעס פון פאַרשידענע פּאַרטייען, וואָס יידן פאַרמאָגן, אַלץ איז אויסשליסלעך יידיש. און רעדן, רעדט מען דאָ יידיש, אין אַלע דיאַלעקטן וואָס מיר האָבן.

וואָס שייך יידישקייט, האָב איך אין לאָס־אַנדזשעלאָס גע־טראָפן מער ווי איך האָב דערוואַרט. שבת טרעפט איר אין אַ שול מער ווי 600 יידן, ווייבער און קינדער. עס איז אַ שיינער יידישער עולם, מיט וועלכן אַלע שטעט וואָלטן געקאָנט שטאָלצירן. ווילנדיק אָדער נישט־ווילנדיק, מוזט איר אויסדריקן אייער צופרידנקייט, וואָס עס זענען דאָ קיין עין־הרע אַזויפיל אָרטאָדאָקסישע יידן, וואָס

ווילן נאָך אָנהאַלטן אונזער טראַדיציאָנעלע יידישקייט, און ווילן נאָך פּשוטע יידישע שולן, אין וועלכע זיי געפינען די היימישקייט און די וואַרעמקייט, וואָס יידן האָבן שטענדיק אַרויסגעצויגן פון זייער אמונה. די דאָזיקע היימישקייט און וואַרעמקייט געפינט מען אַליין ווייניקער און ווייניקער אין פאַרשידענע שטעט אין אַמעריקע, און דעריבער די פרייד, וואָס איך האָב דערשפּירט, ווען איך האָב געזען אין לאָס־אַנדזשעלאָס יידן, וואָס ווייזן נאָך אַרויס קראַפט, וואָס קאָן באַאיינפלוסן אַלעמען, וואָס קומען צווישן זיי.

איך האָב נאָך געזען עטלעכע יידן, וועלכע זיצן איבער גרויסע גמרות, אָדער קליינע משניותן און לערנען אויפן קול, וואָס דאָס איז אַ באַוויז, אַז עס איז נאָך פאַראַן אַ צייכן פון אַ לעבעדיקן יידנטום, ווייל דאָרטן, ווו ס'איז נישטאָ ווער ס'זאָל עפענען אַ גמרא אָדער אַ משניות, איז אַ באַוויז, אַז דער קוואַל איז פּשוט אויס־געטריקנט געוואָרן.

אין אַ סך שטעט אין אַמעריקע האָב איך יאָ באַמערקט די אַל־טע, אָדער בעסער געזאָגט, „די לעצטע גוואַרדיע", זיי זיצן אין די שולן און אין די בתי־מדרשים, און שפּינען ווייטער דעם גאָלדע־נעם פאָדעם פונם יידישן לעבן אין אַמעריקע. אמת, זייערע רייען ווערן שוואַכער.

דער אמת איז אָבער, אַז אַ שטאָט אָן די דאָזיקע יידן איז עפּעס ווי אַ מדבר, און איר פילט, אַז דאָרטן, ווו מען לערנט נישט קיין תורה, איז פּוסט... לאָמיר נישט פילאָזאָפירן, זאָל זיין, אַז דאָס זענען די לעצטע פונקען, אָבער די חיי־שעה איז אויך גוט. אויף ווייטער, זאָל גאָט זאָרגן...

אין לאָס־אַנדזשעלאָס איז אויך פאַראַנען אַ באַדייטנדיקע וועלטלעכע יידישע באַוועגונג, וועלכע איז אָבער אַ קלאַס פאַר זיך, זיי זענען פאַראינטערעסירט אין יידישער דערציונג, זיי גרינדן מאָ־דערנע יידישע שולן און פּרובירן צוציען די יידישע יוגנט צו זיך. זיי אַרבעטן שווער אין דער דאָזיקער ריכטונג, און עס קומען דאָרט פאָר אַמפּערייען צווישן דעם טראַדיציאָנעלן יידנטום מיטן פּראָ־גרעסיוון יידנטום, וואָס דאָס איז אויך אַ צייכן פון לעבן. די ראַ־דיקאַלן גרינדן דאָרטן פאַרשידענע קלובן, זיי אָרדנען איין ליטע־

ראַרישע אָוונטן און פאַרשפּרייטן דאָס יידישע וואָרט לויט זייער אָנשויאונג. אַרום און אַרום איז לאָס־אַנדזשעלאָס אַ פיל לעבעדי־קערע שטאָט, וואָס נוגע יידישקייט, ווי סיאַמעל, וואַשינגטאָן, אָדער די אַנדערע שטעט, וועלכע איך האָב באַזוכט, אַרומפאָרנדיק איבער אַמעריקע.

עס וועט אַלעמען אינטערעסירן צו וויסן, אַז צווישן סאַן־פראַנציסקאָ און לאָס־אַנדזשעלאָס גייט אָן אַ שטיקל שטילער קאַמף, וועלכע פון זיי איז די הויפּטשטאָט. מאַנכע מיינען, אַז לאָס־אַנדזשעלאָס האָט אין דעם פּרט באַזיגט סאַן־פראַנציסקאָ, ווייל לאָס־אַנדזשעלאָס, ווערט באַהויפּטעט, פאַרנעמט דעם מערב־ברעג פון אַמעריקע, די זעלבע פּאָזיציע, וואָס ניו־יאָרק פאַרנעמט אויף דעם מזרח־ברעג פון די פאַרייניקטע שטאַטן. דער מזל איז געווען באַזונדערס גוט צו לאָס־אַנדזשעלאָס. צו די דריי הויפּט־קוואַלן פון רייכטום, וועלכע לאָס־אַנדזשעלאָס האָט געהאַט פון פריער: דער קלימאַט, טוריסטן־צענטער און די אָראַנזשן־אינדו־סטריע, זענען לעצטנס צוגעקומען נאָך צוויי קוואַלן: אויל און די פילם־אינדוסטרי אין האָליוואוד. מיט דער לעצטער זענען שטאַרק פאַרבונדן יידן. די דאָזיקע אינדוסטריע האָט געבראַכט די ברכה אויף אייביק קיין לאָס־אַנדזשעלאָס.

אָבער די הויפּט־שיינקייט פון לאָס־אַנדזשעלאָס ליגט נישט אַזוי פיל אין דעם ביזנעס־צענטער און נישט אין אירע אינדו־סטריען, די הויפּט־שיינקייט אירע ליגט אין דעם, וואָס זי איז אַ שטאָט פון היימען. די דאָזיקע שטאָט האָט היימען, וואָס האָבן נישט זייער גלייכן איבער גאַנץ אַמעריקע. דאָרט ווּינען מענטשן אין שיינע הייזער, פיין איינגעאָרדנט לויט דער לעצטער מאָדע מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן. הייזער דערטרונקען אין פאַלמען, גראָז און בלומען. דאָס איז דאָס בילד, וואָס אַ באַזוכער פון לאָס־אַנדזשעלאָס דערזעט פאַר זיינע אויגן.

די שטאָט האָט אַ מאַסע גרינס. ווו עס וואַקסט נישט קיין גרינס, האָט איר קראָמען מיט גרינס. די לאָס־אַנדזשעלאָסער פרוכטן־מערק האָבן אַ שם איבער דער וועלט. אַזעלכע מערק גע־פינט איר נישט אין קיין לאַנד. די דאָזיקע פרוכטן קאָסטן דאָרט

שפּאָט־בּיליק. דאָרט זענען פאַראַן אַ סך דיעט־מבינים און אפשר גאָר דיעט־חסידים, וואָס פאַרמוטשען אייך מיט פאַרשידענע דיעטן. בכלל טרעפט איר דאָרט פאַרשידענע „דאָקטוירים", נישט קיין מעדיצינער, נאָר מענטשן, וואָס ריידן צו אייך וועגן וואַסער־ און לופט־קור. דאָס נעמט זיך אפשר דערפון, וואָס מענטשן זוכן פּרנסה.

עס וועט פאַר קיינעם קיין נייעס נישט זיין, ווען איך וועל דערציילן, אַז אַלע וועגן אַרום לאָס־אַנדזשעלאָס זענען באַדעקט מיט פרוכט־פּלאַנטאַציעס, ספּעציעל אָראַנזשן־גערטנער. עס וועט אָבער אפשר יאָ זיין אַ נייעס, ווען מיר וועלן דערציילן, אַז אַ סך ערטער אַרום לאָס־אַנדזשעלאָס זענען ווי מיט בוימער באַדעקט מיט געדיכטע נאַפּט־טורעמס איבער די אויל־קוואַלן, וואָס ווערן דאָרט אויסגעפּאָמפּעט. זעען מיר „נאַפּט־טורעמס" גלייך לעבן די אָראַנזשן־גערטנער און איינס שטערט דעם צווייטן נישט. צוליב דעם, וואָס די אָראַנזשן וואַקסן כּסדר, שפּירט איר נישט דעם גע־רוך פון נאַפּט. — איר אָטעמט שטענדיק איין אַ געזונטן, פרישן אָראַנזשן־אַראָמאַט, וואָס דערוועקט אין אייך פרישקייט און יוגנט.

אויף דעם וועג, וואָס פירט אייך צום יידישן קוואַרטאַל, באַ־מערקט איר פונדערווייטנס אַ מערקווירדיקע דערשיינונג. עפּעס ציט אייער אויג אין אַ ריכטונג, וואָס זעט אויס אַנדערש, ווי אַלץ וואָס איר האָט ביז איצט געזען. מיט אומגעהויערער נייגעריקייט און געשפּאַנטקייט דערנענטערט איר זיך צו דעם פּלאַץ און עס אַנטפּלעקט זיך פאַר אייך אין מיטן פון לאָס־אַנדזשעלאָס אַ שטיק מעקסיקאַ, מיט איר האַנדל און וואַנדל, מיט איר גאַנצן לעבנס־שטייגער און אַמוזירונגס־פּלעצער.

דער דאָזיקער אינטערעסאַנטער פּלאַץ באַשטייט בלויז פון איין געסל, וואָס הייסט „אָלווערא־סטריט" און פאַרקערפּערט מיט זיך דעם מעקסיקאַנישן קוואַרטאַל. די דאָזיקע גאַס איז פול מיט לעבן. מען עסט אויף דער גאַס. קינדער טאַנצן, זינגען און הוליען. קינד און קייט, אַלט און יונג, ווער ס'האָט נאָך דאָס לעצטע ביסל לעבן אין זיך, געפינט זיך אין געסל, אין דרויסן. ביי

אין פושקאַרט זיצט אַן אַלטער מעקסיקאַנער און שפּילט אויף אַן אייגנאַרטיקן אינסטרומענט און זינגט אונטער אַ לידל, בײַ אַ צווייטן שטייען פּאָרלעך און טאַנצן, אויף איין זייט שטייען בײַדלעך, וווּ מען קאָכט און מען פּרעגלט „מאַמאַליעס" און „טשילי־קאָנקאַרנע".

אין אַ קעלער, וווּ מען קאָן אַרײַנקומען אומזיסט, זינגען און טאַנצן פאַר אײַך מעקסיקאַנישע זינגער און טענצער. דאָס איז אַ סאָרט קאַבאַרעט, וווּ מען טרינקט ווײַן און מען עסט מעקסי־קאַנישע שפּײַזן.

ערגעץ אין ווינקל, אָפּגעזונדערט פון דעם טאָג־טעגלעכן יאַריד, שטייט זיך אַ מאָלער נעבן זײַן קונסט־אויסשטעלונג און מאָלט טיפּן און בילדער פון מעקסיקאַנער לעבן. אָט אַזוי איז דאָס געסל אָנגעפּיקעוועט מיט פאַרשידנאַרטיקייט און אײַנגאַנצן לאָזט עס אויף אײַך איבער אַן אײַנדרוק פון אַ רעגנבויגן־קאָליר, — אַלץ איז דאָרט אײַנגעטונקט אין פילפאַרביקייט.

איז סאַן־פראַנציסקאָ שטאָלץ מיט איר כינעזישן קוואַרטאַל, איז אויך לאָס־אַנדזשעלאָס שטאָלץ מיט איר מעקסיקאַנישן קוואַרטאַל, וועלכער ווערט אַגב אָפּגעהיט און באַשיצט דורך דער אַמעריקאַנישער רעגירונג. דאָס, וואָס „גריניטש־ווילעדזש" איז פאַר ניויאָרק, איז דער מעקסיקאַנישער קוואַרטאַל פאַר לאָס־אַנדזשעלאָס.

XXXIX

# פון ניו־יאָרק ביז סאַן־פראַנציסקאָ

כּדי צו באַגרייפן, וואָס מען זעט און וואָס מען פילט פון דעם קריזיס, ווען מען פאָרט היינט איבער אַמעריקע, איז גענוג אייך צו זאָגן, אַז אַפילו ביי דער נאַציאָנאַלער פּאַסיפישער אויס־שטעלונג אין סאַן־דיעגאָ, דערפילט איר, אַז אַלץ איז „גע־קינצלט", אַפילו די פרייד. אַלץ איז מעכאַניש און אויסגעפּוצט, ווי אַ קאָקעטע דאַמע, וואָס דאַרף זיך טרעפן מיט איר געליבטן.

דאָס רייכע לאַנד אַמעריקע בויגט זיך אונטערן דרוק פון קריזיס, און איר דערשפּירט עס אויף שריט און טריט, איר פילט עס, ווען איר זענט אין סיאַטל וואַשינגטאָן, אָדער אַפילו אין דער שיינער, אָריגינעלער שטאָט סאַן־פראַנציסקאָ, און זיכער פילט איר עס, ווען איר זענט אין לאָס־אַנדזשעלאָס, אָדער אין האָלי־וואוד.

וויסן מוזט איר, אַז קיין גרויסער אונטערשיד אין דעם אויס־זען פון די גרויסע אַמעריקאַנער שטעט איז נישטאָ. אויסנאַמען אין דעם פּרט זענען בלויז סאַן־פראַנציסקאָ און סיאַטל־וואַשינג־טאָן. סיאַטל, פּונקט, ווי רוים, איז געבויט אויף זיבן בערג, און סאַן־פראַנציסקאָ איז בכלל די שענסטע שטאָט אין קאַליפאָרניער שטאַט. אָבער אַ חוץ די צוויי שטעט, זענען אַלע שטעט כּמעט גליך, און בכלל פילט זיך נישט זייער שטאַרק זייער אונטערשיד, ווען מען באַטראַכט זייערע הויפּט־גאַסן, יענע גאַסן, ווו עס געפי־

נען זיך די העכסטע געביידעס, די רייכסטע געשעפטן און קאַנ־טאָרן פון די גרויסע פירמעס. אַזעלכע געגנטן זענען אין די מערסטע שטעט זייער ענלעך. נישטאָ קיין אונטערשיד פון מישי־גאַן־עוועניו אין שיקאַגאָ, צו יוקליד־ אָדער סופּיריאָר־עוועניוס אין קליוולאַנד. נישטאָ קיין אונטערשיד צווישן דעם געשעפטס־קוואַרטאַל פון פילאַדעלפיע צו דעם געשעפטס־קוואַרטאַל אין קליוולאַנד, און אַזוי גייט עס פון שטאָט צו שטאָט.

יעדע אַמעריקאַנער שטאָט האָט זיך איר בראָדוויי, איר הויפּט־גאַס, אָדער שטאַט־גאַס, וווּ עס אַרבעט דער אַמעריקאַנער געשעפטס־מאַן, דער „בעביט", וועלכן סינקלער לואיס האָט אַזוי ריכטיק אויפגעכאַפּט אין זיין באַרימטן בוך.

און „מעין־סטריט" (הויפּט־גאַס), וווּ עס הערשט דער „בע־ביט", שפּילט די הויפּט־ראָל אין יעדער גרויסער אַמעריקאַנער שטאָט. אַרום איר טוליען זיך די הויפּט־אינסטיטוציעס און אַנ־שטאַלטן. אויף „מעין־סטריט" אָדער אַרום איר געפינען זיך די העכסטע און גרעסטע געביידעס, די באַנקן, די קירכן, די טעמפּ־לען, וווּ מען דינט דעם „גאָט" פון דער ערד און דעם „גאָט פון הימל". אויף דער זעלבער „מעין־סטריט" געפינט איר די שענ־סטע רעסטאָראַנען און האָטעלן, און דעריבער איז דער אויסזען פון די גרעסטע אַמעריקאַנער שטעט כמעט איין און דער זעלבער, ווייל דער גייסט, דער כאַראַקטער פון די מערסטע שטעט איז אויך דער זעלבער.

איר קוקט, למשל, אויף דער מערקווירדיק־אינטערעסאַנטער שטאָט ביוט, מאָנטאַנאַ, אַ שטאָט, וואָס איז אויסגעבויט אויף אַ קופּערנעם באַרג, און איר ווונדערט זיך, ווי די שטאָט איז אויסגעוואַקסן מיט אַ ריזיקן פאַרנעם, אָבער דאָס זעלבע קאָנט איר דאָך זאָגן אויף די צוויי שכנים־שטעט, מינעאַפּאָליס און סט. פּאול, וואָס געפינען זיך שוין נאָענט צו דער ריזיקער שטאָט שי־קאַגאָ. אַלץ דאָס זעלבע, אָבער אַ מאָדנע נייקייט, פרישקייט, פילט זיך אין די אַמעריקאַנער שטעט. באַזונדער שטאַרק פילט איר דאָס, ווען איר פאַרגלייכט זיי מיט די גרויסע אייראָפּעישע שטעט. יעדע אייראָפּעישע שטאָט האָט הינטער זיך אַ פאַרגאַנגענהייט פון

הונדערטער יאָרן; אין זייערע גאַסן און הינטער־געסלעך קענט איר געפינען סימנים פון פאַרשימלטער אַלטקייט, פון לאַנג ־ יאָריקן לעבן. איר דערפילט אין זיי דעם שווערן אָטעם פון דער געשיכטע, ווען איר קוקט אויף זייערע געביידעס און מאָנומענטן, אויף זייערע היסטאָרישע מוזעומס און פּלעצער.

נישט אַזוי איז עס מיט די אַמעריקאַנער שטעט, וועלכע זענען לפּי־ערך נישט אַלט. דאָס זענען אַלע אויפגעקומענע „יונגעלייט", גבירים, וועלכע קאָקעטירן נאָך מיט זייער רייכקייט און זייער באַלעבאַטישקייט. אַלץ איז בּיי זיי אַזוי אויפגעפּוצט, אַזוי גלאַנציק, און אַלץ, דוכט זיך, איז בּיי זיי מער אין דרויסן, ווי אינעווייניק.

בּיי זיי שפּילט די ראָל דער אויסערלעכער גלאַנץ. דאָס פענסטער מוז זיין שיין אויסגעפּוצט, אַלץ פאַרן אויג, איר גייט פאַרבּיי גרויסע געשעפטן און איר ווערט פאַרכאַפּט פון די שיינע פענסטער אין די קראָמען, און איר קלערט זיך, אַז גאַנץ אַמעריקע איז ווי איין שיינע אויסשטעלונג. מען ווייזט אייך די וווּנדער, די רייכע אוצרות, און מיר דוכט, אַז אין קיין לאַנד ווייזט מען אייך נישט אַזוי פיל די אַרבּעט און די פּראָדוקטן פון דער אַרבּעט, ווי אין אַמעריקע. דער אַמעריקאַנער האָט קענטיק אַ הנאה פון זיין אַזוי גערופענעם „ספּיד־אַפּ־סיסטעם", פון יאָגן און איבּעריאָגן, און ער האָט פּשוט אַ פאַרגעניגן אייך צו איבּערראַשן מיט זיין שנעלקייט און מערקווירדיקן טאַלאַנט צו געשעפטן...

דאָס איז, גלויבּן מיר, אַן אמתע כאַראַקטעריסטיק פון די אַמעריקאַנער, און דער אַמעריקאַנער באַהאַנדלט אפילו דעם קריזיס און די נויט, וועלכע ער מוז בּיישטיין, אויך אַנדערש, ווי די פעלקער אין דער אַלטער וועלט. עס איז אַ קריזיס אין לאַנד, אָבּער אין דער זעלבּער צייט זענען די פילם־הייזער איבּערפולט מיטן פּשוטן עולם, און דער מיטל־קלאַס און די גאָר־רייכע גייען פאַר־בּיי דעם קריזיס, ווי עפּעס אַן אָנשטעקנדיקע קראַנקהייט. זיי זאָגן אייך: — עס איז נישט גוט, אָבּער עס גייט צום גוטן. זיי זענען זייער אָפּטימיסטיש און פול מיט האָפענונג.

איבּער דער גאַנצער בּרייט און לענג פון אַמעריקע ווערט איר

נישט הערן די „געשרייען" פון די מאַסן, ווי מיר הערן דאָס אין די מזרח־שטאַטן. דאָרט רעדט מען, אַז „דער קריזיס גייט אויס פון הונגער", און אַפילו די אָרעמע קוילן־אַרבעטער רעדן נישט מיט אַזאַ צאָרן וועגן די הערשער פון אונזער לאַנד, ווי מיר הערן דאָס אין ניו־יאָרק אָדער אין שיקאַגאָ. דאָרטן, אין ווייטן אַמעריקע, בענקט מען נאָך דער „פּראָספּעריטי" (די גוטע צייטן), וואָס איז פון זיי פאַרשוווּנדן געוואָרן, אָבער מען וויינט נישט, מען קלאָגט נישט אויף דעם איצטיקן צושטאַנד.

דערפאַר אָבער פילט זיך דער קריזיס גאַנץ שטאַרק צווישן די יידישע אַרבעטער, וועלכע וווינען אין דער מיטל־וועסט. פון אַלע זייטן הערט מען שטימען פון אומעט און אַמאָל אויך פון פאַרצווייפלונג. אַזוי, צום ביישפּיל, פילט זיך דער קריזיס אין סט. לואיס, אין קליוולאַנד, אין פּטסבורג און אין פילאַדעלפיע. די שטימונג צווישן די יידישע אַרבעטער איז נישט קיין מונטערע. דעם דאָזיקן ווײ־געשריי האָבן מיר אויפגעכאַפּט אויף איין פוס, פון אַ בליק און אַ שמועס מיט מענטשן אויף אונזער רייזע אין אַ „באָם" איבער אַמעריקע.

אַ היפּשער טייל און טאַקע דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דער וועסט איז נישט קיין אַרבעטער־עולם, וועלכער איז באַשעפטיקט אין גרויסע אינדוסטריעלע אונ־טערנעמונגען . די מערסטע יידן אַרבעטן אין קלענערע פאַבריק־לעך, אָדער האָבן קליינע קרעמלעך, און זיי האָט דער קריזיס גע־טראָפן גאַנץ שטאַרק. אין זייערע טענות פילט זיך דער ביטערער אמת.

פונדעסטוועגן זענען די יידישע מאַסן אויף דער פּראָווינץ שטאַרק פאַראינטערעסירט אין אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין ניו־יאָרק און אויף יענער זייט ים. זיי זענען פאָרט נישט אַזוי האָפע־נונגסלאָז און דערשלאָגן ווי די מאַסן אין פּוילן אָדער אַנדערע לענדער; זיי האָפן און גלויבן, אַז סוף־כל־סוף וועט אַמעריקע צוריק ווערן דאָס גאָלדענע לאַנד. ווו־נישט־ווו האָפן נאָך יידן, אַז מען וועט צוריק עפענען די טויערן, און עס וועלן נאָך קומען אַהער פרישע אימיגראַנטן. זאָגן, מוזן מיר, אַז דאָרט, אין יענע

שטעט און שטעטלעך פון דער ווייטער וועסט אין אמעריקע, ווי למשל: ספּאָקעין און וואַשינגטאָן, פילט זיך שטאַרק דער יידישער איינפלוס, די געשעפטן בליען און מען דערקענט, אַז עס זענען דאָ יידן אין שטאָט, און קומט מען אין אַ קליין שטעטל, ווּ ס'זענען נישטאָ קיין יידן, רופט זיך עס אָפּ אויף דעם גאַנצן גאַנג פון שטעטל, עס איז דאָרט בית־עולמדיק...

דאָרט, ווּ עס וווינען יידן, דאָרט איז אַלץ פול מיט לעבן. דאָס גיבן אייך צו קריסטן אויך. ווען איר פרעגט זיי: — פאַר־וואָס איז דאָ אָדער דאָרט נישט לעבעדיק, ענטפערן זיי אייך, אַז אין דעם שטעטל פעלן יידישע געשעפטסלייט.

די שטימונג קעגן יידן אין יענע געגנט איז, נאַטירלעך, נישט קיין געהויבענע, אָבער אויך נישט קיין דריקנדיקע, און מען קען זאָגן, אַז אַ חוץ אין סאַן־דיעגאָ, קאַליפאָרניע, האָבן מיר נישט געפילט קיין אויסגעשפּראָכענעם אַנטיסעמיטיזם. אין סאַן־דיעגאָ אָבער איז די לופט פול מיט נאַצישער שטימונג. איר פילט עס אין די גאַסן, אין די רעסטאָראַנען און אפילו אין די האָטעלן.

XL

# כינעזער און יאַפּאַנער אין אַמעריקע

די ידיעות, וואָס קומען לעצטנס אָן, אַז כינעזער אַנטלויפן פון שאַנכאַי אויס מורא פאַר יאַפּאַנישע אָנגריפן, אַז די יאַפּאַנער און כינעזער זענען פּשוט אויף מעסער־שטעך אין זייער אַלטער היים, רופט ביי מיר אַרויס באַוווּנדערונג פאַר דעם פרידלעכן צוזאַמענלעבן צווישן די כינעזער און יאַפּאַנער אין סאַן־פראַנציסקאָ, קאַליפאָרניע.

די יאַפּאַנער אין קאַליפאָרניע מאַכן זיך נישט־וויסנדיק וועגן די טיפע ענדערונגען, וואָס זענען לעצטנס פאָרגעקומען אין דעם אַלגעמיינעם לעבן פון יאַפּאַן, און זיי קימערט אפילו נישט די יאַפּאַניש־כינעזישע פּאָליטיק; זיי פירן געמיינשאַפטלעך ביזנעס, ווי אַלע מאָל, ווי אַלץ וואָלט געווען אין אָרדענונג אין זייער אַלטער היים.

אינם יאַפּאַניש־כינעזישן קוואַרטאַל אין סאַן־פראַנציסקאָ הערשט שלום צווישן די צוויי פעלקער. איך האָב באַמערקט, אַז די יאַפּאַנער פירן אַ פרידלעכע פּאָליטיק לגבי די כינעזער, נישט נאָר אין סאַן־פראַנציסקאָ, נאָר אין אַלע אַנדערע שטעט אַרום דעם „קאָוסט", איינשליסנדיק סיאַטל, וואַש., וווּ עס לעבן טויזנטער יאַפּאַנער צוזאַמען מיט כינעזער.

די יאַפּאַנער אין קאַליפאָרניע קליידן זיך „אַפּ־טו־דעיט", עכט אַמעריקאַניש. זיי פירן זיך דאָ אין לאַנד גאַנץ אַנדערש, ווי

אין יאפּאַן גופא. איך האָב אפילו באַמערקט די דאָזיקע ענדערונ־גען אין זייערע היימען. זיי פילן נישט קיין שום האַס צו די כינע־זער, און באַטראַכטן זיי פאַר זייערע נאָענטע שכנים און לאַנדס־לייט.

די יאַפּאַנער האָבן זיך שנעל אָריענטירט, זיי האָבן זיך צו־געפּאַסט צו די אַמעריקאַנער זיטן און זיי פירן זיך ווי קליין־בּיר־גער: וואָס צו גאָט, איז צו גאָט; וואָס צו לייט, איז צו לייט, און ביזנעס — איבער אַלעס! — זאָגט צו מיר אַ געבילדעטער יאַפּאַ־נער. די פּאָליטיק פון אַמעריקע פאָדערט נישט קיין קריג צווישן אונזער ראַסע מיט די כינעזער.

וואוינען טאַקע יאַפּאַנער צוזאַמען מיט כינעזער, טראָץ דער מלחמה אין דער אַלטער היים. דאָ, אין סאַן־פראַנציסקאָ, האָב איך באַמערקט יאַפּאַנער און כינעזער צוזאַמען אין די קאַפע־הייזער. זיי אַמוזירן זיך צוזאַמען, ווי עס פּאַסט פאַר קינדער פון איין ראַסע.

דאָס איז נאַטירלעך צו פאַרדאַנקען דעם שטראָם פון אַמערי־קאַנער און אייראָפּעישן לעבן און קולטור אויף די יאַפּאַנער. אין די כינעזישע צייטונגען, וואָס דערשיינען אין קאַליפאָרניע, ווערט נישט געפירט קיין העץ־פּאָליטיק, ווי אין די צייטונגען, וועלכע דערשיינען אין זייערע אַלטע היימען.

דערצו מוז מען צוגעבן, אַז די יאַפּאַנער פּרוּוון אַפילו נישט צו באַאיינפלוסן זייערע שכנים, די כינעזער, זיי פּרוּוון נישט צו ענדערן זייערע מנהגים. זיי ווייזן דערביי אַרויס אַ סך טאָלעראַנץ, און עס קימערט זיי נישט, וואָס די כינעזער פירן זיך אַלטמאָדיש און זענען אין אַלעם צוריקגעשטאַנען, און טוען אַלדאָס מעגלעכע, נישט צו דערלאָזן דעם שטראָם פון יאַפּאַנישן האַס אַריבערצוקו־מען קיין אַמעריקע. אמת, זיי זענען יאַפּאַנער, אָבער אָן דער פּאָ־ליטיק פון יאַפּאַן.

צווישן די יאַפּאַנער און די כינעזער זענען אויך פאַראַן, פּונקט ווי בּיי אונז, „לינקע" און „רעכטע", אָבער די דאָזיקע עלעמענטן זענען אויך פאַראייניקט, און דערלאָזן נישט פאַר־שפּרייטן קיין האַס צווישן די ביידע פעלקער. זיי, די דאָזיקע

צוויי לינקע פליגלען, האָבן איין קלוב אין דעם יאַפּאַניש־כינעזישן קוואַרטאַל אין סאַן־פראַנציסקאָ. זיי גיבן אַרויס בשותפות פלוג־בלעטער, אין וועלכע זיי פאָדערן אויף די כינעזער און יאַפּאַנער, אָנצופירן אַ פרידלעך לעבן טראָץ דער מלחמה אין דער אַלטער היים. זיי פאָדערן אויך אויף די כינעזער און יאַפּאַנער, נישט צו שטיצן זייערע רעגירונגען פינאַנציעל אָדער מאָראַליש. די יאַפּאַנישע און כינעזישע איינוווינער ווייזן טאַקע נישט אַרויס קיין שום אינטערעס צו דער שנאה, וואָס פלאַקערט אין זייערע אַלטע היימען.

די יאַפּאַנער אין קאַליפאָרניע האָבן בכלל אָפּגעווייכט פון די יאַפּאַנישע געזעצן, און די פרויען, וועלכע זענען אין יאַפּאַן פּשוטע שקלאַפינס, זענען דאָ „לייִדיס" און געניסן די פולע פרייהייט, ווי אַלע אַנדערע פרויען אין לאַנד. אין יאַפּאַן האָבן די פרויען קיינמאָל נישט געחלומט צו געניסן פון זעלבשטענדיקייט, בעת דאָ זענען די פרויען גלייכע שותפים מיט זייערע מענער.

איך האָב געטראָפן אין כינעזישע קאַפע־הייזער אין סאַן־פראַנציסקאָ אייניקע אינטערעסאַנטע פרויען, וועלכע זענען אין יאַפּאַן געווען באַקאַנט אַלס די „געישאַס", און ווי באַקאַנט, פאַרנעמען די דאָזיקע „געישאַס" אַ באַזונדערן פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט. די וועלט בכלל האָט אַ שלעכטע מיינונג וועגן די „געישאַס". מען גלויבט, אַז די „געישאַ" איז אַ לייכטזיניקע פרוי, אַז זי איז אַ לוסטיקע פרוי, וואָס פירט זיך אויף נישט מאָראַליש. אין דער אמתן אָבער מאַכן די „געישאַס" אַן אָנגענעמען איינדרוק, זיי האָבן אַ גוטע דערציונג, זיי האָבן פיינע מאַניערן, זיי קענען געוויינלעך פיין זינגען, טאַנצן און פירן געזעלשאַפטלעכע געשפּרעכן.

אַ „געישאַ" וועט זיך באַליידיקן, ווען מ'וועט אין איר לעגנוואָרט זאָגן אַ גראָבן וויץ. זי איז איידל און פאָדערט איידלקייט. עס וועט זיין געגנוג, ווען איך וועל דערקלערן, אַז לויט דער מאָראַל פון יאַפּאַן, איז די „געישאַ" נישט אוממאָראַליש. דאָ אין אַמעריקע זענען זיי „לייִדיס" אין פולן זין פון וואָרט, זיי רעדן

אייניקע שפּראַכן, צווישן זיי אויך דייטש. זייער ליבסטער דייטשער דיכטער איז היינריך היינע, אַזוי האָט מיר פאַרזיכערט איינע פון די דאַמען.

כּדי זיך צו באַקענען און פאַרשטיין די יאַפּאַנער, פולער און קלאָרער, איז כּדאַי זיך צו באַקענען מיט זייער לעבן אין זייערע היימען, מיט די יאַפּאַנישע ימים־טובים און שמחות, און מיט זייער מערקווירדיקן טעאַטער, וואָס איז גאַנץ אַנדערש פון די טעאַטערס אין אייראָפּע און אין אַמעריקע.

זאָגט צו מיר אַ „געישאַ”, אַז שלעכט זענען די יעניקע, וואָס האָבן שלעכטע געדאַנקען, אויב די מחשבות זענען ריין, איז אַלץ ריין און מאָראַליש. דאָס איז די מאָראַל פון די יאַפּאַנער, און זיי לעבן זיך אַזוי, אָבער צווישן די אַמעריקאַנער זענען זיי אייראפּעיש און זוכן נישט קיינעם צו באַאיינפלוסן אָדער צו איבערצייגן.

איינע פון די מערקווירדיקסטע זיטן ביי יאַפּאַנער איז ריינקייט. זיי פירן זיך אויסערגעוויינלעך ריין און זויבער. דער באָדצימער איז דער וויכטיקסטער פּלאַץ ביי זיי אין זייער היים. אַ יאַפּאַנער וועט נישט וווינען אין אַ הויז אָן אַ באָד־צימער. אַ יאַפּאַנער וואַשט זיך אין זיין באָד־צימער צוויי און דריי מאָל אַ טאָג. די יאַפּאַנער וואַשן זיך און רוימען זייערע הייזער, ווי יעדער טאָג וואָלט ביי זיי געווען ערב פּסח.

פון די אייראָפּעישע פעלקער האָבן זיי פיל געלערנט, אָבער זייערע זיטן און געוווינהייטן פאַרלייקענען זיי נישט. למשל, אין זייערע היימען וועט איר נישט טרעפן קיין בילדער און סטאַטועז. עס איז אַלץ פּשוט און איינפאַך. זיי באָדן זיך אין ים, אָבער דאָס מיינט נישט, אַז זיי וועלן אויפגעבן זייער באָדן זיך אין הייסע וואַנעס.

מיט די כינעזער איז שוין עפּעס גאָר אַן אַנדער ענין. די כינעזער זענען אַלע מאָל געווען פאַר דער וועלט אַ מין געהיימניש, אַן אומפאַרשטענדלעך פאָלק. מאָדנע מענטשן. זייער שפּראַך איז אויך מאָדנע, עפּעס אַלץ איז ביי זיי פונקט פאַרקערט. איר פילט תּמיד, אַז די כינעזער זענען מענטשן פון גאָר אַן אַנדער סאָרט

וועלט, מיט אַנדערע באַגריפֿן און עפּעס גאָר אַן אַנדערן בליק אויף דער וועלט.

עפּעס איז אַלץ ביי די כינעזער קאַפּויער. אָנהויבנדיק פֿון זייער אויסזען און ענדיקנדיק מיט זייער רעליגיע, זייער ליטעראַטור און זייער טעאַטער, זענען זיי מיט קיין זאַך נישט ענלעך צו די אייראָפּעער אָדער אַמעריקאַנער. לייענט דער כינעזער אַ בוך, לייענט ער אים נישט ווי מיר אַלע; די ווערטער גייען ביי אים פֿון אויבן אַראָפּ און אַרויף, אָנשטאָט פֿון רעכטס צו לינקס, אָדער פֿון לינקס צו רעכטס.

זענען דאָס אָבער אַלץ עניני'ם, וועלכע מיר פֿאַרשטייען נישט, אָבער זייער טעאַטער איז אָפֿן פֿאַר אַלעמען, און אויף דער בינע זעט איר, ווי אַלץ איז ביי זיי פּרימיטיוו און אומפֿאַרשטענדלעך פֿאַר אַ ציוויליזירטן מענטשן.

אין אַלץ איז די כינעזישע ראַסע אַ מין רעטעניש, אַפּילו אין זייער רעליגיע, וואָס קומט צו זיי פֿון זייער נביא, קאָנפֿוציוס, וועלכער האָט זיי געגעבן אַ שיינע מאָראַל, אַ הויכן באַגריף וועגן דער וועלט, וועגן גאָט און מענטשן. דאָך האָבן די כינעזער אַ קינדערישן גלויבן אין פֿאַרשידענע געטער און נאָך מער קינדערישע אַבערגלויבנס.

אויף מיין רייזע איבער אַמעריקע האָב איך זיך גוט צוגעקוקט צו די כינעזער אין קאַליפֿאָרניע. איך האָב זיך באַקענט מיט זייער אַרט לעבן און געזען, אַז אַפּילו דער רייכסטער כינעזער שלאָפֿט אויף אַ בעט, האַרט ווי אַ שטיין, און האָט אַפּילו מורא צו זיצן אין אַ ווייכן שטול. אַלץ איז ביי זיי קאַפּויער.

זיי זענען ערלעך אָבער קינדעריש. זיי פֿירן געשעפֿטן אויף טויזנטער, און ציילן אויף הילצערנע גאַלקעס, ווי שול־קינדער אין קלאַסן. זייער ליטעראַטור איז אַלט ווי דער יידישער גלות, אָבער זיי האָבן נישט קיין „אלף־בית", און יעדעס וואָרט האָט אַ באַזונדערן צייכן.

אין סאַן־פֿראַנציסקאָ פֿירן די כינעזער אַ באַזונדערע מלוכה. זיי האָבן זייער אייגענע פּאָסט, זייער טעלעגראַף און זייער אייגע־

נעם טעאַטער. זייער קוואַרטאַל זעט אויס ווי אַן אייגנאַרטיקע כי־נעזישע שטאָט, און איז פיל רייכער אין אויסזען, ווי דער נעגער־קוואַרטאַל אין האַרלעם, ניו־יאָרק. זייער קוואַרטאַל גיט צו אַ סך חן, אַ סך קאָליר און אַטמאָספער דער שטאָט. מיר מוזן צו־געבן, אַז דער כינעזישער קוואַרטאַל אין ניו־יאָרק איז ווי אַ קינ־דער־שפּיל אין פאַרגלייך צו דעם כינעזישן קוואַרטאַל אין סאַן־פראַנציסקאָ.

זיץ איך אין געזעלשאַפט פון פיין־געקליידטע כינעזער. זיי טראָגן אייראָפּעישע קליידער, רעדן אַ פליסיקן ענגליש, האָבן אַ געניטעם בליק איבער וועלטלעכע פראַגן. און ווען עס קומט צום עסן, סערווירט מען אָנשטאָט אַ גאָפּל אַזעלכע שטעקעלעך, מיט וועלכע זיי אָפּערירן פלינק ווי אַקראָבאַטן. גישט־ווילנדיק בלייב איך עפּעס ווי אַ פאַרשעמטער... זיי, די ציוויליזירטע כינעזער, וועלכע באַקלאָגן זיך אויף דער וועלט, אַז 430 מיליאָן כינעזער זענען איינגעשפּאַרט אין וועלט־געטאָ, אַז מען גיט זיי נישט קיין „שאַנס״, אַז מען לאָזט זיי נישט פריי אָטעמען, און מען מאַכט קעגן זיי באַשרענקונגען, אָט די דאָזיקע כינעזער עסן נאָך איצט מיט שטעקעלעך, ווי עכטע ווילדע אַזיאַטן.

גיי איך אין באַגלייטונג פון די דאָזיקע כינעזער אין זייער טעאַטער, וואָס איז זייער פאַרווײַלונגס־אָרט. זייער טעאַטער איז אויך פּונקט אַזוי קאַפּויער. די פאָרשטעלונג ציט זיך דאָרט פון דריי אַזייגער בייטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט. די טעאַטער־באַזוכער עסן אין טעאַטער און רעדן צווישן זיך. זיי לאַכן, זייערע קינדערלעך שפּרינגען אַרום, ווי אויף אַ שפּיל־פּלאַץ, אָבער די אַקטיאָרן אויף דער בינע קימערט עס גאָרנישט. די כינעזער פילן זיך גליקלעך און שעפּן נחת.

געשפּילט האָט גראָד אַן אָפּערע, און עס האָבן גאַסטראָלירט גרויסע „סטאַרס״. די אָפּערע האָט געהאַט 22 אַקטן. די זינגער (ווי איז מיר) האָבן געזונגען אָן שטימען, אָן ריטם, אָן האַרמאָ־ניע; עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי עס האָט נישט קיין אָנ־הויב און וועט זיך קיינמאָל נישט ענדיקן. אַלץ ווייזט מען אייך,

מען לאָזט גאָרנישט איבער פאַר דער פאַנטאַזיע אָדער אילוזיע, אַלץ ווערט פאַר איך דערציילט פּונקט, ווי מען לערנט קינדער דעם אלף־בית.

מיינע באַגלייטער, די געבילדעטע כינעזער, דערציילן מיר, אַז די דאָזיקע אָפּערע איז אין כינע פּונקט אַזוי פּאָפּולער, ווי וואַגנערס אַן אָפּערע איבער גאָר דער וועלט. און איך בלייב, ווי פאַרגליווערט, ווי אַ דערשלאָגענער, — וואָס איז מיט די מענטשן? — קלער איך זיך, און בלויז אויס העפלעכקייט האָב איך געשוויגן און אָנגענומען אַלץ פאַר גוט געלט.

די בינע־אַרבעטער גייען אָנגעטון אין שוואַרצע קליידער, זיי קומען אַרויס אויף דער בינע בשעת די זינגער זינגען, אָדער רעדן, זיי טראָגן אונטער די בענקלעך אָדער די קאָסטיומען. דאָס, וואָס די בינע־אַרבעטער טראָגן שוואַרצע קליידער, באַדייט פאַר די כינעזער, אַז זיי זענען אומזעבאַר פאַרן עולם. די טעאַטער־באַזוכער דאַרפן זיי בלומרשט נישט זען, און נישט באַמערקן אפילו.

די דעקאָראַציעס און קאָסטיומען אין כינעזישן טעאַטער אין סאַן־פראַנציסקאָ זענען נישט זייער קיין רייכע, אָבער ווי מ'האָט מיר דערקלערט, האָבן זיי אין כינע גופא גאָר רייכע דע־קאָראַציעס, וואָס גייען איבער בירושה, פון איין דור צום צווייטן. די קאָסטיומען בייטן די אַקטיאָרן פאַרן פּובליקום אין די אויגן.

בעת די יאַפּאַנער שפּילן אַמאָל אין זייער טעאַטער אויך אייראָפּעישע פּיעסן, ווען די כינעזער זיך נישט צורירן צום אייראָפּעישן רעפּערטואַר. זיי שפּילן זייערע אייגענע זאַכן און עס קימערט זיי נישט דער פאָרשריט אין דעם אַלגעמיינעם וועלט־לעכן טעאַטער. אין דער צייט פון די אַנטראַקטן איז זייער מוזיל־דיק, אָבער מיר האָט זיך געדוכט, אַז די אַנטראַקטן זענען אפילו בעתן שפּילן. די מוזיקער זיצן אויף דער בינע, טרינקען טיי און רויכערן ציגאַרעטלעך. שווער צו דערקלערן, וואָס זייער מוזיק איז, מיר האָט זיך געדוכט, אַז מען קוויטשעט און מען שרייט, אַז מען באַראַבאַנעוועט אויף וואָס די וועלט שטייט!

די אַקטיאָרן ווירקן מערסטנס אויף די צושויער דורך זייער מימיק, דורך זייערע באַוועגונגען מיט זייערע הענט. אין זייערע הענט און פינגער ליגט עפּעס אַזאַ מין כשוף, וואָס רירט די צו־שויער ביז טרערן און געלעכטער. פאַר מיר און פאַר די אַנדערע אויסלענדער האָט עס אויסגעזען קינדעריש, אָבער די כינעזער האָבן געלאַכט און אַפּלאָדירט אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבן איבער־געטומלט די מוזיקער.

XLI

# די אונטערוועלט אין סאַן־פראַנציסקאָ

סאַן־פראַנציסקאָ איז איינע פון די שענסטע און אפשר די סאַמע אָריגינעלסטע שטאָט אין אַמעריקע. דאָס זאָגן אַלע, וואָס האָבן באַרייזט אַמעריקע אין איר לענג און ברייט. און פונקט ווי סאַן־פראַנציסקאָ איז אָריגינעל אין איר גאַנצן געבוי און צוזאַמענשטעל, איז אויך אינטערעסאַנט די געשיכטע פון איר אַנטוויקלונג, און הויפּטזעכלעך איר „אונטערוועלט", ווו אינטערנאַציאָנאַלע שווינדלער, פרויען־הענדלער און רויבער האָבן זיך אויסגעבויט זייער אייגענע געגנט, וואָס איז געוואָרן באַרימט איבער דער גאַנצער וועלט אונטערן נאָמען „באַרבערי־קאָוסט".

הערבערט עזבורי, אַן אַמעריקאַנער שרייבער, האָט מיט אייניקע יאָר צוריק אָנגעשריבן אַ בוך וועגן דער אונטערוועלט אין סאַן־פראַנציסקאָ, וואָס האָט אויפגערודערט די גאַנצע עפנטלעכע מיינונג. דאָס בוך הייסט „באַרבערי־קאָוסט", און גיט איבער שטוינענדיקע געשיכטן וועגן די רויבער, באַנדיטן און אַפעריסטן, וועלכע האָבן זיך איינגעאָרדנט אין „באַרבערי־קאָוסט" אַן אייגענע וועלט, און געפירט אַ סאָרט „אונטערוועלט־מלוכה" מיט „פאַרטרעטערשאַפט" אין אַלע לענדער. יאָרנלאַנג האָט דער דאָזיקער קוואַרטאַל געגאָלטן אַלס די „בירזשע" פון אַלערליי פאַרברעכנס און עס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט, ביז עס איז געלונגען „אויסצורוימען" דעם קוואַרטאַל.

דער דאָזיקער קוואַרטאַל, „באַרבערי־קאָוסט", ליגט נאָך איצט אויך ביים ברעג אין סאַן־פראַנציסקאָ, כאָטש אָפיציעל איז דער קוואַרטאַל „צוגעמאַכט" און „אויסגעמענטשלט", מען האָט אַרויסגעטריבן, אַרעסטירט, און כמעט ווי אויסגעוואָרצלט אַלע פאַרברעכער. די פּאָליציי האָט צוגעשלאָסן אַלע פאַרדעכטיקע „הייזלעך" און שענקלעך און מען האָט דעם קוואַרטאַל ווי אי־בערגעבויט. ווי די פּאָליטישע רעפאָרמערס האָבן דאָס געטון מיט עלען־סטריט און מיטן „טענדערלאָין־דיסטריקט" אין ניו־יאָרק.

די, וואָס זענען באַקאַנט מיט דער רעפאָרם־באַוועגונג אין ניו־יאָרק ווייסן, ווי שווער עס איז צוגעגאַנגען דער פּראָצעס פון ריניקן „עלען־סטריט", און ווי פאַרצווייפלט דער קאַמף איז געווען קעגן דער „אונטערוועלט", וועלכע האָט אָנגעפירט דעם באַרימטן „טענדערלאָין־דיסטריקט", און מען קען זיך דעריבער פאָרשטעלן ווי שווער עס האָט געמוזט זיין דער קאַמף פון דער סאַן־פראַנציסקער פּאָליציי, אויסצוראָטן אַזאַ פעסט־איינגעפונדעוועטן קוואַרטאַל ווי „באַרבערי־קאָוסט", וווּ עס האָט געשווימלט און געגריבלט מיט אינטערנאַציאָנאַלע שווינדלער און גענג־טערס.

מיט דעם דאָזיקן קוואַרטאַל האָט געקלונגען די גאַנצע וועלט. פּאָליציי און דעטעקטיווס פון אַלע וועלט־טיילן האָבן דאָרט אָפט געזוכט אַנטלאָפענע רויבער און מערדער פון זייערע לענדער. אין יענע יאָרן האָבן זיך אַהין געצויגן צוויי שטראָמען מענטשן פון גאַנץ אַמעריקע און פון אַנדערע לענדער: איין שטראָם — פאַר־ברעכער און אויסוואָרפן, און אַ צווייטער שטראָם — רייזנדע, וואָס זענען געפאָרן אָנקוקן די גרויסע „וווּנדער", וואָס דער אָפּפאַל פון דער געזעלשאַפט האָט דאָרט געשאַפן.

ווי אַזוי האָט זיך אַנטוויקלט אַזאַ ריזיקער אונטערוועלט־קוואַרטאַל אין סאַן־פראַנציסקאָ? — דאָס איז געוויס אַן אינטע־רעסאַנטער ענין, מיט וועלכן מען מעג זיך באַקענען. עס זענען געווען דריי הויפּט־סיבות, וואָס האָבן געפירט דירעקט צו דער אַנטוויקלונג פון „באַרבערי־קאָוסט", און די הויפּט־סיבה איז גע־

ווען: די אַנטדעקונג פון גאָלד אַרום סאַן־פראַנציסקאָ אין דעם יאָר 1848.

דעמאָלט איז סאַן־פראַנציסקאָ באַשטאַנען פון עטלעכע הונ־דערט כאַטקעס, מעקסיקאַנער און אינדיאַנער. די נייעס, אַז מען האָט אַנטדעקט גאָלד, האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט איבער גאָר דער וועלט, און עס איז געוואָרן אַ משונה־ווילדער געלויף אַהין. מענטשן־כוואַליעס האָבן גענומען שטראָמען, מען האָט זיך אַהין געצויגן פון ארבע־פּנות־העולם.

געקומען אַהין זענען מערסטנס בלויז מענער. זעלטן ווען אַ מאַן האָט מיט זיך מיטגענומען זיין פרוי, אָדער אַ יונג קינד. די מערסטע „לויפער" און „זוכער" האָבן נישט געהאַט אין זי־נען צו באַזעצן זיך אין סאַן־פראַנציסקאָ. זיי זענען געקומען רייך ווערן און דערנאָך צוריק פאָרן אַהיים.

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אין פאַרלויף פון אַ פּאָר יאָר איז סאַן־פראַנציסקאָ געוואָרן אַ שטאָט פון כמעט בלויז מע־נער. די דאָזיקע מענער זענען געווען אַ געמיש פון אַלערליי ראַסן און נאַציאָנאַליטעטן, ווייסע און שווארצע, כינעזער, מעקסיקאַ־נער, שפּאַניאָלן און אינדיאַנער. מענער אָן פרויען, מענער אָן היימען און אָן וועלכער עס איז געזעלשאַפטלעכער איינאָרדנונג.

אַ סך פון די מענטשן, וואָס זענען זיך דאָרטן צוזאַמענגעגע־לאָפן, האָבן אין אַ קורצער צייט ווירקלעך אָנגעזאַמלט רייכטי־מער, מאַנכע פון זיי האָבן באמת געפונען גאָלד, און דאָס האָט געפירט צו דער מעגלעכקייט צו פאַרקויפן די מענטשן „זינד" פאַר הויכע פּרייזן. די מענטשלעכע נאַטור צו זוכן פאַרגעניגן, זיך אויסצולעבן, האָט געהאַט איר ווירקונג.

געלט האָבן די מענטשן געהאַט, איז די לאַגע אויסגענוצט געוואָרן פון אַ קלאַס מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אַ נייגונג צו האַנדלען מיט וואולגאַרע פאַרגעניגנס. זיי האָבן געעפנט שענקלעך, שפּיל־הייזער און געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער אונטער־וועלט.

נאָך אַ סיבה, וואָס האָט געפירט צו דעם בוי פון „באַרבערי־קאָוסט" איז געווען, וואָס סאַן־פראַנציסקאָ איז געלעגן גאָר ווייט

פון דעם אַנטוויקלטן, ציוויליזירטן טייל פון אַמעריקע, און קיין רעגירונג אין דעם אמתן זין פון וואָרט איז נאָך דעמאָלט דאָרט נישט געווען, ווייל, ווי באַקאַנט, איז קאַליפאָרניע געוואָרן אַ טייל פון די פאַראייניקטע שטאַטן ערשט נאָך דעם קריג מיט מעקסיקאַ.

די רעגירונגס־סיסטעם איז נאָך געווען דאָרט די אַלטע, די מעקסיקאַנישע, און דאָס אַלץ האָט געפירט צו דער באַפעסטי־קונג פון דעם אונטערוועלט־קוואַרטאַל. די אָנגעלאָפענע „גאָלד־זוכער" האָבן זיך מיט דער רעגירונג וויניק וואָס גערעכנט, זיי האָבן נישט געוווּסט פון קיין געזעץ, און האָבן זיך אַלץ מער איינגעפונדעוועט אויף יסודות פון געזעצלאָזיקייט.

ווען עס האָט זיך שפּעטער אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ רעגי־רונג און אַ רעגירונגס־סיסטעם, האָט די עקזיסטירנדיקע אונטער־וועלט געהאַט איר איינפלוס און „נעכטיקע" אונטערוועלט־העלדן זענען געוואָרן מאָרגנדיקע פּאָליטיקער און דעה־זאָגער; און אָט אַזוי איז געוואָרן אַ „פּאָליטישער־בונד" צווישן פּאָלי־טיקער און דער אונטערוועלט, און „באַרבערי־קאָוסט" איז גע־וואָרן די נעסט און די „פעסטונג" פאַר אַלערליי פאַרברעכער, וואָס האָבן געלעבט פראַנק און פריי אונטער דער שוץ פון דער פּאָליטישער רעגירונגס־מאַשין.

דער דאָזיקער צושטאַנד האָט געדויערט אַרום זיבעציק יאָר, און אין דער צייט האָט זיך „באַרבערי־קאָוסט" גערעכנט פאַר דעם קאָרומפּירטסטן קוואַרטאַל אין אַמעריקע. די פירער און מאַן־געבער פון „באַרבערי־קאָוסט" האָבן געהאַט פאַרבינדונג מיט אַלע גרויסע צענטרען איבער אַמעריקע און אפילו אין אַנדע־רע לענדער. פאַרברעכער פון גאָר דער וועלט האָבן געוווּסט, אַז „באַרבערי־קאָוסט" איז זייער היים, זייער שוץ־וואַנט...

אָנגעהויבן האָט זיך „באַרבערי־קאָוסט" מיט גענגסטעריי, אָבער שפּעטער האָט זיך עס גענומען ענדערן. אַנשטאָט גענג־סטעריי האָט זיך דער קוואַרטאַל גענומען צו אַנדערע געשעפטן, וועלכע זענען געווען זיכערער און האָבן אַריינגעבראַכט מער געלט. „באַרבערי־קאָוסט" איז געוואָרן דער קוואַרטאַל פון אויס־געלאַסנקייט. אַלע גאַסן אין געסלעך פונם געגנט זענען פאַרבויט

געוואָרן מיט שפּיל־הייזער — אזוי, אַז ,,באַר־בערי־קאוסט" איז געוואָרן די אָפיציעלע ,,בירזשע" פון פרויען־האַנדל. די חברה־לייט האָבן פאַרשפּרייט זייערע נעצן צו כאַפּן אומשולדיקע פרויען, אַזש ביז בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע; זיי האָבן געהאַט פאַרבינדונג מיט כינע, פראַנקרייך און טערקיי, און מען האָט זיי געבראַכט ,,סחורה" פון די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך.

דער שרעקלעכסטער טייל פון דעם קוואַרטאַל איז געווען דער כינעזישער, דאָרט האָט מען פאַרקויפט אָפּיום און אָנגעפירט מיט כינעזישע הייזלעך בלויז פאַר ווייסע. ווי קומט עס? פשוט, סאַן־פראַנציסקאָ האָט גלייך נאָך דער אַנטדעקונג פון געלן מעטאַל צוגעצויגן אַ גרויסע כינעזישע אימיגראַציע, ווייל כינעזער זענען טאַקע געווען די ערשטע, וואָס האָבן זיך אַ לאָז געטון קיין סאַן־פראַנציסקאָ זוכן גאָלד, און שפּעטער זענען זיי געקומען זוכן אַרבעט און אויף אַזאַ אופן איז אין סאַן־פראַנציסקאָ אויסגעוואַקסן אַ גרויסע באַפעלקערונג, וועלכע איז איצט גראָד אַ שיינדל פאַר דער שטאָט. דער כינעזישער קוואַרטאַל איז זייער אייגנאַרטיק און קאָלירפול.

פונקט ווי עס איז געלונגען די פּאָליטישע רעפאָרמאַטאָרן ,,אויסצורוימען" עלען־סטריט, און צו פאַרוואַנדלען די אַמאָליקע גאַס פון זינד אין אַ בולוואַר און ביזנעס־סטריט, פונקט אַזוי האָט מען באַוויזן צו פאַרוואַנדלען ,,באַרבערי־קאוסט" אין ריינע, ציכטיקע גאַסן, וווּ עס וווינט איצט דער אָרעמער טייל פון דער דאָרטיקער באַפעלקערונג.

די רעגירונג האָט אָפיציעל צוגעמאַכט ,,באַרבערי־קאוסט", מען האָט מיט אַן ,,אייזערנער פויסט" אַרויסגעיאָגט די פאַרברעכער און מען האָט באַזעצט אין יענער געגנט דאָק־אַרבעטער און אויסגעבויט האָטעלן פאַר מאַטראָזן.

דער קוואַרטאַל איז אַזוי געענדערט געוואָרן, אַז מען דאַרף איצט זוכן מיט אַ פאַרגרעסערונגס־גלאָז שפּורן פון דעם אַמאָליקן ,,באַרבערי־קאוסט".

פאַר די, וואָס קומען איצט קיין סאַן־פראַנציסקאָ, מאַכט די

שטאָט אַ וווּנדערבאַרן איינדרוק, ווייל אין אמתן איז סאַן־פראַנ־ציסקאָ עפּעס אַנדערש פון אַלע אַנדערע שטעט אין אַמעריקע. די שטאָט האָט אַן אייגענעם פּנים און אַפילו אַן אייגענעם קלימאַט, וועלכן מען קען בשום אופן נישט פאַרגלייכן מיט קיין אַנדערער שטאָט.

די גרעסטע שיינקייט פון סאַן־פראַנציסקאָ איז, נאַטירלעך, דער האַפן, וואָס איז איינער פון די גרעסטע און בעסטע אין דער וועלט. דער דאָזיקער האַפן איז אַרומגערינגלט מיט בערג, אינזלען און פּאַרקן. איצט ווערט דער דאָזיקער האַפן באַפּוצט מיט קינסט־לעכע ווונדער, מיט צוויי גראַנדיעזע, נייע בריקן צווישן סאַן־פראַנציסקאָ און אוקלאַנד, און צווישן די ברעגן פון „גאָלדען־געיט", ביים אַרויסגאַנג פון פּאַציפישן אָקעאַן.

די בריקן האַלטן איצט אין געבויט ווערן, אָבער איר קאָנט שוין זען דעם וווּנדערלעכן פאַרנעם. למשל, די בריק, וואָס וועט פאַרבינדן סאַן־פראַנציסקאָ מיט אוקלאַנד, וועט זיין גרעסער און לענגער, ווי די לענגסטע בריקן אין ניו־יאָרק, וואָס מיר האָבן אין ניו־יאָרק איבערן האָדסאָן.

ניו־יאָרק שטאָלצירט מיט אירע האַפנס און שיקאַגאָ מיט אירן, אויפן לעיק־מישיגען, און דער האַפן פון סיאַטל (וואשינג־טאָן), איז געוויס אייגנאַרטיק, אָבער צו דעם האַפן פון סאַן־פראַנציסקאָ קומען זיי קיינס נישט. עס דוכט זיך, אַז מען קאָן אָפּ־וווינען אַ גאַנצן לעבן אין ניו־יאָרק און אינגאַנצן פאַרגעסן אָן האַפן, ווייל ניו־יאָרק איז פלאַך, און די געביידעס זענען אַזעלכע ריזיקע, אַז מען פאַרגעסט אָפט, אַז ניו־יאָרק איז אַן אינזל, בעת סאַן־פראַנציסקאָ ליגט אויף אַ ריזיק־הויכן באַרג, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ שטופנווייז צום האַפן. די סאַן־פראַנציסקער גאַסן זענען גוט אויסגעלייגט, אַזוי, אַז די הויפּט־גאַס שניידט דורך אַלע גאַסן און געסלעך, און אָט די דאָזיקע קאָנסטרוקציע פון דער שטאָט מאַכט עס מעגלעך, אַז ווו איר זאָלט נישט זיין, קאָנט איר זען דעם פּאַציפישן אָקעאַן פון דערווייטנס, און דעם האַפן, וואָס רינגלט אַרום די שטאָט.

XLII

# פרענקלין ד. רוזוועלט

46 פון 48 אמעריקאנער שטאטן האבן אין יאר 1936 גע־שטימט פאר דער ווידער־דערוויילונג פון פ ר ע נ ק ל י ן ד ע ל י י־נ א ר ו ז וו ע ל ט אלס פרעזידענט.

דעם שרייבער פון דאזיקן בוך איז עטלעכע מאל אויסגע־קומען צו טרעפן פרעזידענט רוזוועלט, ביי פארשידענע פונקציעס אין ניו־יארק, וואשינגטאן און „סאראטאגא־ספרינגס" (דאס קארלסבאד פון אמעריקע). עס איז מיר אויסגעקומען צו רעדן מיט מר. רוזוועלט, ווען ער איז נאך געווען גאווערנאר פון ניו־יארק.

די געשיכטע פון פרעזידענט רוזוועלט איז שפאנענדער פון דעם גרעסטן שונד־ראמאן, וואס נאר דאס לעבן אליין קאן שאפן.

עס ווערט דערציילט, אז רוזוועלטס פאטער, וועלכער איז געווען א פראמינענטער דעמאקראט, האט אמאל גענומען זיין פינף־יאריקן יינגעלע, פרענקלין, אין ווייסן־הויז, אין וואשינגטאן, צו זען דעם פרעזידענט גראווער קליוולענד, וועלכער האט געווונטשן דעם קינד קיינמאל נישט צו זיין קיין פרעזידענט, הגם אלע אמע־ריקאנער טאטעס און מאמעס ווינטשן זיך, אז זייערע קינדער זאלן ווערן פרעזידענטן. דער דעמאקראטישער פרעזידענט האט געהאט א שווערע צייט. אונטער אים איז געקומען דער קריזיס, און זייענ־דיק א פריינט פון די רוזוועלטס, האט ער געווונטשן, אז דער קליינער רוזוועלט זאל קיינמאל נישט ווערן קיין פרעזידענט.

קליוולענדס ווּנטש איז, צום גליק פון אמעריקע, נישט מקוים געוואָרן, ווייל דער קליינער פרענקלין איז דאָס איצט דער גרעס־טער פרעזידענט אין דער געשיכטע פון אמעריקע. ער איז צום צווייטן מאָל אויסגעוויילט געוואָרן מיט אַן אומגעהויערער מער־הייט. — קול המון, כקול שדי! — די שטים פון פאָלק איז ווי די שטים פון גאָט.

א זיגער איבער רעאַקציע, א זיגער איבער אַלע פינסטע־רע קרעפטן, — שטייט ער איצט א שמייכלענדיקער, אונזער פרעזי־דענט פרענקלין ד. רוזוועלט, אויפן שוועל פון א נייעם פיר־יאָריקן טערמין אַלס דער פירער פון דער גרעסטער און רומרייכסטער רע־פּובליק אין דער וועלט.

קיינער קאָן אזוי נישט לאַכן, ווי פרענקלין ד. רוזוועלט! א שלאַנקער, מיט א פּנים, וואָס באַצויבערט אייך, לאַכט ער דער גאַנצער רעאַקציע אין פּנים אַריין. זיין לאַכן קלינגט אין אַלע פּעסימיסטישע לענדער, ווי דאָס דונערן פון הארמאַטן. ער לאַכט, און זיינע קלוגע אויגן דרינגען דורך אַלע באַהעלטענישן פון די וועלט־פּאַרשלינגער. ער פילט דעם כּוח פון זיין פאָלק, ער ווייסט, אַז ווען ער רעדט, רעדט אַמעריקע!

דאָס גרעסטע וואונדער פון אַלע וואונדער איז, וואָס דער קעמ־פער פאַר יושר און מענטשלעכקייט שטאַמט נישט פון די אָרעמע מאַסן, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיטן פּרעזידענט אייבראַהאַם לינקאָלן, דעם באַפרייער פון די נעגער. ער, דער איצטיקער פרעזי־דענט, האָט אין זיין קינדהייט נישט פאַרזוכט דעם טעם פון עקאָ־נאָמישער נויט, איז דערצויגן געוואָרן אין רייכטום, און מען פלעגט אָפט זאָגן, אַז ער איז געבוירן אין א „גאָלדענעם העמדל", מיט א זילבערן לעפעלע אין זיין מויל, ווייל אים האָט קיינמאָל גאָרנישט געפעלט. ער האָט תּמיד געלעבט אין שפע — צו פּיל, און דאָך פאַרשטייט ער אַמבעסטן די נויטן פונם האָרעפּאַשניעם און „פאַרגעסענעם מענטש". נאָר אזא, וועלכער האָט געירשנט די עקשנות פון אַן אַריסטאָקראַטישער, אָבער קאַמפּסלוסטיקער האָ־לענדישער פאַמיליע, וועמענס שטאַם־פאָטערס זענען געקומען אַהער מיט עטלעכע הונדערט יאָר צוריק, נאָר אזא, וועלכער איז געבוירן

נישט נאָר מיט אַ זילבערן לעפעלע אין מויל, נאָר אויך מיט אַ זילבערנער צונג, האָט געקאָנט דורכגיין אַזאַ מוראדיקן שטורם און אַרויסקומען אַ געלייטערטער און שמייכלענדיקער, ווי רוזוועלט האָט עס באַוויזן.

שוין 292 יאָר, ווי די רוזוועלטס וווינען אין אַמעריקע. אין 1658 איז דעם איצטיקן פּרעזידענטס עלטער־עלטער־עלטער־עלטער זיידע, ניקאָלאַס רוזוועלט, געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע. ער איז געווען דער זון פון קלאָוס פאָן ראָזענוועלט, אַ האָלענדישער עמיגראַנט, וועלכער האָט זיך באַזעצט דאָ אין 1644. „ראָזענוועלט״ מיינט אין האָלענדיש אַ פעלד פון רויזן און דערפון האָבן עס די אַנטיסעמיטן געקרוינט דעם איצטיקן 32־טן פּרעזידענט פון אַמעריקע, פרענקלין ד. רוזוועלט, אַלס „אַ ייד מיט דעם נאָמען ראָזענפעלד״. דער 26־טער פּרעזידענט, — טהעאָדאָר רוזוועלט, איז געווען אַ קוזין פון פרענקלין ד. רוזוועלט, אָבער נאָך מיט 16 יאָר צוריק האָבן „טעדי״ רוזוועלטס קינדער זיך אָנגעהויבן „בלאָזן״ קעגן דער זעלבער יחוסדיקער פאַמיליע. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל „טעדים״ קינדער האָבן נישט געהאַלטן פון די דרכים, אויף וועלכע דער יונגער פרענקלין ד. רוזוועלט האָט זיך פאַרקערעוועט. זיי האָבן געהערט פון אים ווערטער וועגן יושר און רעכט, ווען ער איז געווען אַ סטודענטל, וואָס איז זיי נישט געפעלן געוואָרן, ער האָט זיך צופיל געחברט מיט די פּראָסטע, אָרעמע מענטשן, וואָס דאָס איז זיי, די קינדער פון פּרעזידענט, נישט אָנגעשטאַנען.

פּרעזידענט רוזוועלט איז געבוירן געוואָרן אין הייד־פּאַרק, ניו־יאָרק, ווו זיין מוטער וווינט ביז איצט. ער איז געבוירן געוואָרן דעם 30־טן יאַנואַר, 1882. זיין ערשטע דערציונג האָט ער באַקומען אין אַ פּריוואַטער שול פאַר יינגלעך, אין גראָטאָן. אין דער דאָזיקער שול האָבן געלערנט די קינדער פון די גרעסטע אַריסטאָקראַטן. פון יענער שול איז ער אַריין אין האַרוואַרד־אוניווערזיטעט, ווו ער האָט גראַדואירט אין יאָר 1904. פון דאָרט איז ער אַריין אין קאָלאָמביא־אוניווערזיטעט, ווו ער האָט שטודירט אַלס אַדוואָקאַט, און אין 1907, האָט ער פאַרענדיקט זיין שטודיום. ער האָט גלייך אָנגעהויבן פּראַקטיצירן „לאָו״, אַדוואָקאַטור, אין ניו־יאָרק.

אלס אדוואָקאַט האָט ער געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. ער האָט זיך דווקא געחברט מיט די סאַמע אָרעמסטע אדוואָקאַטן, מאַנכע פון זיי געדענקען אים און אַכטן אים אַלס מענטש, אַלס קאָלעגע און חבר. אַלע האָבן וועגן אים אַ געהויבענע מיינונג. אין אַלע צייטונגען, אין אַלע זשורנאַלן האָט מען אין דער צייט פון די וואַלן איבערגעדרוקט די ביאָגראַפיע פון פּרעזידענט רוזוועלט. איך גלויב, אַז די יידישע לייענער וועט דאָס אויך אינטערעסירן, — אָט וואָס מ'האָט געשריבן וועגן פּרעזידענט רוזוועלט:

מיט 24 יאָר צוריק איז ער געוואָרן אַקטיוו אין דאָרטיקן פּאָ־ ליטישן לעבן, און ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס שטאַט־סענאַ־ טאָר אין אָלבאַני. דעם פּאָסטן האָט ער פאַרנומען בלויז דריי יאָר. אין 1913 איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס אַ געהילף־סעקרעטאַר פון דער נייווי, אין ווילסאָנס ערשטער אדמיניסטראַציע. די רוז־ וועלט־פאַמיליע האָט שוין געהאַט אַ טראַדיציע צו פאַרנעמען דעם אַמט אין וואַשינגטאָן. דער איצטיקער פּרעזידענט האָט איינ־ געהאַלטן דעם אַמט ביזן סוף פון ווילסאָנס צווייטן טערמין.

דער פּרעזידענט איז געווען זייער אַקטיוו בעתן וועלט־קריג. ער איז צוויי מאָל געפאָרן קיין אייראָפּע, כּדי נאָכצוזען די קריגס־ אָפּעראַציעס פון די אַמעריקאַנישע מיליטערישע קרעפטן, און ער איז געווען איינער פון ווילסאָנס נאָענטסטע מיטאַרבעטער אין יע־ נע קריטישע יאָרן.

אין 1920 האָט ער רעזיגנירט פון זיין אַמט. דעם אייגענעם יאָר האָט אים די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי נאָמינירט אַלס וויס־ פּרעזידענט־קאַנדידאַט. דער פּרעזידענט־קאַנדידאַט איז דעמאָלט גע־ ווען דער גאָווערנאָר קאָקס, פון אָהייאָ. האַרדינג האָט אָבער באַ־ זיגט דעם דעמאָקראַטישן צעטל, און רוזוועלט האָט אויף אַ געווי־ סער צייט, צוליב זיין געזונט־צושטאַנד, זיך צוריקגעצויגן פון אַק־ טיווער פּאָליטיק. פון 1924 ביז 1933 האָט ער פּראַקטיצירט אַד־ וואָקאַטור אין ניו־יאָרק.

אין 1928 האָט אים די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אַרויסגע־ שטעלט אַלס קאַנדידאַט פאַר גאָווערנאָר פון שטאַט ניו־יאָרק, און

עס איז אינטערעסאַנט, אַז אַל סמיט, וואָס איז היינט איינער פון רוזוועלטס שאַרפסטע קעגנער, און האָט געקעמפט מיט אַלע כּוחות קעגן זיין ווידער־דערוויילונג, איז אַכט יאָר צוריק געווען דער יע־ניקער, וואָס האָט געאַרבעט דערפאַר, אַז רוזוועלט זאָל ווערן זיין נאָכפאָלגער אין אָלבּאַני.

אין 1930 איז רוזוועלט אויסגעוויילט געוואָרן אויף נאָך אַ טערמין. בּשעתן צווייטן טערמין איז פאָרגעקומען די בּאַרימטע „סיבּור־־אונטערזוכונג" אין ניו־יאָרק, וואָס האָט געפירט דערצו, אַז דער גאָווערנאָר זאָל רופן דעם דעמאָלטדיקן מעיאָר, דזשיימס דזשיי. וואָקער, צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דעמאָלט האָט רוזוועלט זיך איינגעריסן מיט „טעמעני" (אַ לאָקאַלע דעמאָקראַטישע אָר־גאַניזאַציע), און ער האָט נישט געשאַנעוועט זיינע אַלטע פּאַרטיי־פריינט; ער האָט געגלויבּט, אַז יעדער איינער, וואָס פאַרנעמט אַן עפנטלעכן אמט, מוז זיין גרייט אָפּצוגעבּן אַ רעכענונג פאַר זיינע האַנדלונגען און פירונגען.

אין 1932 אין רוזוועלט נאָמינירט געוואָרן אַלס פּרעזידענט און ער איז אויסגעוויילט געוואָרן מיט קנאַפּע 23 מיליאָן שטימען קעגן הוּווערס 15 מיליאָן. דאָס איז געווען איינער פון די גרעסטע דעמאָקראַטישע זיגן אין דער געשיכטע פון לאַנד. אַ כוואַליע פון פאָלקס־בּאַגייסטערונג האָט אַרויפגעטראָגן רוזוועלטן צו דער העכ־סטער פּאָזיציע אין לאַנד.

דער פּרעזידענט איז אַ מענטש פון אַ הויכער אינטעליגענץ, גרויס וויסן, זעלטענעם טאַקט, און ער פאַרמאָגט די וויכטיקע פּע־איקייט צו געווינען די הערצער פון די מאַסן, זיי צו בּאַקענען מיט די גרויסע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פּראָבּלעמען פון דער פּע־דעראַלער רעגירונג.

פּרעזידענט רוזוועלט האָט אַ חוץ אַלעמען אַ געוואַלטיקע לעבּנסקראַפט, אַן אומגעהויערע ענערגיע בּייצוקומען פיזישע שווע־ריקייטן. די געשיכטע פון זיין קראַנקהייט איז אַ וווּנדערבּאַרער בּיישפּיל פון מוט און געדולד.



President Roosevelt

פרענקלין ד. רוזוועלט

---

„I know that Europe's wonderful, yet something seems to lack!
The Past is too much with her, and the people looking back.
But the glory of the Present is to make the Future free — —
We love our land for what she is and what she is to be."

from Henry Van Dyke's poem „America For Me."

אין יאָר 1920 איז ער קראַנק געוואָרן, פון וואָס ער איז שפּעטער געליימט געוואָרן. זייט דעמאָלט האָט ער זיך קורירט און באַקעמפט די שווערע קראַנקהייט. „אינפאַנטיל־פּאַראַליז" איז, ווי באַקאַנט, אַ שרעקלעכע קראַנקהייט, און זי האָט געלאָזט שווערע צייכנס. גייסטיק איז ער אָבער געווען אַ ריז, כאָטש זיין קערפּער איז ערטערווייז געבויגן. עטלעכע יאָר איז ער געגאַנגען אויף קו־ליעס, מען האָט אים געמוזט טראָגן פון פּלאַץ צו פּלאַץ, אָבער איצט באַוועגט ער זיך מיט ווייניק הילף פון זיין „לייב־באַדינער". ער באַנוצט זיך מיט אַ שטעקן, און ווייניק באַמערקן, אַז ער קאָן נישט באַוועגן זיינע פיס און איין האַנט.

מען דאַרף באמת פאַרמאָגן אַ גרענעצלאָזן געדולד און טיפן גלויבן אין לעבן, צו קאָנען דורכטראָגן אַזאַ קראַנקהייט, מיט אַזעל־כע רעזולטאַטן, און דאָך אָנהאַלטן אַזאַ ליכטיקן שמייכל אויפן פּנים, דאָך בלייבן אַזוי פריינטלעך צו דער וועלט און צו טראָגן אויף זיך די לאַסטן פון פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

רוזוועלט האָט חתונה געהאַט באַלד נאָכדעם, ווי ער האָט גראַדואירט פון האַרוואַרד, אין 1904. ער האָט פינף קינדער, פיר זין און איין טאָכטער. ער איז אַ „מעיסאָן" (מאַסאָן) און געהערט צו דער עפּיסקאָפּאַלישער קירך.

דער פּרעזידענט האָט געוויזן אַ ביישפּיל, אַז די אמתע פּע־איקייטן פון מענטשן אַנטפּלעקן זיך נאָך דאַן, ווען ער דערגרייכט דעם העכסטן שפּיץ פון זיין קאַריערע. מען האָט פריער אויך גע־וווּסט, אַז ער איז אַ קלוגער און געבילדעטער מענטש, אָבער אַ סך פון זיינע מעלות זענען ערשט דערקענט געוואָרן, ווען ער האָט זיך געזעצט אויפן פּרעזידענטן־שטול.

ערשטנס האָט ער באַוויזן, אַז ער שרעקט זיך נישט אָפּ פאַר עקספּערימענטן. ער איז געקומען מיטן לאָזונג פון אַ נייעם דיל צו אַמעריקע. ער האָט באַלד באַגריפן, אַז כדי צו ראַטעווען דאָס לאַנד פון דעם אומגעהויערן קריזיס, מוז מען זיך לאָזן אויף נייע וועגן. שוין אין זיין ערשטער שבועה־רעדע האָט ער אָנגעזאָגט

אַ קאַמף די „געלט־בייטער״, און זיי געוואָרנט, אַז „זיי וועלן אַרויסגעטריבן ווערן פון טעמפּל״. אמת, ער האָט אָנגעשראָקן אַ סך קאָנסערוואַטיווע עלעמענטן, וואָס קאָנען זיך נישט אָפּרייסן פון די אַלטע טראַדיציעס, אָבער ער האָט געוווּסט, אַז מען מוז זיך צופּאַסן צו די נייע צייטן.

ער האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן אַלס איינער פון די בעסטע רעדנער, וואָס אַמעריקע פאַרמאָגט. זיין שפּראַך איז אַ געשליפענע און קאָן זיך פאַרגלייכן מיט די קלאַסישע אָראַטאָרן פון דער ענגלישער שפּראַך, אָבער גלייכצייטיק איז זי איינפאַך, אַז יעדער איינער קאָן פאַרשטיין, וואָס דער פּרעזידענט וויל אַרויסברענגען. בשעת זיין לעצטער וואַל־קאַמפּאַניע האָט ער געהאַלטן אַ רעדע וועגן בודזשעט און שטייערן. דאָס איז אַזאַ טרוקענער ענין, אַז אַפילו גוטע רעדנער ווערן לאַנגווייליק, ווען זיי באַהאַנדלען דעם ענין. ער האָט אים אָבער אַזוי צעגלידערט, גערעדט אַזוי בילדלעך וועגן דעם, אַז יעדער איינער, וואָס האָט געהערט די רעדע, איז געווען פאַראינטערעסירט.

אַלס פּאָליטיקער האָט ער אַ גרויסן פאַרנעם. אַלס מענטש האָט ער אַ וועלט מיט חן. אַלס פירער פון לאַנד גייט ער אין די וועגן פון טאָלעראַנץ און סימפּאַטיע, לויט דער אַמעריקאַנער טראַדיציע. סיי זיינע פריינט און סיי זיינע קעגנער גיבן־צו, אַז זיין פּרעזידענטשאַפט וועט לאָזן גרויסע צייכנס אויף דער קעגנוואַרט און דער צוקונפט פון אַמעריקע.

פרענקלין ד. רוזוועלט איז איינער פון אונזערע פאָלקס־פירער, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען געקריוודעטע פעלקער. דאָס איז איינער פון זיינע גרעסטע פאַרדינסטן אַלס מענטש. סיי אַלס פּריוואַטער בירגער און סיי אַלס פּרעזידענט האָט רוזוועלט תמיד פאַרקערפּערט די בעסטע אַמעריקאַנער טראַדיציעס. ער האָט תמיד אָפּגעהיט אין זייער גאַנצקייט די אַמעריקאַנער באַגריפן פון אמתער גלייכהייט און פולער פרייהייט — אַ פרייהייט אומבאַפלעקט מיט וועלכער נישט־איז אומטאָלעראַנץ. רוזוועלט איז אַ נאָכפאָלגער פון אַ גאַנצער רייע פּרעזידענטן, פון מאַרטין וועו־ביורען ביז וודראָו ווילסאָן, וועלכע

האָבן באַנוצט זייער איינפלוס צו פאַרבעסערן די לאַגע פון באַלעם־טיקטע מיעוטים, דער עיקר פון יידן, אין אַ סך לענדער.

די טראַגעדיע, וואָס האָט געטראָפן די יידן אין דייטשלאַנד, האָט דערוועקט מיטלייד צו די קרבנות איבער דער גאַנצער וועלט. אַ געוויסע צאָל דייטשע יידן זענען געווען באַרימטע שטאַטסלייט, און פּרעזידענט רוזוועלט איז געווען איינער פון די, וועלכע האָבן געפילט אַמטיפסטן דעם אומבאַגרענעצטן עלנט פון היטלערס קרבנות. אַלס פּרעזידענט, אַלס שטאַטסמאַן, האָט ער נישט גע־קאָנט אַזוי האַנדלען, ווי מיר פּשוטע מענטשן דערוואַרטן, ער איז אָבער נישט געווען גלייכגילטיק צו דעם אָנפאַל פון נאַציס אויף יידן. אַלס אַמעריקאַנער, וואָס אים איז דערווידער יעדער סאָרט אונטערשיד צווישן ראַסע אָדער נאַציאָנאַליטעט, האָט ער ביי פיל געלעגנהייטן געלאָזט פילן זיין ווידערשטאַנד. אין אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין סאַן־דיעגאָ, דעם צווייטן אָקטאָבער 1935, האָט ער אָפן דערקלערט:

„אונזער נאַציאָנאַלער באַשלוס אויסצומיידן אויסלענדישע מלחמות און אויסלענדישע פאַרבינדונגען הייסט נישט, אַז מיר קאָנען זיין גלייכגילטיק, ווען פאַר אונזערע אויגן ווערן פאַרלעצט אידייען און געדאַנקען, וועלכע מיר האָבן אַזוי לאַנג געשעצט".

„אין די פאַראייניקטע שטאַטן גלויבן מיר שטאַרק אין דעם רעכט פון יעדן מענטשן צו דינען זיין גאָט אין הסכם מיט זיין געוויסן. אין משך פון אַנדערטהאַלבן יאָרהונדערטער איז אונזער פאָן געווען דער סימבאָל פון פרייען געוויסן און פון רעליגיעזער פרייהייט און גלייכהייט, און אָט די פּרינציפּן זענען טיף איינגע־וואָרצלט אין אונזער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. עס איז אמת, אַז אַנ־דערע פעלקער מעגן, ווי זיי טוען עס, דורכפירן געזעצן וועגן גע־וויסן, וואָס זענען פונקט דער היפוך פון אונזערע. עס איז אמת, אַז מיר קאָנען נישט קאָנטראָלירן די אינערלעכע פּאָליטיק אין אַנ־דערע לענדער, דאָך בלייבן מיר ביי אונזער שטאַנדפּונקט און מיר פאַרזיכערן פאַר אונז די פרייהייט צו לעבן אין הסכם מיט די פּרינציפּן, פאַר וועלכע אונזער פאָלק איז אַזוי לאַנג געווען און פאַרבלייבט אַ נאָבעלער סימבאָל".

ווען מ'האָט אין יאָר 1934 געגרינדעט דעם אַזוי אָנגערו־
פענעם „גלות־אוניווערזיטעט", וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון די
אַרויסגעטריבענע דייטשע פּראָפעסאָרן אין ניו־יאָרק, האָט פּרעזי־
דענט רוזוועלט ווידער געלאָזט הערן זיין שטימע. ער האָט צוגע־
שיקט אַ טעלעגראַמע, וואָס וועט אַריין אין דער אַמעריקאַנער גע־
שיכטע. די טעלעגראַמע לייענט זיך אַזוי: „די פּרינציפּן פון וויסנ־
שאַפטלעכער פרייהייט, אַ פרייהייט, אָן וועלכע עס איז רעליגיעזע
אָדער ראַסן־באַגרענעצונגען, איז טיף איינגעוואָרצלט אין דער
אַמעריקאַנער טראַדיציע. זינט דעם געבורט פון אונזער רעפּובליק
זענען אונז געווען צום האַרצן געלערנטע פון אַנדערע לענדער,
וועלכע זענען געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן זייער היימלאַנד צו־
ליב אומשטענדן, וואָס זענען פרעמד אין אַמעריקע. מאַנכע פון
אונזערע באַרימטע פּאַטריאָטן און געלערנטע זענען געקומען אין
אונזער לאַנד אין 1848. זיי האָבן מיט זייער למדנות און גייסט
באַרייכערט אונזער גאַנץ פאָלק".

„מיך פרייט דער געדאַנק, אַז אין אייער פאַקולטעט זענען
פאַרייניקט די דריי גרויסע רעליגיעס — די פּראָטעסטאַנטישע, קאַ־
טוילישע און יידישע. איינער פון די פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן פון
אמתן אַמעריקאַניזם איז, אַז אַלע רעליגיעס זענען באַרעכטיקט צו
גלייכער אַכטונג. די פרייהייט פון יעדן מענטשן צו דינען זיין גאָט
אין הסכם מיט זיין געוויסן, מיינט דעם מענטשנס פּאָליטישע סאָ־
ציאַלע און גייסטיקע פרייהייט, וואָס שטעלן צוזאַמען דעם פונדאַ־
מענט פון אונזער נאַציאָנאַלן לעבן".

אין אַ רעדע, וואָס רוזוועלט האָט געהאַלטן אין טשאַטוקוואָ,
דעם 15־טן אויגוסט 1936, האָט ער געזאָגט: „אַ פינסטערע, אַלטע
וועלט איז פאַרניכטעט געוואָרן אין קאַמף צווישן רעליגיעס.
אַ פינסטערע נייע וועלט שטייט פּנים אל פּנים מיט מלחמות צווישן
עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פאַנאַטישע גלויבנס, אין וועלכע עס
איז אויך אַריינגעפּלאָנטערט ראַסן־האַס".

צום ערן־באַנקעט פון דזשיימס מעקדאָנאַלד, דעם געוועזענעם
פעלקער־בונד־קאָמיסאַר פאַר דייטשע היימלאָזע, ווען מען האָט

דאַן געשענקט דעם יידישן מעדאַל, האָט דער פּרעזידענט צוגעשיקט פאָלגנדן בריף:

„דאָס באַשענקען אייך מיט דעם יידישן מעדאַל וואַרפט אַ באַזונדער ליכט אויף דער געשעעניש. די אַנטוויקלונג פון אַ בע־סערער פאַרשטענדעניש אין אַמעריקע צווישן קריסט און ייד איז אַ זאַך, וואָס פאַרדינט די פולסטע אנערקענונג".

א פּרעזידענט, וואָס האָט אַזעלכע ליכטיקע באַגריפן, איז אַ מענטש מיט אַ הויכער און ריינער נשמה. ער פאַרדינט די ליבע און די אכטונג פון אַלע מענטשן, וואָס ליבן — מענטשלעכקייט און פרייהייט.

# אינהאַלט:

זייט

